צו

ר ו ת ן,

וואָס האָט אויפגעזויגן אין בלוט

פון

ב ו ע ז ן

# קאַפּיטל איינס

מיט זאַטקייט פון יאָרן און פון אַרבעט איז דער אַלטער בּיל ווילס געזעסן אויף דער וועראַנדע פון זיין דריישטאָקיק ווייס הויז, וואָס איז געשטאַנען אַליין צווישן געבערגלטע פעלדער און גערטנער. ער איז געזעסן געשטרעקט, זיך נישט באַוועגט. זיינע צונויפגעפרעסטע ליפּן האָבן געלאָזן געזויגן די ליולקע. ער האָט געפילט אויפן האַרטן לייב די פרישקייט פון יויסן, דינעם העמד און די וואַרעמקייט פון זון, וואָס האָט שטיל־פּאַרטראַכט אַראָפּגעקוקט פון מיטן הימל. אין אים — איז געווען רויקייט פון פעטער ערד, פון וועלכער מען האָט שוין אַראָפּגענומען די תבואה.

ס'איז געווען זונטיק און ס'איז געווען שוין נאָכן זומער.

איצט האָבן פעלדער און גערטנער געדרימלט מידע און צופרידענע, ווי געווינערינס נאָכן געווינען. די ביימער האָבן גערוט ווי נאָך שווערער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט, און די בלעטלעך זענען געהאָנגען גערויטלטע, פאַרטאַיעטע, דערוואַרטנדיק מיט זקנישן נייגער די לעצטע מינוטן פון איבערוואַקסונג. די שטילקייט פון יונגן האַרבסט איז אויפגעגאַנגען מיט געפּרעסט געזאַנג.

דעם אַלטנס קלאָרע, בלויע אויגן האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט. זייערע בליקן האָבן מיט פייגלשער שאַרפקייט געוואַנדערט איבער די פעלדער, וואָס זיינע אייגענע הענט האָבן

אין פאַרלויף פון יאָרן „אויפגעבראָכן" און באַארבעט. די ברע־מען האָבן זיך צוזאַמענגעקנייטשט: אויף אַ ווײַלע איז געקו־מען דער ריח פון פאַרגאַנגענע צײַטן; פון שווערער פּראַצע; פון טעג געבויגן איבערן אַקעראײַזן; פון נעכט אָנגעטרונקענע מיט זאָרג. דער ריח איז דורכגעלאָפן, די ברעמען האָבן נאָכ־געלאָזט דעם קנייטש און נצחון האָט אויפגעלויכטן אין די אויגן.

זײַן בליק האָט דערבלאָנדזשעט צום קײַלעכדיקן באַרג, וואָס איז געשטאַנען אָן אָנגעכמורעטער מיט גרויער, זאַמדיקער יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אײנציקע דינע, קלײנע ביימלעך האָבן זיך אין אים אײנגעגעגלט און האַלטן זיך קוים. אָט דעם באַרג האָט ער נישט געקענט „אויפברעכן". קײנער וועט עס שוין נישט קענען. ס'איז גאָר קײן ערד נישט. ס'איז האַרטער שטײן איבערגעדעקט מיט זאַמדשיכט. אײביק שטײט ער אַזוי, אָט דער שטײנערנער באַרג. שטײט אַ פאַרשלאָסענער, אַ פאַרהוילענער, האַלט אין זיך פאַרבאָרגן אַ סוד פון אײביקײט און אײביק וועט ער שוין אַזוי שטײן. וואָס זשע האָט דער פרעמדער מאַן דאָרט געוואָלט? וואָס אַזוינס האָט ער דאָרט געזוכט?

מיט עטלעכע טעג צוריק. ס'איז שוין געווען באַלד אָוונט און דער רויטער דזשאַן — אָט דער נידעריקער, ברײטבײנער־דיקער יונג, וואָס האָט זײַן פאַרם אַ שטיק וועג ווײַטער און נידעריקער — האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט זײַן מאַשינדל:

— האַלאָ, ביל!

דער אַלטער ווילס האָט געלאָזן אויסגעדרייט דעם קאָפּ:

— האַלאָ! וואָס הערט זיך, דזשאַן?

— אַ גרוס דיר, ביל... פון דײַן באַרג אַ גרוס.

דער אַלטער האָט צונויפגעזשמורעט די אויגן. געפּילט הײסן אָטעם. געשוויגן. געקוקט אַ ווײַלע. געטראַכט:

ער וויל טרײַבן שפּאַס. מיט אַ שטיקל צײַט צוריק האָט דזשאַן געזוכט צו קויפן בײַ אים אַ שטיקל ערד און ער האָט אים פאַרגעלײגט דעם באַרג... דער באַרג ברענגט קײן נוצן נישט.

— האָסט גערעדט מיט אים?
דזשאַן האָט זיך צעשמייכלט:
— כ׳בין אים נאָר-וואָס פאַרבייגעפאָרן.
— איז וואָס? ווילסט אים אפשר קויפן?
— ווערסט דען אַזאַ גוטע ערד פאַרקויפן?
— צו אַזאַ פּריינט, ווי דו, דזשאַן!
— אַן שפּאַסן... אַ פרעמדער מאַן איז דאָרט... זעט אויס אַ שטאָטישער.
— ער וועט אים נישט אַוועקנעמען.
— זיכער נישט. צו וואָס טויג ער אים? נאָר עפּעס האָט ער זיך דאָרט „געבאַדערט": געמאָסטן, געגראָבן...
— און גאָלד געפונען?
— דאָס ווייס איך נישט. נאָר עפּעס זוכט ער דאָרט. אפשר אַן אוצר? אַז ער וועט קומען קויפן —
— ווערסטו קריגן „קאָמישן"...
— „דעטס רייט"...
דזשאַן האָט געוויס געשפּאַסט. וואָס איז דאָרט פאַראַן צו זוכן? שטיין! סיידן אַ הויז דאָרט אַוועקשטעלן — דאָס איז אויך שווער.
פון הויז האָט זיך דערטראָגן אַ קול, וואָס האָט אַ זינג געטאָן. דעם אַלטנס איינגעפאַלן בראָנדז-פּנים האָט אויפגעלויכטן מיט אַ שמייכל:
„עליזאַבעט".
נאָך אַלעמען איז זייער גוט, וואָס דער זומער איז אַוועק; וואָס זיין הויז איז ליידיק פון טוריסטן און איבער די פעלדער האָט דער רעש איינגעשטילט. און ס׳איז זייער גוט, וואָס עליזאַבעט איז צוריק אין דער היים. דאָס האָבן אירע הענט דאָך אויסגעפרעסט דאָס העמד, וואָס ער טראָגט איצט אויף זיך.
ער האָט אַ באַוועג געטאָן מיט די אַקסלען. געהאַט דאָס געפיל: נישט דאָס העמד, נאָר דעם אייניקלס ווייכע הענט גלעטן אים.
פאַראַיאָרן אין דער צייט, ווען די לעצטע טוריסטן זענען

אוועק, איז עליזאַבעט אויך אוועק אין שטאָט אַריין. ער האָט געוואוסט, אַז זי קלייבט זיך צו פאָרן, און ער האָט געשוויגן. איינמאָל נאָר איז ער אַריינגעגאַנגען צו איר אין צימער און געפרעגט:

— דו פאָרסט אין שטאָט, עליזאַבעט?

קיינמאָל וועט ער נישט פאַרגעסן, ווי זי האָט געקוקט אויף אים. ס'איז געווען אַזאַ וואַרעמקייט און ליכטיקייט אין אירע ברוינע אויגן. און געבעט איז געווען אין זיי, אַז עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ. אָט אַזוי האָט אַמאָל געקוקט אויף אים מילדרעט, די מוטער אירע, איידער זי איז געשטאָרבן. ער איז געקומען צו איר אין שטאָט אַריין זי געוואָר ווערן, און זי איז געלעגן קראַנק. נאָר אין עליזאַבעטס פּנים איז געווען פרייד, האָפענונג.

— דיין מוטער עליזאַבעט איז ביי מיר אַן איינציקע טאָכטער געווען.

— כ'ווייס, זיידע.

— איצט ביזטו מיין איינציקע.

— איך ווייס.

— און דו פאָרסט אין שטאָט?

— איך קען נישט בלייבן, זיידע... איך וויל פאָרן.

— טאָ פאָר... נאָר אויב דיר וועט דאָרט שלעכט זיין — קום צוריק.

ער האָט איר געגעבן געלט. עליזאַבעט האָט אים געקושט און געוויינט. ער האָט געשמייכלט מיט אַ ציטערדיק האַרץ:

— וויין נישט, נאַריש קינד.

ווי כמורנע דער ווינטער איז געווען. ס'אַר אַן עלנט עס האָט געוויינט פון די פעלדער אַראָפּ. ווער האָט דען געהערט זיין געוויין? קיינער נישט. אפילו די אַלטע האָט נישט געהערט. אַז די אַלטע האָט זיך געווישט די אויגן — האָט ער פון איר געלאַכט:

— ביזט אַ נאַר, אַלטע. עליזאַבעט איז פאַר דער שטאָט...
זי איז שיין, קלוג, פריילעך... זי איז צו גוט פאַר די בערג...
— זי פעלט אַזוי שטאַרק.
— ביזט אַ נאַר, אַלטע... זי וועט נאָך קומען...
זי איז צוריקגעקומען אין אָנהייב פרילינג. זי איז געוועזן אָנגעטאָן שיין, אין שטאָטישע קליידער. נאַר דאָס פּנים איז געווען מיד, באַדעקט מיט טרויער. די פריילעכקייט — אויסגעלאָשן. די אויגן האָבן נאָך אַלץ געלויכטן, אָבער נישט מיט קיין פרייד. ווי קראַנקע האָבן זיי געלויכטן. די אַלטע האָט זיך צעוויינט:
— ווי דו זעסט אויס, פייגעלע מיינס!
ער אָבער האָט געלאַכט:
— ביזט געקומען, עליזאַבעט... ס׳איז זייער גוט, וואָס ביזט געקומען... איצט וועסטו דאָך שוין דאָ פאַרבלייבן...
— איך דענק אַזוי.
זי האָט געשמייכלט, ווי זי וואָלט געווען אויפגעקומען פון אַ שווערער קרענק.
די אַלטע איז געווען צעטומלט. האָט געוואָלט וויסן:
— וואו ביזטו געווען די גאַנצע צייט, קינד מיינס?
— אין שטאָט.
— דאָס ווייס איך... אָבער וואָס האָסטו דאָרט געטאָן? וואָס האָבן זיי דאָרט פון דיר געמאַכט?
דער אַלטער האָט זיך צעבייזערט:
— לאָז אָפּ, אַלטע!.. איצט איז עליזאַבעט צוריק אינדערהיים. איז דאָס ווייניק, אַלטע?
ער האָט צו איר געשמייכלט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזויפיל דאַנק, אַז אין זיין האַרצן האָט זיך אַ קלאָר טייכל צעפליסטערט.
דער אַלטער האָט איר גאָרנישט געפרעגט. פּונקט אַזוי ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געהאַט אַוועק. פון אַ זייט בלויז האָט ער איר נאָכגעקוקט מיט פאַרבאָרגענעם פיין. געפילט: דאָס קינד טראָגט ווייטיק אין האַרצן; פרעמד בענקע

ניש אין די גלידער. געווען: זי שווייגט און איז פרעמד דאָ אין הויז. האָט עס זיין הארץ צוזאַמענגעדריקט, נאָר ער האָט געשוויגן. ווען זי האָט אויסגעקערעוועט צו אים די אויגן — האָט ער שטיל געשמייכלט, און זי האָט פארהוילן אַראָפּגעשלונגען אַ זיפצל. ער האָט געוואַרט, זי זאָל זיך אויסהיילן פון דער שטאָט און זיך באַרויקן. און זי האָט זיך באַרויקט. זי האָט צוריק דערפילט די היימישקייט פון הויז, פון די פעלדער און בערגלעך; האָט צוריק אָנגעטאָן די פריערדיקע קליידער, געגאַנגען באָרוועס צום טייך כאַפּן פיש, האָט גענומען פאַרגעסן די צייט, וואָס זי איז דאָ נישט געווען, און צוזאַמען מיטן פרילינג אָנגעהויבן בליען. אין אירע באַקן האָט זיך אָנגעגאָסן שטילע פרייד, און די אומרו איז אַרויס פון אירע אויגן. נישט מער — די אויגן זענען געוואָרן גרעסער, ברוינער און שטילער. ווידער האָט פריילעכקייט גענומען ריזלען אין איר לייב, נאָר צו די טוריסטן האָט זי זיך געהאַלטן פרעמד... און איצט זינגט זי... זי גרייט דאָרט דעם טיש און זינגט... איצט איז זי געוויס אָנגעטאָן אין ווייסן זונטיק-קלייד...

צערטלעכע וואַרעמקייט האָט געפּלייצט אין אַלטנס הארץ: ער וועט אַריינגיין, וועט זיך אַוועקשטעלן, וועט שווייגנדיק און שמייכלענדיק קוקן אויף איר...

דער אַלטער ווילס האָט זיך אויפגעשטעלט. די וויגשטול איז צוריקגעפאַלן און זיך צעשאָקלט. ער איז אַ ווילע געבליבן שטיין אַ הויכער, אַ דינער, מיט לענגלעך פּנים און געדיכטע, גרויע האָר, וואָס זענען איצט געלעגן געפּרעסט צו זיין קאָפּ. ער האָט אַלץ נישט אַרויסגעלאָזט די ליולקע פון מויל און זיין בליק איז דורכגעלאָפן איבער דער שטילער געגנט. האַ? ווער פאַרט עס דאָרט? איז דען איצט אַ צייט פאַר טוריסטן?

דער שמאָלער, שטויביקער וועג, וואָס איז געלעגן פאַרן הויז, איז געלאָפן באַרג-אַראָפּ. הינטן האָט ער זיך שאַרף אויסגעבויגן אויף לינקס, פאַרפאַלן געוואָרן אין דער נידער, דערנאָך זיך ווידער אַרויסגעהויבן. זיך געלייגט אויף אַ בערגל און

ווידער זיך אַראָפּגעלאָזט. אַז מען האָט געקוקט פון הויז, איז אויסגעקומען, אַז דאָס זענען צוויי באַזונדערע וועגן. איצט האָט זיך פון דער נידער געהויבן שטויב. ווען דער שטויב האָט דערגרייכט צום בערגל, איז אַ מאַשין אַרויפגעקומען. זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט, און אין טאָל האָט דער שטויב געראוויכערט און זיך גערוקט צום וועג. ווידער האָט זיך באַוויזן די מאַשין. זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער און זיך געלאָזט מיטן וועג, וואָס לויפט צום הויז. דער שטויב האָט זיך געקנוילט, צוריקגעלאָפן. איצט האָט דער אַלטער שוין געקענט זען: אין פראָנט, אין מאַשין, זיצן צוויי מענטשן: אַ מאַן מיט אַ פרוי.

וואוהין פאָרן זיי? דער וועג פירט פאַרביי דעם אַלטנס הויז, פאַרקערעוועט זיך צום שטיין-באַרג און פון דאָרט — אין וואַלדיקן טאָל אַריין, וואו עס קומען זיך צונויף שמאָלע וועגן, וואָס פירן צו אַנדערע פאַרוואָרפענע פאַרמס. ווייטער — פירט דער וועג אין ערגעץ נישט.

וואוהין זשע לויפט די מאַשין?

ער האָט שטיל געשמייכלט:

„זאָל טאַקע דזשאָן האָבן נישט געשפּאַסט? זאָל עס זיין דער פרעמדער מאַן?"

פאַרן הויז האָט זיך די מאַשין אָפּגעשטעלט מיט אַ קרעכץ. פון מאַשין איז אַרויס אַ הויכער, גלייכער מאַן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין טונקל-גרויען אַנצוג און געהאַט אַ קאָפּ געדיכטע שאַטענע האָר, וואָס זענען זיך צעפּאַלן אין ווייכע פּאַסמעס. זיין פּנים איז געווען טונקל, מאַט. די אויגן העל-גרויע, זענען געווען אַ ביסל פאַרזשמורעט. עס האָט געשמעקט פון אים מיט פאַרהוילנקייט און שטילקייט. ער האָט געלאַסן צוגעשפּאַנט צו דער וועראַנדע. איז צוגעקומען נאָענט צום אַלטן:

— זייט מוחל: ביי אייך, זע איך, איז אַ „באָרדינג"-הויז. איז נישט?

זיין קול איז געווען קלאָר, שטיל, אָנגעזאַפּט מיט ווירדע.

— „יעס, סיר" — האָט דער אַלטער געענטפערט מיט דרך-ארץ און דערפילט היימישקייט צו דעם פרעמדן.

— איך בין דאָ מיט מיין פרוי. קענען מיר זיך דאָ אָפּ-שטעלן?

— זיכער... איר קומט פון שטאָט?

— יאָ... מיר ווילן דאָ פאַרברענגען אַ טאָג אָדער צוויי. אַ פיינע געגנט דאָ.

— „יעס"... ס'איז זייער שטיל דאָ.

— מיר קענען באַקומען דאָ אַ צימער. קענען מיר?

— געוויס. און זייער אַ פיינעם צימער.

פון מאַשין איז אַרויסגעקומען די פרוי. אַ מיטלגעוויק-סיקע, אַ שמאָלע. זי האָט געהאַט אַ בלייך פנים און אונטער דער הויט איז געווען שטילע פאַרביסנקייט. דורך די פענסנע-גלעזלעך האָבן אַרויסגעשאַרפט שוואַרצע, גלאַנציקע אויגן. די ליפּן זענען איר געווען פאַרשנורעוועט. האָט זי אויסגעזען: זי טראַכט שטענדיק פון עפּעס אַזוינס, וואָס זי קען עס פאַר קיינעם נישט דערציילן.

דער מאַן האָט אַרויסגענומען פון מאַשין אַ שוואַרץ רענצל אוןביידע זענען אַרויף אויף דער ווערענדע. מען האָט זיך באַקענט:

— מיין נאָמען איז ד"ר טאַנין.

— זייער אָנגענעם. און מיך רופט מען ביל ווילס.

— מאַדאַם טאַנין.

דער אַלטער האָט זיך לייכט פאַרנייגט. די פרוי האָט קוים אַ ריר געטאָן מיטן קאָפּ אין שוואַרצן היטעלע, וואָס האָט פאַרדעקט אַלע האָר אירע. זי האָט לייכט געשמייכלט. נאָר דער שמייכל איז געווען אַ פרעמדער...

פון יענער זייט טיר, וואָס פירט אויף דער ווערענדע, האָבן זיך דערהערט פלינקע טריט און די טיר האָט זיך גע-עפנט, עליזאַבעט איז אַרויסגעקומען. זי איז געבליבן שטיין, ווי זי וואָלט זיך ראַפּטעם אָן עפּעס אָנגעשלאָגן. אַ שלאַנקע, אַ העכערע, מיט ברוין, גלאַט פנים און טונקל-רויטלעכע האָר, איז

זי געבליבן אויסגעשטרעקט. זי האָט געטראָגן אַ דין, ווייס קלייד, וואָס האָט אַראָפּגעזונגען פון איר יונגן, שטייפן גוף. די פּאָלדן אין דער טאַליע האָבן זיך מיט אַנטציקונג געטוליעט צום לייב. די ברייטע אַרבל האָבן אומרויק געציטערט אַרום אירע פולע הענט, וואָס האָבן דורכגעברוינט. זי איז געשטאַנען און די טונקל-ברוינע אויגן אירע זענען געווען אָנגעגאָסן מיט וואונדער. די ליפּן — פולע, אומרויקע זענען געווען עטוואָס צעעפנט.

וואָס איז זי געווען אַזוי פאַרוואונדערט? זי האָט גאָר־נישט פאַרשטאַנען. נאָר דער מאַן איז איר פאַרגעקומען קענטלעך. כאָטש זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט אים קיינמאָל נישט געזען.

— דאָס איז עליזאַבעט... מיין אייניקל... און דאָס איז ד״ר —

— טאַנין! — האָט דער מאַן אונטערגעכאַפּט און אַליין נישט געפילט, ווי אַ שמייכל נעמט בליען אויף זיינע ליפּן.

— זייער אָנגענעם — האָט לויטער און ווייך אַ קלינג געטאָן עליזאַבעטס שטים. זי האָט געפילט אַ פאַרלאַנג אויס־צושטרעקן צו אים די האַנט, נאָר זי האָט עס נישט געטאָן.

— און מאַדאַם טאַנין... וועסט זיי ווייזן דאָס צימער... אויפן צווייטן שטאָק...

— „אָלרייט".

עליזאַבעט איז געגאַנגען פאָראויס אין קאָרידאָר. די צוויי פרעמדע זענען געגאַנגען נאָך איר. מאָדנע: זי האָט כסדר געפילט אויף זיך דעם ווייכן, פאַרבענקטן בליק פון דעם אָנגעקומענעם. האָט נאָך אַלץ געפילט דעם וואונדער אין די אייגענע אויגן און האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען.

זי האָט זיי אַריינגעפירט אין צימער. טאַנין האָט אַוועק־געשטעלט דאָס רענצל. עליזאַבעט האָט שוין געקוקט אויף דער מאַדאַם: אָט דאָ איז אַ „קלאָזעט"... און דאָ אין אָט דעם „קלאָזעט" איז וואַסער. „דינער" וועט זיין פאַרטיק אין אַ שעה אַרום.

זי האָט גערעדט מיט אַ קול, וואָס האָט אין זיך געהאַט דעם טאָן פון ווייכן זילבער אין שטילן פאַרנאַכט; זי האָט געשמייכלט. ווייסע ציין האָבן געבלישטשעט פון צווישן פרישע, זאַפטיקע ליפּן. האָט באַוועגט מיט די הענט און געציטערט האָבן די ברייטע אַרבל. און געציטערט האָבן די טונקל-רויטע האָר, וואָס זענען געלעגן איבער דער גלייכער פּלייצע און געווען אַרומגענומען מיט אַ סטענגעלע ביים נאַקן. און געשפּילט האָבן אירע שטייפע גלידער דורך דעם ווייסן קלייד. און געפּילט האָט זי דעם בליק פון פרעמדן, וואָס טוליעט זיך צו איר.

ווען זי איז אַרויס, איז נאָך ד״ר טאַנין געשטאַנען אין דערזעלבער פאַרגליווערטקייט, האָט געהערט, ווי לייכטע, פלינקע טריט הילכן איבער טרעפּ. אויך ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— וואָס זשע שטייסטו?

דער שמייכל איז אַראָפּ פון זיין פּנים. טונקעלער וואָלקן איז אויף זון אָנגעלאָפן. ער האָט זיך גלייך איינגעבויגן צום רענצל.

— לאָז איצט אָפּ דאָס רענצל, דזשעק.

— כ׳האָב געוואָלט אויספּאַקן די זאַכן.

— נישט איצט.

— נאָר וואָס דען?

— מען דאַרף זיך אַרומוואַשן... „דינער״ איז דאָך באַלד גרייט...

— „אָלרייט...״

# קאַפּיטל צוויי

— געשלאָפן ביי אונז? האַ?

— יאָ... געכאַפּט אַ דרימל.

— ד"ר טאַנין האָט איצט געהאַט אַ לויטער פּנים. ער איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדע מיט אַ ביסל־אויפגעהויבענע אַקסלען און געקוקט מיט קלאָרע, רויקע אויגן אויף דער אַרומיקער געגנט. דער אומעט, וואָס איז געלעגן אויף זיין עט־וואָס איינגעפאַלענעם פּנים — פאַרגליווערטע הויט איבער שווער־אויסגעבענקטן חלום — האָט גענומען שמעלצן, ווי דין אייז־הייטל אונטער הייסער זון. דאָס געזיכט איז געוואָרן ווייכער, היימישער.

— ס'איז זייער שטיל דאָ. איז נישט?

— אָ... זייער פיין דאָ.

וויאַזוי האָט זיך גלייך פאַרבונדן אַזאַ היימישקייט צווישן מענטש פון פעלד און מענטש פון שטאָט? אפשר דערפאַר, וואָס דער אַלטער ווילס האָט דערשפּירט אין פרעמדן דרימלדיקע, הייסע ענערגיע, וואָס רייסט זיך צום אויפוועקן, און דאָס האָט אים דערמאָנט זיינע אייגענע יונגע יאָרן? אפשר דערפאַר, וואָס לעבן אים איז געזעסן זיין אייניקל און איר פּנים איז געווען היינט אויסגעלייטערט און קלאָר, ווי אַמאָל, איידער זי איז אין שטאָט אַוועק?

— זעצט אייך.

טאַנין האָט זיך געזעצט און געשמייכלט. זיינע בליקן — ווייכע און מילדע — האָבן זיך אָנגעשטויסן מיט עליזאַבעטס בליקן. איצט זענען אירע אויגן געווען שטילע, וואָרעמע בור־שטיינען אויף ווייס־בלוילעכן פאָרצעליי. אַ ווײַלע האָבן זיך זייערע בליקן געהאַט צונויפגעפלאָנטערט, האָבן זיך גלייך אָפּגעטיילט, און דאָס מיידל האָט אירע אָוועקגעטראָגן צו די פעלדער, עטוואָס צונויפציענדיק די ברעמען.

די זון האָט זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט נאָענט צום האָרי־זאָנט. דער גרויער קאָפּ פון שטיין־באַרג האָט זיך געהאַט באַ־דעקט מיט קופּער־פלעקן, וואָס האָבן זיך ווי קאַליזשקעס גע־גאָסן פון אָרט צו אָרט. זיך צעגאָסן, צונויפגעצויגן און איבערגע־גאָסן. די רויטע בלעטער אויף די ביימער האָבן איצט געברענט און אין די טאָלן זענען געלעגן שטיקער נאַכט, געלעגן מיט די פּנימער אַראָפּ, זיך געטוליעט צו גרינער ערד, געזונקען אין דרימל.

— די שטאָטישע... אַז זיי קומען אַרויס אַהער, שלאָפן זיי אַסך.

דער אַלטער ווילס האָט דערביי אַרויסגעלאָזט אַ דין גע־לעכטערל, ווי דורך אַ פּייפל. ד״ר טאַנין האָט ערנסט געענט־פערט:

— די שטאָט... דאָס איז אַ קללה... זי מאַטערט שרעק־לעך אויס.

— איר מיינט עס טאַקע?

דעם אַלטנס פּנים איז געוואָרן רירעוודיקער. די בלויע אויגן האָבן זיך צעלויכטן. ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, האָט זיך צוגעבויגן צו טאַנינען. מיט פאַרבאָרגענעם נצחון אויסגערופן:

— אָט דאָס איז עס! אַ קללה!

ווידער אויפגעלאַכט און שוין געלאַסענער:

— מענטשן נעמען זיך צונויף. אַרבעטן שווער און ביי־טער. בויען־אויף אַ ישוב — אַ שטאָט! מיט בריקן, מיט גאַסן, מיט „טראַלעס״, מיט אַ „סיטי־האָל״, מיט „פעקטערים״...

און וואָס ווערט דערפון? זיי אַליין — די מענטשן — ווערן דערנאָך קנעכט ביי דער שטאָט... אָט דאָס איז עס: אַ קללה! אַליין די שטאָט געבויט, און קנעכט געוואָרן ביי דער שטאָט... ווייסן אַפילו פון קיין ביסל רו נישט...

— גוט געזאָגט, מיסטער ווילס!

— פון מיין קינדהייט אָן האָב איך פיינט די שטאָט... אין פעלד — איז עפּעס אַנדערש. האָסט ערד... באַאַרבעטעסט זי... איז זי דיין!..

ס'איז געווען, ווי צופעליק וואָלט אַרויסגעפאַלן דער שפּונט פון אַ פולער פאַס און עס האָט אָנגעהויבן פליִיצן. דער אַלטער האָט זיך צערעדט פון זיין יוגנט. האָט גערעדט רעגלמעסיק, געלאַסן, זאַץ נאָך זאַץ, און מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען, ווי ער וואָלט זיך מיט עמעצן אויסגעטענהט:

ער איז נישט געבוירן געוואָרן אויפן פעלד. דאָס הויז זיינס האָט ער נישט באַקומען בירושה. אויף דער וועלט געקומען איז ער אין וואַלייטאַן; אין שטעטל, וואָס ליגט ביים צוגאַנג צו די בערג. אָבער פון קינדווייז אָן האָט עס אים געצויגן צו די פעלדער אין די בערג. דער פאָטער זיינער האָט פאַרמאָגט ערד, ער האָט זי אָבער קיינמאָל נישט באַאַרבעט. און ווער עס זאָל ביי אים דינגען די ערד איז אויך נישט געווען. ער האָט געהאַט אַ גרויסן „סטאָר", זיין פאָטער. איז געווען רייך און האָט ליב געהאַט דעם „סאַלון". געווען אַ פוילער. האָט אַסך געגעסן, אַסך געטרונקען. דער בויך איז ביי אים געוואַקסן און ער האָט שטענדיק געפּרייכט. אָט ווי אַ קאַטשקע, וואָס מען יאָגט לאַנג נאָך און זי ווערט שטאַרק מיד.

ער האָט געהאַט אַ ברודער, דזשים האָט ער געהייסן איז ער אינגאַנצן געווען געראָטן אין טאַטן. ער האָט זיך אויסגעטויגט אין „סטאָר"; האָט געקענט איינפּאַקן „פּעננסי פּעקלעך... געוואוּסט אָפּצוּוועגן אַזוי, אַז עס זאָל שטענדיק פעלן צו דער וואָג. אין די אָוונטן איז ער — פּונקט ווי דער פאָטער — איבערגעלעגן אין „סאַלון". האָט זיך פאַרוועט אויף-

טרונקען, האָט זיך „געפייט״ און אַרומגעלאָפן מיט מיידלעך. געווען מיט אַנדערטהאַלבן יאָר יונגער פון בילן און האָט אים גע„באָס״עוועט. און ער — ביל — האָט געשוויגן. זיך אַרומ-געדרייט און נישט געהאַט, וואָס צו טאָן. געפילט: די כוחות רייסן זיך פון לייב—און נישט געהאַט וואו אויסצובערנגען זיי. נו, וואָס? „פייטן״ זיך? וואָס וועט דערפון אַרויסקומען?

ד״ר טאַנין איז געזעסן מיט אַ ביסל אַ געעפנט מויל. ס׳איז אים געווען אַזוי היימיש דעם אַלטנס דערציילן. אַזוי אייגן. עליזאַבעט איז אַריין אין הויז, צוריקגעקומען און ווי-דער אַוועק. דער אַלטער האָט אַלץ דערציילט:

שוין אַ גרויסער געווען און אין שטוב דרייט ער זיך אַרום, ווי אַ הונט! די מאַמע האָט געהאַט מיטלייד מיט אים. נאָר דער פאָטער האָט זיך געזידלט. אָט זע: דזשים! ער האַנדלט שוין אַליין אונטער מיט תבואה... קלויבט געלט אין „בענק״... ער וועט נאָך ווערן „מעיאָר״... און דו — וואָס? און די פעלדער ליגן און פוסטעווען, און בילן ציט צו דער ערד. זיינע כוחות רייסן זיך אַהין. און אַזוי איז געווען:

— פאָטער, זאָג איך, איך קען נישט זיין, ווי דזשים.

— וואָס קענסטו יאָ זיין?

— איך וויל גיין אין פעלד.

— „אָלרייט״ — גיי!

— אָבער מיט אַ תנאַי. —

— וואָס אַזוינס?

— דאָס פעלד, וואָס איך וועל „אויפברעכן״, זאָל צו מיר געהערן.

און ביל איז אַוועק פון הויז, כמעט מיט די ליידיקע הענט איז ער אַוועק. די מוטער האָט אים געגעבן אַ ביסל געלט, און ער איז אַוועק אַרבעטן. שווער געווען די אַרבעט, אָבער ער האָט נישט אויפגעגעבן. שפּעטער האָט ער זיך גע-נומען בויען אַ הויז... פאַר זיך אַליין אַ הויז... און אַזוי האָט ער געאַרבעט יאָר נאָך יאָר.

טאַנין האָט געהאַט צונויפגעזשמורעט די אויגן. איז גע-

זעסן געבויגן צום אַלטן, און דער אַלטער האָט נישט געקענט אויפהערן דערציילן. אפשר איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, וואָס ער האָט דאָס אַלץ דערציילט.

ווען דער פאָטער איז געוואָרן אַלט — איז ער איינמאָל געקומען אַ קוק טאָן מיט די אייגענע אויגן, וואָס ביל האָט אויפגעטאָן. אַ פאַרגליווערטער איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף די „אויפגעבראָכענע" פעלדער, אויפן הויז — דעמאָלט אַ קלענער הויז געווען. דער אַלטער האָט געגאַפט... זיך גאָר־נישט געקענט גלויבן אויף בילן...

— וואָס זאָגסטו איצט, פאַפּ? האַ?

ער האָט אַרויפגעלייגט אַ שווערע, פעטע האַנט אויף בילס אַקסל:

— ביזט „אָלרייט", ביל! איצט נעם דיר אַ ווייב און די ערד וועט שוין זיין דיינע... און דזשים — ער איז אויך „אָלרייט"... ער וועט אינגיכן חתונה האָבן. און וועסט זען: ער וועט זיין „מעיאָר" פון שטעטל... ער וועט זיין...

האָט ביל חתונה געהאַט. ער האָט גענומען אַ פאַרמערס אַ טאָכטער, אַ געזונטע, אַ גוטע, אַ באַלעבאָסטע. די אַרבעט איז געוואָרן גרינגער. אינגיכן איז דער אַלטער געשטאָרבן. פאַרן טויט האָט ער געלאָזט געשריבן און געחתמעט: די גאַנצע ערד — בילן. דעם „סטאָר"—דזשימען.

— און אָט זענען די פעלדער מיינע. ציען זיך ביז נאָך אָט יענעם באַרג... און אָט איז מיין גרויס הויז... ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעבויט... געאַרבעט שווער אַלע יאָרן— אָבער ס'איז דאָ אויף וואָס צו קוקן...

עליזאַבעט איז צוריקגעקומען. איז געבליבן שטיין הארט לעבן זיידן. האָט די רעכטע האַנט אַוועקגעלייגט אויף זיין אַקסל:

— דערציילסט נאָך אַלץ? וועסט דאָך אַ מענטשן פאַר־מאַטערן.

טאַנין האָט צוגעוואָרפן אַ וואַרעמען בליק. וואָס פאַלט איר איין, עליזאַבעטן? ס'איז „אָלרייט"... ס'איז אים זייער

אינטערעסאַנט... אַט איז אַ מענטש מיט ענערגיע און מיט אַ שטאַרקן ווילן. נו, און דזשים? וואָס איז געוואָרן פון דזשימען?

— וואָס עס ווערט פון אַסך אַזעלכע לייט.

אָן באַדויערן, ווי דזשים וואָלט אים קיינמאָל קיין ברודער נישט געווען, האָט דער אַלטער דערציילט, דערביי אַפילו געשמייכלט:

דזשים האָט חתונה געהאַט... גענומען אַ ווייב פון דער גרויסער שטאָט. „געמאַכט" אַ „פענסי" הויז. געהאַט אַ קינד און נאָך אַ קינד. די שוועגערין האָט ביז קיינמאָל נישט געזען. אין הויז — קיינמאָל נישט געווען... און דזשים האָט דווקא געוואָלט ווערן „מעיאָר" פון שטעטל. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ חברה שווינדלער, איז מיט זייער הילף געוואָרן „מעיאָר" און צוזאַמען מיט חברה געשווינדלט. אַזוי אַ יאָר און צוויי. ביז אַלץ איז אַרויס, ווי בוימל אויפן וואַסער. האָט מען אים פאַרנומען, פאַרשיקט אין „פריזן". זיין פאַרמעגן האָט מען אויספאַרקויפט. דאָס ווייב מיט די קינדער זענען אַנטלאָפן צו אירע עלטערן... געווען אַ גרויסע בושה. זי האָט שפּעטער געקריגן אַ גט. די מאַמע איז געשטאָרבן... און מער האָט ביז פון אים קיינמאָל נישט געהערט.

— אַט איז דיר שטאָט!

דער אַלטער האָט זיך אויפגעשטעלט. האָט זיך טאַנין אויך אויפגעשטעלט. עליזאַבעט איז אַלץ אַזוי געבליבן שטיין הארט לעבן אַלטן, האָט אַלץ אַזוי געקוקט מיט שטילע, פאַרטראַכטע אויגן. דער אַלטער האָט געוויזן, אויסשטרעקנדיק די האַנט, ביז וואַנען זיינע פעלדער און גערטנער ציען זיך.

— און פון דער זייט — ביז יענעם באַרג.

— און דער באַרג?

— אויך מיינער... נאָר נישט „אויפגעבראָכן"... ס'איז נישט קיין ערד... ס'איז שטיין.

דער אַלטער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט, האָט גענומען די ליולקע אין מויל. און טאַנין האָט געזאָגט:

— און איך בין אייך מקנא... ווי גוט דאָ איז... איך האָב אויך נישט ליב די שטאָט.

האָט עליזאַבעט אומגעריכט פאַר זיך אליין זיך אָנגערופן:

— בויט זיך דאָ אַ הויז...

און רויטקייט האָט זיך אַ גאָס געטאָן איבער אירע באַקן.

טאַנין האָט אויף איר אַ קוק געטאָן. ס'איז געווען אַ לאַנגער קוק, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ שנירל, האָט אָנגעריירט איר פּנים, זיך אַראָפּגעגליטשט איבער איר האַלז ביזן אַקסל. עליזאַבעט האָט נישט געזען דעם קוק, זי האָט אים בלויז געשפּירט ווי אַ ליכטיקן זון-פאָדעם און עס האָט איר באַנג געטאָן אויף דעם, וואָס זי האָט נאַר-וואָס געזאָגט.

— ס'איז נישט קיין שלעכטער איינפאַל... סיידן אויפן באַרג.

דער אַלטער האָט צונויפגעזשמורעט די אויגן. חשד האָט זיך אין זיי געצונדן:

— פאַרוואָס עפּעס אויפן באַרג?

האָט שוין טאַנין געשמייכלט:

— קיין „אויפגעבראָכענע" ערד וועט איר דאָך נישט פאַרקויפן. נישט אַזוי?

— אויך אמת.

— ס'וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן... — האָט טאַנין רויק געזאָגט.

עליזאַבעט איז געזעסן צערודערט: נאָך וואָס האָט זי דאָס געזאָגט? וואָס איז איר דען דער אונטערשיד צי אָט דער פרעמדער מענטש וועט זיך דאָ יאָ בויען אַ הויז צי נישט? נו, זיכער אינטערעסירט עס איר נישט... ער האָט געקוקט מיט אַזעלכע פאַרבענקטע אויגן... האָט געזאָגט, אַז ער האָט פיינט די שטאָט... אַז ער איז מקנא... נו, האָט זי געזאָגט...

דער אַלטער האָט זיך אָפּגערופן:

— אַ הויז אויפן באַרג? עס וואָלט געווען נישט מיאוס... אָבער עס וועט אָנקומען שווער...

— קיין זאַך קומט נישט אָן גרינג.
— ריכטיק.
דאָ איז אַרויסגעקומען פרוי טאַנין. זי איז איצט געווען אָנגעטאָן אין אַ העל, געלב קליידל באַפּוצט מיט ווייסן קעל־בערל און ווייסע מאַנזשעטן. זי איז איצט געווען אָן הוט. די האָר זענען געווען שוואַרצע, עפּעס צו שוואַרצע... זיי זענען געלעגן גלאַט פאַרקעמט און פאַרנומען אין אַ קליינעם קאָקס אויפן ווייסן נאַקן. אירע ליפּן זענען אַלץ געווען פאַרשנורע־וועט און עס איז פון איר אויפגעגאַנגען דער ריח פון קינ־דערלאָזיקייט. עליזאַבעט האָט איר אָפּגעמאָסטן מיט גיכן בליק, וואָס האָט ווי שאָטן דורכגעווישט דעם גאַנצן גוף אירן. זי איז געשטאַנען געשטרעקט, ווי זי וואָלט זיך נישט געקענט בייגן. עליזאַבעט האָט באַמערקט: אַרום די אויגן אירע ליגן צונויפ־געשלאָגן דינע, מידע קנייטשלעך. איר איז איינגעפאַלן: „זי איז עלטער פון אים... און וואָס האַלט זי זיך אַזוי גרויס?"
טאַנין האָט געזאָגט:
— מיר וועלן רעדן וועגן דעם.
— וועגן באַרג, מיינט איר?—האָט דער אַלטער געפאָרשט.
— איך וואָלט זיך דאָ גערן געבויט אַ הויז... ס'איז דאָ וואונדערלעך שיין... מען קען אַ ביסל רייסן דעם באַרג און מיט דעם שטיין בויען דאָס הויז.
— רייסן דעם באַרג?
— פאַרוואָס נישט? קיין נוצן ברענגט ער דאָך נישט... נישט אַזוי?
— אמת... קיין נוצן ברענגט ער נישט.
די פרוי איז אַלץ אַזוי געשטאַנען אַ זייטיקע, אַ שטאָל־צע און פאַרביסענע. זי האָט לייכט אַ צי געטאָן דעם שטערן. אירע ליפּן האָבן זיך פאַנאַנדערגענומען און זי האָט זיך צו טאַנינען געווענדט אויף רוסיש:
— אפשר וואָלטן מיר זיך דורכשפּאַצירט?
שאָטן האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבער טאַנינס פּנים. צוריק האָט זיך דאָס געזיכט איבערגעצויגן מיט טונקעלן אומעט,

ווי מיט פאַרשטאַרטער הויט... לייכטע רויטקייט האָט אַ פּליס געטאָן אונטער די אויגן. ער האָט זיך באַמיט צו שמייכלען צום אַלטן:

— מיר רעדן נאָך רוסיש... מיר וועלן זיך דורכשפּאַצירן.

די פרוי האָט זיך איצט געכאַפּט; האָט זיך איידל אוז מיט ווירדע צעשמייכלט:

— אַנטשולדיקט... מיר רעדן נאָך רוסיש... בין איך געוואוינט...

— „דעטס אָלרייט"... ס'איז „אָלרייט" — האָט דער אַלטער גוטמוטיק געשמייכלט.

טאַנין האָט איצט נישט אויפגעהויבן די אויגן אויף עלי־זאַבעטן...

* * *

מאַן און ווייב האָבן שפּאַצירט ביי דער זייט וועג געלאָסן, שווייגנדיק און איינער האָט אויפן אַנדערן נישט געקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך אינגאַנצן פרעמד געווען. אויף דער פרויס פּנים איז איצט געלעגן שטילע זאָרג, וואָס האָט נישט קיין אָנהייב און קיין סוף. וואָס פאַרט קען ווערן פון אַזאַ לאַנגווייליק, אויסגעלאָשן לעבן? וויפל יאָר שוין, אז זיי זענען דערווייטערט און געפינען זיך פאַרט צוזאַמען? און אָט איז ער שוין ווידער אָנגעכמורעט. פאַרוואָס שווייגט ער אַזוי?

— ווילאַנג וועלן מיר דאָ שטיין?

— מען קען גלייך פאָרן!

פאַרביסן אָן אָפּגעהאַקט איז די פראַזע געקומען. זי האָט אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן:

— וואָס איז שוין? וואָס געפעלט אייך שוין נישט?

— עס געפעלט מיר... עס געפעלט מיר זייער...

ער האָט דערביי אַ קוק געטאָן אויף איר פּנים מיט אַזאַ בליק, פון וועלכן זי האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אָפּ, האָט שווער אַרויסגעאָטעמט און צעררייצטער פּעס האָט געגעבן אַ שלענגל־אַרויס פון אירע גלאַנציקע אויגן אונטער די פּענסנע־גלעזלעך:

— איך האָב זיך שוין מיט עפּעס פאַרזינדיקט? האָב אייך שוין אין עפּעס געשטערט?

— צו וואָס דאָס שטיין־בלייבן?

זי האָט ווידער גענומען גיין. זי האָט נישט געהערט זיין שטיל אָפּזיפצן, נאָר געפילט האָט זי עס... אויף אירע באַקן האָט איצט געזאָטן פאַרביסנקייט:

— איר האָט געקענט פאָרן אַליין...

ער האָט דווקא גענומען רעדן איינגעהאַלטענער:

— מען דאַרף זיך נישט אַזוי האַלטן פאַר פרעמדע מענטשן.

— וויאַזוי האָב איך זיך געהאַלטן?

— צו וואָס אַזאַ אָנגעצויגנקייט? צו וואָס אַזוי באַפע־לעריש?

— עס שטייט אייך נישט אָן פאַרן פאַרמער מיט זיין אייניקל?

— עס האַנדלט זיך נישט וועגן אָנשטיין... —

— ווען איר זעט עס פון אַן אַנדערער, וואָלט עס אייך שוין געפעלן...

— דאָס איז שוין גלאַט גערעדט...

— יעדער האַלט זיך, ווי ער פאַרשטייט און פילט... איר דאַרפט מיר קיין דעות נישט זאָגן...

— „אָלרייט"... איך האָב דאָך גאָרנישט געזאָגט.

— אייער שווייגן איז מער פון אַן אַנדערנס רעדן.

ער האָט זיך שוין צעשמייכלט. דאָס קול איז געוואָרן שטיפערישער, רויקער:

— פאַר שווייגן קומט נישט קיין שטראָף... און צו וואָס

אזא בייזקייט? מען דאַרף זיך האַלטן מיט ווירדע, אָבער נישט אַזוי שטאָלץ און אָנגעצויגן.

זי האָט שוין געשוויגן. דער כּעס אין אירע אויגן האָט זיך געלאָשן. נישט ער און נישט זי האָבן איצט פאַרשטאַנען זייער בייזקייט. וויאַזוי האָט זי זיך דען געהאַלטן? און וואָס, אייגנטלעך, איז זי אַזוי אויפגעקאָכט געוואָרן? ער האָט דאָך ווירקלעך גאָרנישט געזאָגט... ער האָט געשוויגן? — נו, איז וואָס? איז עס דען צום ערשטן מאָל? ער שווייגט אָפט. איז אָפּט אָנגעכמורעט. און אפשר איז אים טאַקע מיאוס צו זיין אַ דאָקטאָר פון כעמיע און אַרבעטן ביי יענעם אין אַ „שאָפּ"?! דערפאַר איז ער אַזוי פאַרביטערט...

די פּנימער זענען געוואָרן רויקער. ביידע האָבן זיך באַמיט צו פאַרגעסן די בייזקייט, וואָס האָט זיי נאָר-וואָס געהאָט אַזוי אויפגעקאָכט. ער האָט געזאָגט:

— דער אַלטער לאָזט זיך רעדן.

— מיינסט טאַקע ערנסט מיטן קויפן דעם באַרג?

— נו, זיכער שפּאַס איך נישט.

ער האָט איצט גערעדט מיט זיין אמת קול. מיט ווייכקייט און שטילער באַגייסטערונג. ס'איז געווען דאָס קול, נאָך וועלכן די פרוי האָט שוין אַזוי לאַנג געבענקט. און: —

ער איז זיכער: אין דעם באַרג געפינט זיך אַן אוצר. אַ זייער קאָסטבאַרער שטיין. ער האָט שוין די זאַך גוט אויסגעפאָרשט. דער באַרג איז זייער אַלט. די אויבערשטע שיכט באַווייזט, אַז אין באַרג, אין זיין טיפעניש, געפינט זיך אַ וואונדערלעכער סאָרט מאַרמאָר... ער האָט צו מאַכן אַ גאַנצע ריי כעמישע עקספּערימענטן. דורך די כעמישע מיטלען האָפט ער צו פאַרוואַנדלען דעם שטיין און אים געבן אַזעלכע קאָלירן, וואָס זענען ביז איצט נישט פאַראַן... אויב דאָס זאָל זיך איינגעבן, וועט ער באַשאַפן אַ נייע צווייג אין דער אינדוסטריע פון קאָסטבאַרן שטיין...

אין זיינע רייד איז געווען זיכערקייט. זיין פּנים האָט

געלויכטן מיט אַ העל ליכט, וואָס קומט פון אינעווייניק. זיינע אויגן האָבן אַזוי געשיינט, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ וואונדערלעכער זעונג. שוין איצט האָט ער קלאָר געזען, ווי אָט דער ווילדער באַרג — וואָס שטייט שטום און פאַרשלאָסן זינט דורות און דורות — ווערט באַלעבט דורך מענטשלעכער אַרבעט און מאַשינען. דער באַרג ווערט געעפנט, און דער סוד, וואָס ליגט אין אים שוין אַזוי לאַנג פאַרבאָרגן, ווערט אַנט-פּלעקט דורך זיינע הענט. עס ליאַרמען די שטאָלענע עגבערס, עס רעשן די מאַשינען און עס הילכן די קלעפּ פון די האַ-מערס. דער באַרג שרייט מיט באַנומענע קולות, עקשנט זיך און מוז זיך דאָך אונטערגעבן. אַרום יובלט דאָס געשריי פון מענטשלעכן נצחון און פאַרהילכט די געגנט. עס ציען אַהין מענטשן פון אַלע זייטן, בויען הייזער, פלאַסטערן גאַסן און עס וואַקסט אַ נייער ישוב. אין צענטער פון ישוב — דאָס וואונדערלעכע ליד פון מענטשלעכער אַרבעט און באַשאַף. אין צענטער פון ליד — ער אַליין, וואַקסט העכער, זינגט מיט.

די פאַרביסנקייט איז אויסגערונען פון דער פרויס פּנים. זי האָט איצט געשמייכלט מיט באַהאַלטן גליק. אָט איז ער, דערזעלבער טאַנין, וועמען זי האָט דערקענט מיט פופצן יאָר צוריק. אָט אַזוי איז דאַן זיין קול געווען און אַזוי זיינע רייד: פול מיט זיכערקייט. דאַן האָט ער נאָך געלערנט אין אוני-ווערזיטעט, און זי — האָט שוין דאַן געהאַט דעם „מולנערי שאַפּ", געאַרבעט מיט צוויי מיידלעך און אים אויסגעהאָלפן. אָט אַזוי פלעגט ער דאַן רעדן און שיינען. ווילאַנג שוין, אַז זי האָט אים נישט געזען אַזעלכן?

— און וואָס וועט זיין, אַז עס וועט זיך דיר נישט איינגעבן?

דאָס פלייצן פון זיינע רייד האָט זיך ראַפּטעם איבער-געריסן. ער האָט מיט אַנגסט אַ קוק געטאָן אויף איר און זי איז לייכט צעטומלט געוואָרן, „נישט געדאַרפט אַזוי פרעגן..."

— פאַרוואָס זאָל זיך נישט איינגעבן? עס וועט זיך יאָ איינגעבן... ווען מען זאָל אַזוי קאַלט טראַכטן ביי יעדער אונ-

טערנעמונג, וואָלט אויף דער וועלט גאָרנישט באַשאַפן געוואָרן... אַ נאַרישע פראַגע.

ער האָט אויסגעזען, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך אינמיטן רעדן געכאַפּט, אַז ער רעדט צו אַ טויבן...

— אַנטשולדיק... די פראַגע האָט זיך ביי מיר נישטווילנדיק אַרויסגעכאַפּט...

— אויב עס וועט זיך נישט איינגעבן די גאַנצע הונדערט פּראָצענט — וועט זיך איינגעבן פופציק...

אויף זיין פּנים איז צוריק געוועז אומעט:

— שוין יאָרן, אַז איך גאַר עפּעס צו באַשאַפן... אויפטאָן... עקספּערימענטירן... און איך קען גאָרנישט טאָן.

— און אין „שאַפּ”, וואו דו אַרבעטסט?

— ניין! פאַר אַ פרעמדן וועל איך מיינע עקספּערימענטן נישט באַנוצן... חוצדעם, דאָס אַרבעטן פאַר יענעם גיט נישט קיין גליק, וואָס אַרבעט קען און דאַרף געבן. — איז אויך אַ ש אַ נ ד צו אַרבעטן פאַר יענעם... איך שעם זיך. שטיין אַלע טאָג אין אַ „שאַפּ”. קאָמבינירן פאַרבן און וויסן: ווען עס וועט געלונגען, וועט אַ פרעמדער ווערן דער אייגנטימער פון דעם, און יענער, דער פרעמדער, ווייסט אַפילו נישט מיט וואָס מען עסט עס... איך שעם זיך צו אַרבעטן פאַר יענעם. און דו — דו פרעגסט אַזעלכע פראַגן.

— אַנטשולדיק, דזשעק... דאַרפסט נישט בייז זיין.

— איך בין נישט בייז.

זי האָט געוואָלט אָפּווישן די פראַגע אירע. זי האָט דעריבער געפרעגט:

— און געלט וועסטו האָבן גענוג?

— צו דיר וועל איך נישט אָנקומען.

— נו, זאָל שוין זיין גענוג...

— איך האָב גענוג געלט... איך מיין עס: אויב עס וועט זיך פאָדערן מער געלט — וועל איך קענען קריגן... איך וועל נעמען אַ „מאָרטגעדזש”... פאַרן באַרג וועל איך מסתם נישט דאַרפן אינגאַנצן באַצאָלן מיטאַמאָל...

— דו ווייסט דאָך: איך האָב עטלעכע טויזנט דאָלאַר.
— זיכער ווייס איך.
— און דער אַלטער וויל פאַרקויפן דעם באַרג?
— דער באַרג ברענגט אים קיין נוצן נישט. איך האָב פאַרוואָרפן עטלעכע ווערטער... מאָרגן וועל איך מיט אים רעדן... מען דאַרף זיך נישט איילן...
— „דעטס רייט"... הייסט עס: מיר וועלן דאָ פאַרברענגען דעם מאָרגנדיקן טאָג אויך?
— ווי דען אַנדערש?
— „אָלרייט..."

איצט זענען זיי צוריקגעגאַנגען. די זון איז שוין געווען אויסגעלאָשן. די געגנט האָט זיך איצט געוויגט אין שטיל־אָוונטיק שעפטשען. טאַניִן האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן שפּאַנען, געקוקט צום באַרג, וואָס איז איצט געשטאַנען אַ טונ־קעלער, ברוגזער, פאַרביסענער. טאַניִן האָט געטראַכט: „איך וועל דיך בייקומען..."

ווען זיי זענען צוריקגעקומען צום הויז, איז עליזאַבעט געשטאַנען אויף דער וועראַנדע און זיי אויסגעקוקט:
— „סאַפּער" — איז גרייט.

דאָסמאָל האָט די פרוי ליבלעך אַ שמייכל געטאָן צו איר:
— אַנטשולדיקט, טייערע... מיר האָבן זיך אַ ביסל פאַר־רעדט... אַנטשולדיקט...

---

# קאַפּיטל דריי

צומאָרגנס האָט זיך טאַנין אויפגעכאַפּט מיטן גרויען באַגינען, איז שטיל אַראָפּ פון געלעגער און האָט זיך גלייך גענומען אָנטאָן.

דאָס צימער איז געווען ווייס. האָט געשמעקט מיט היימיש-געבאַקן ברויט און מיט טרוקן גראָז. דער גרויער דרויסן האָט צריינגעשמייכלט דורך די שויבן מיט ברייט-צעעפנטע אויגן. פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן אַ קלאַפּן פון פליגל; אַ זאָרגלאָזער געשריי פון אַ פויגל. טאַנין האָט זיך געפילט פריש, שטייף און אומרויִק, ווי ער וואָלט זיך ענדלעך דערוואַרט דעם טאָג, ווען ער דאַרף אָנהייבן זיין לאַנג-געוואַרטע רייזע.

ער האָט זיך געוואַשן און דערביי געאָטעמט טיף. אויך די וואַסער האָט דאָ אַנדערש געשמעקט. ס'איז געווען גרויס פרייד צו פילן די קילע נאַסקייט אויף פּנים און האַלז. די יאָרן פון לאַנגווייליקן בלאָנדזשען ווערן אָפּגעווישט; בלאָנקען אַוועק, ווי דינע כמאַרעס געטריבן פון ווינט. עס ווערט ליכטיקער. אָט זעט ער שוין דעם אָנפאַנג פון זיין וועג, וועלכן ער האָט געהאַט פאַרלוירן פון אויג. אָט שטייען שוין זיינע פיס ביי דער שוועל. די טריט רייסן זיך צום שפּאַנען. צר וועט גיין און ער וועט דערגרייכן...

דאָס ווייב איז נאָך געשלאָפן. פון קישן האָט אַראָפּגע-

בלייכט איר איינגעפאַלענער פּראָפיל מיט די שוואַרצע, גלאַטע האָר אויפן קאָפּ. אין ווינקל פון די ליפּן — צווישן דינע קנייטשלעך, האָט געגרוט אַ שמייכל... און אָט דער שמייכל האָט געבראַכט צו דעם, אז טאַנין זאָל צונויפציען די ברעמען און באַקומען פאַרשעמטקייט אויפן פּנים... בלויז אַ ווײַלע האָט עס געדויערט. באַלד האָט ער זיך אָפּגעקערט; האָט זיך שטיל אַראָפּגעבויגן צו דער שוואַרצער וואַליז, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל ווי אין דער פרעמד, האָט פון וואַליז אַרויסבאַקו־מען צוויי האַמערס. איינער האָט געהאַט אַ שאַרפע זייט, ווי ביי אַ האַק, דער צווייטער — אַ שאַרף־שפּיציקע זייט. האָט זיי איינגעוויקלט אין פּאַפּיר און מיט פאָרזיכטיקע טריט אַרויס פון צימער.

אינדרויסן האָט ער געטראָפן דעם אַלטן ביל. ער איז געשטאַנען לעבן שטאַל און געשפּאַנט אַ פערד צום וואָגן:

— „גוד מאָרנינג!"

דער אַלטער האָט עס אויסגערופן מיט היימיש קול, נישט אַרויסלאָזנדיק די ליולקע פון מויל.

— „גוד מאָרנינג!"

טאַנין האָט צו אים צוגעשפּאַנט מיט שטייפע, זיכערע טריט און מיט שמייכל אויפן פּנים. זיינע פינגער האָבן זיך געטוליעט צו די האַמערס:

— אין פעלד אַריין?

— יאָ... פּאָפּשאָיעס פירן... פרי אויפגעשטאַנען... וואָס אַזוי פרי?

— איך בין אויסגעשלאָפן... דאָ וועקט אויף דער באַגינען.

— ריכטיק... און איר — וואוהין?

— צום באַרג.

דער אַלטער האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים, נאָר זיינע אויגן זענען געבליבן רויק:

— הייסט עס: איר מיינט עס טאַקע? איר ווילט קויפן דעם באַרג?

— זיכער מיין איך עס.

— און בויען אַ הויז אויפן באַרג?
— די שטאָט האָט דערעסן.
— און איך האָב געמיינט: איר שפּאַסט.
— איך שפּאַס נישט. איך וועל קויפן.
— איר וועט קויפן? און אַז איך וועל נישט פאַרקויפן?
— וועט אייך קיינער נישט צווינגען... אָבער פאַרוואָס דען?
זאָגט איר דאָך אַליין: ס'איז נישט קיין ערד.
— דאָס איז אמת: קיין ערד איז עס נישט.
— וועל איך זען: וויפל פאַרנעמט ער... ווי האַרט איז ער... אויף וועלכער זייט איז בעסער צו בויען... צי קען מען אים ברעכן און נוצן דעם שטיין... שפּעטער וועלן מיר רעדן...
— רעדן קען מען... פאַרוואָס נישט?..
— און כ'וועל טאַקע קויפן אויך.
— דאָס וועלן מיר נאָך זען... און וואָס וועט איר טאָן מיט אַ הויז דאָ?
— וואָס טוט מען מיט אַ הויז? — מען וואוינט אין דעם.
— נו, און „ברעקפעסט?"
— כ'וועל זיין צוריק צו „ברעקפעסט".
ביים אַלטן זענען די אויגן געוואָרן קלענער. האָבן זיך אָנגעקוואָלן מיט באַוואונדערונג: גאָרנישט ווי קיין שטאָטישער... ביי אים איז גערעדט און געטאָן... און ער וועט זיינס דער-גרייכן...
— כ'וועל אייך אונטערפירן...
— צו וואָס? איך וועל בעסער גיין.
— „אָלרייט..."
טאָנין האָט אָוועקגעשפּאַנט.
איצט איז אין אים געווען זיכערקייט: דער באַרג וועט זיין מיינער! אַ ניי לעבן הייבט זיך אָן... איצט ווייסט ער וואָס ער וועט טאָן. איצט איז ער גע-ווען גאָר אַן אַנדער טאָנין: ער האָט געשפּאַנט אַ גלייכער, אַ געשטרעקטער, אַ הויכער. האָט געפילט די שטייפקייט פון אַלע גלידער; געהערט ווי דער אימפעט ריזלט אין אים, די

ענערגיע, וואָס האָט אין אים געדרימלט אַזויפיל יאָרן און געבענקט נאָך דערלייזונג — גליוועט אויף, פליסט אין די אָדערן, שטייפט די מוסקולן. די אויגן האָבן אויפגעלויכטן, די ליפּן האָבן זיך צעעפנט און ווי אַ דורשטיקער האָט ער געטרונקען די לופט פון די בערג.

ער איז געגאַנגען. דער טראָט — יונג, גראַציעז. די לאַנגווייל האָט זיך פון אים ווי אַ הויט אָפּגעשיילט. דאָס העמד איז געווען צעשפּילעט ביים האַלז, דאָס מאָרגן-ווינטל האָט זיך געגאָסן דורך דער עפענונג, געפּליסט איבער אַקסלען און ברוסט. די פעלדער האָבן געקוקט פאַרגאַפט. די שטילקייט, וואָס האָט געשפּאַנט צווישן די בערג, ציענדיק שטילע קולות, — האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף דעם מענטשן, וואָס איז אַהערגעקומען פאַרמעסטן זיך מיטן באַרג; זיך געוואונדערט אויף דער זיכערקייט, וואָס האָט פון אים געשלאָגן.

אָט שטייט ער, דער באַרג! שטייט אַ פרעמדער, אָפּגעגרענעצטער. ליגט מיט זיין גאַנצן שווערן גוף אויף דעם סוד, וואָס איז אונטער אים פאַרבאָרגן. קיין מענטשלעך אויג האָט נאָך נישט אַריינגעקוקט אין דער פאַרבאָרגנקייט... און אָט גייט אַ מענטש. אַ הויכער, אַ דינער, און ער וועט דעם סוד פון דער טיפעניש אַרויסרייסן!

טאַנין האָט זיך אָפּגעשטעלט. מענטש מיט באַרג האָבן זיך אָנגעקוקט. דער באַרג איז געשטאַנען פאַרעקשנט, פאַרביסן און מיט געבויגענעם רוקן גרייט זיך אַרויפצוּוואַרפן אויף זיין אָנגרייפער. טאַנין האָט פאַרזשמורעט די אויגן, געפילט די פרייד פון פאַרמעסטן זיך מיט כוחות... אָט וועלן מיר זען, ווער עס וועט גובר זיין!

ער האָט ווייטער געשפּאַנט. האָט זיך דערנענטערט צום באַרג. די אומגעדולד האָט איצט געברענט אין אַלע גלידער. פאַרגעסן איז געוואָרן שטאָט און „שאַפ". נישט געדענקט האָט ער דעם „באָס", וואָס דרייט זיך אַרום אַ שטילער, מיט קיילעכדיק פּנים און גראָבן סיגאַר צווישן פליישיקע ליפּן. נישט געווען איצט דאָס שווערע לעבן אין הויז מיט אַ ווייב אַ

קינדערלאָזע, וואָס איז אים לחלוטין פרעמד געוואָרן און פירט מיט אים ברוגזן... איצט איז געוועזן בלויז באַרג. און אין באַרג — וואונדערלעכער שטיין, וועלכן ער וועט דאַרפן אַרויס-רייסן. און ער וועט!

די פעלדער האָבן גערוט. ביימער — איינציקע, צו עט-לעכע, זענען געשטאַנען אָפּגעדעקטע און שטילע. רויטע בלע-טער זענען געהאָנגען מיט מרה-שחורה, — האָבן שוין אויף גאָרנישט געוואַרט, אויף גאָרנישט געהאָפט. יונגע גראָזן, וואָס זענען שפּעט אויף דער וועלט געקומען, האָבן שטיפעריש גע-שעפּטשעט ביי ברעגן פון אָפּגעשניטענע פעלדער און נישט גע-וואוסט, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט. גרויע זקנים, ווּעמען דאָס אויג קען נישט זען, זענען געשטאַנען פון אַלע זייטן און געקוקט מיט גרויסע פאַרגלייווערטע אויגן. ווינטלעך האָבן זיך אַרומגעיאָגט מיט פרייד פון קינדער. אין שייערן האָבן געדרימלט סנאָפּעס תבואה, און צייטיקע עפּל האָבן גע-אָטעמט מיט זיס-זויער. טאַנין האָט מיט צעברענטער תאווה אין לייב געקלעטערט איבער באַרג, זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַראָפּגע-לאָזט אויף די קניען. געקלאַפּט מיט שאַרפן האַמער. דער באַרג האָט געמרוקעט אָן קול... דער האַמער האָט אָפּגעקרישלט פּיצלעך שטיין. טאַנין האָט די פּיצלעך באַטראַכט, זיינע אויגן האָבן זיי דורכגעבויערט מיט ליבשאַפט, און שמייכל האָט זיין פּנים באַלויכטן...

* * *

צוריקגעקומען איז טאַנין שוין נאָך האַלבן טאָג. זיין פּרוי איז אים אַנטקעגנגעקומען, האָט געשמייכלט. טאַנין האָט געשפּאַנט, ווי אַ זיגער. דאָס פּנים איז געווען באַדעקט מיט

זוניקייט, כאָטש די זון האָט נישט געשיינט. פון די פּאַסמעס האָר, וואָס זענען געווען צעוואָרפן אויף זיין קאָפּ, האָט גע־שמעקט מיט יוגנט. זיינע אויגן האָבן געלאַכט. זיין פרוי איז געווען אין זעלבן געלבן קליידל, ווי מיט אַ טאָג פריער, נאָר איצט איז עס געווען שענער, העלער. איר פּנים האָט אויסגע־זען נישט אַזוי איינגעפאַלן און די אויגן אירע האָבן נישט געהאַט די גלאַנציקע פאַרביסנקייט.

— וואָס הערט זיך, דזשעק?

— ס'איז „אָלרייט"...

— ס'איז, ווי דו האָסט גערעכנט?

— כ'בין מער, ווי זיכער.

— איז פיין... האָסט דאָך נאָך קיין „ברעקפעסט" נישט געגעסן?

— וועל איך איצט עסן.

זי האָט זיך צעלאַכט. גלאַט אַזוי זיך צעלאַכט:

— ס'וועט דאָך שוין זיין באַלד „דינער".

— וועלן מיר עסן „דינער"... איך וועל שוין צוואַרטן. איך וועל אַרויף אין צימער, וועל זיך אַרומוואַשן און איבערטאָן.

די פרוי איז געבליבן וואַרטן אויף דער וועראַנדע. ער איז אַריין אין הויז. אין טיפקייט פון קאָרידאָר איז אים עלי־זאַבעט אַנטקעגנגעקומען. זי האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט, ווי נעכטן, ווען זי האָט אים צום ערשטן מאָל דערזען. אירע ברוינע אויגן זענען ווידער געוואָרן אָנגעגאָסן מיט וואונדער. זי האָט געשמייכלט.

— האַלאָ, עליזאַבעט!

מיט אַזאַ היימישקייט, ווי ער וואָלט איר שוין יאָרן גע־קענט. איצט איז זי געווען אין אַ גרוי קליידל. אירע ברוינע פיס זענען געווען אין שיך אָן זאָקן. זי האָט טיפער געאָטעמט, האָט אויך געשמייכלט, האָט צעגומען די דורשטיקע ליפּן, און די ווייסע ציין האָבן אַ בליאַסק געטאָן מיט וואונדערלעכן חן:

— פונוואַנען?

— פון באַרג, עליזאַבעט! איך וועל בויען דאָ אַ הויז.

—ווירקלעך? עס וועט זיין פריילעכער.

— זיכער... עליזאַבעט וועט זען, ווי פריילעך ס׳וועט ווערן... מענטשן וועלן קומען אַרבעטן, עס וועט ווערן לעבע־דיק. — — —

ער האָט דערביי געלאַכט. ס׳האָט געשלאָגן פון אים מיט פרייד און מיט יוגנט. עליזאַבעט איז געווען צעטומלט און אַלץ געשמייכלט. אירע אויגן האָבן געלויכטן. זי האָט געהערט זיינע רייד און עס איז איר אַפילו נישט וויכטיק געווען, וואָס ער זאָגט. זיין קול איז געווען אַזוי פריש און די רייד זענען געווען אַזעלכע קלינגעדיקע, באַגייסטערטע און פריילעכע.

— ווי פריילעך דאָ וועט ווערן... עליזאַבעט וועט זען... די געגנט וועט גאָרנישט זיין צו דערקענען... דער זיידע זאָל נאָר דעם באַרג פאַרקויפן...

— יאָ... ער וועט פאַרקויפן...

— זיכער? עליזאַבעט זאָגט עס גלאַט אַזוי, אָדער — — —

— איך האָב גערעדט מיט אים... נעכטן אינאָוונט... צו וואָס נוצט אים דער באַרג? ער וועט מיט אים גאָרנישט מאַכן... ביז אַהער מיט אים גאָרנישט געמאַכט... און אַז דער זומער גייט אַוועק... ווערט דאָ אַזוי אומעטיק...

— וואָס זשע האָט ער געזאָגט, דער זיידע?

— ער וועט פאַרקויפן.

— אַ דאַנק אייך, עליזאַבעט!

נישט ער און נישט זי האָבן קלאָר פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט אַזוי היימיש און וואַרעם געדריקט איר האַנט... דאָס מיידל איז געשטאַנען צעמישט... האָט גע־שמייכלט און נישט געוואוסט, אַז זי שמייכלט. אירע אויגן האָבן געלויכטן. אירע ציין האָבן געבלאַנקט און זי האָט עס נישט געוואוסט. די פרייד האָט זיך געגאָסן פון אים אין איר און זי האָט עס נישט פאַרשטאַנען.

ווי האָט זי געזאָגט צום זיידן נעכטן? „איך וויל דאָ בלייבן... אָבער עס ווערט אומעטיק... אַז עס וועלן דאָ זיין נאָך מענטשן — וועט זיין פריילעכער...“

— יאָ... ער וועט פאַרקויפן.
— איז „אָלרייט"...
— און איר, מיסטער טאַנין? איר האָט נאָך קיין „ברעק־פעסט" נישט געגעסן?
אין איר קול איז געווען ריח פון געטרייישאַפט. ער האָט געלאַכט שוין שטילער: וואָס מיר עסן? ווער וויל דען עסן? אַז ער איז גאָרנישט הונגעריק... עליזאַבעט מעג אים גלויבן... ער איז אַזוי באַגייסטערט פון איינפאַל צו בויען אַ הויז דאָ... אייגנטלעך איז עס דאָך עליזאַבעטס איינפאַל...
— איך האָב גלאַט אַזוי געזאָגט...
— נו, זיכער... אַלע פיינסטע זאַכן קומען צופעליק... די בערג מאַכן זאַט... די לופט זעטיקט... ווילאַנג איז דען נאָך צו „דינער"?
— נישט לאַנג... אַ האַלבע שעה... דריי פערטל שעה...
— וועל איך זיך דערווייל אַרומוואַשן און איבערטאָן...
ער איז געלאָפן אַרויף מיט די טרעפּ. האָט לויפנדיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. עליזאַבעט איז געשטאַנען אַן איבער־ראַשטע. אירע נאַקעטע פיס ביז די קניען האָבן געלאַכט אַ ברוין געלעכטער. אירע ציין האָבן געלאַכט, און אירע אויגן האָבן געלאַכט... ווי ליכטיק זי איז.
עליזאַבעט האָט נישט געדענקט נאָך וואָס זי איז אַריינגעקומען אין לאַנגן קאָרידאָר. וואָס האָט זי געוואָלט טאָן? זי האָט דערשפּאַנט ביזן סוף, איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, וואָס פירט אַרויס צו דער וועראַנדע; האָט שטיל גע־עפנט די טיר און געזען: אין ווינקל דאָרט זיצט מיסטער טאַנין מיטן פּנים צום באַרג. זיצט אין אַ וויג־שטול און שאָקלט זיך. זי האָט בלויז געזען די פּלייצע און געפילט: זי זיצט אַ צופרידענע, רויקע. זי האָט זיך איצט דערמאָנט: זי איז געגאַנגען גרייטן צום טיש...—און זי איז אַריין אין „דיינינג־רום".

* *
*

נאָך „דינער” זענען אַלע געזעסן אויף דער וועראַנדע. דער אַלטער ווילס האָט געפּיפּקעט זיין ליולקע און די מיסעס ווילס — אַ הויכע, באַוואָקסענע פרוי, מיט גרויע האָר און גלאַטיק, זוניק פּנים — איז געזעסן שטיל מיט שמייכל פון נחת אונטער דער הויט: נישקשה, מען קען זיך פאַרלאָזן אויף איר בילן... איר ביל ווייסט שוין, וואָס ער האָט צו טאָן... טאַנין האָט גערעדט היימיש, געלאַסן. די ענערגיע, וואָס האָט זיך היינט צעבערענט אין אים און אַרויסגעפּלייצט איבער די ברעגן, האָט זיך צוריק געהאַט אַריינגעצויגן אין די גרענעצן, איז געבליבן אין אים. פרוי טאַנין האָט געשמייכלט מיט ווירדע. עליזאַבעט איז געווען לייכט צעשראָקן.

ווען מען זאָל גלייך פאַרענדיקן די קניה — וואָלט מען זיך גלייך געקענט נעמען צו דער אַרבעט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן דער אינדישער זומער... די אַרבעט אויף די פעלדער האָט אויפגעהערט... איז לייכט צו קריגן אַרבעטער... נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן וועט זיין שיין און מען וועט קענען אַרבעטן... ווי מיינט מיסטער ווילס? מען קען קריגן אַרבעטער דאָ אין געגנט?

— אַרבעטס-הענט פעלן נישט... אין שטעטל פאַראַן... פאַרמער פון דער געגנט וועלן זיך אויך נישט אָפּזאָגן.

— וואָלט מען זיך גלייך געקענט שטעלן אַרבעטן.

— געקענט וואָלט מען.

— און וואָס זשע בייט עס?

דער אַלטער ביל האָט אַליין אונטערגעשוויגן. עפּעס האָט ער געטראַכט, נאָר ס'איז נישט געווען צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס.

טאַנין האָט אַליין גערעדט מיט היימיש קול: איז וואָס? צעאַקערן דעם באַרג וועט מען דאָך נישט קענען; איז צו וואָס זאָל ער שטיין און פּוסטעווען?

די מיסעס ווילס איז אַלץ אַזוי געזעסן שטיל. נאָר דאָ האָט זי צעעפנט די ליפּן און געזאָגט, נישט רירנדיק מיט קיין אבר:

ס'איז דאָך אמת, ביל... וואָס וועט דער באַרג אויס־שטיין?

— אַז ער איז געשטאַנען ביז אַהער...

— וואָס זשע האָט ער דיר געגעבן?

— און וואָס וועט ער מיר איצט געבן?

טאַנין האָט זיך צעשמייכלט:

— וואָס זשע? איך וויל דען אומזיסט? איך וועל באַצאָלן.

— איך פאַרשטיי...

ווידער איז געווען שווער צו וויסן, וואָס דער אַלטער מיינט מיט דעם.

ביז — עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ רוק־צו נאָענט צום אַלטן:

— פּאַרקויף, ציידע... מען וועט נעמען בויען... וועט נישט זיין אַזוי אומעטיק דאָ... נישט אַזוי?

האָט שוין ביל אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל:

— זענט איר, מיסטער טאַנין, געווען ביים באַרג מיט אַ וואָך צוריק?

טאַנין האָט נישט באַוועגט מיט די אויגן:

— יאָ... געווען... איך האָב געקוקט אין דער געגנט פאַר אַ פּאַסיקן פּלאַץ...

— איר האָט זיך דאָרט עפּעס „געבאַדערט..."

— זיכער. געוואָלט וויסן, וואָס דאָס איז פאַרא באָדן... אָט בין איך היינט אויך דאָרט געווען... מיך אינטערעסירט צו וויסן: צי וועט מען קענען באַנוצן דעם שטיין פאַרן הויז... דאָס אַלעס...

די אַלטע האָט געפרעגט:

— נו, איז וואָס, אַז דאָרט זיך „געבאַדערט"? אַ מענטש וויל קויפן, באַטראַכט ער פריער...

ביל האָט זיך אָבער נישט נאָכגעגעבן:

— לאָמיר אָפּוואַרטן אַ וואָך.

— צו וואָס?

— איך האָב נישט ליב צו כאַפּן... איר געפעלט מיר — האָט ער ווייך געקוקט טאַנינען אין פּנים — און איך וועל פאַרקויפן... אָבער מען דאַרף זיך פריער באַטראַכטן: וויפל... וויאַזוי צאָלן... מען קען נישט כאַפּן... במשך פון אַ וואָך, וועט איר זיך באַטראַכטן. וועל איך זיך באַטראַכטן... וויפל, ווען, וואָס... און מיר וועלן דורכקומען... צו וואָס כאַפּן?

— פיין! — האָט טאַנין צוגעגעבן.

און אַזוי איז עס געבליבן.

---

# קאַפּיטל פיר

טאַנין האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל אין פאָדערהויז פון „שאָפּ", וואָס האָט געהערט צו „ברידער דזשייקאָבס" און געטראָפן: דער יונגערער מיסטער דזשייקאָבס שטייט אַ געשטרעקטער ביי דער אָפענער טיר פון אָפּגעצוימטן „אָפיס" און וואַרט. ער איז געשטאַנען אַ שמאָלער, העכער פון מיטעלן וואוקס. אויפן דאַרן פנים האָט געגליווערט מידקייט און האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט כסדר געליטן אויפן מאָגן. די אויגן זענען געווען ביי אים צעבערענט פון עפּעס אַ תאווה. ס'איז אויסגעקומען: ער שטייט אומגעדולדיק אויף דער וואַך און היט אָנגעשטרענגט עמעצנס טריט.

— מיסטער טאַנין!

זיין קול איז געווען הייזעריקלעך, ווי עס וואָלט הייסער כעס צונויפגעצויגן זיין האַלדז.

— העלאָ, מיסטער דזשייקאָבס!

פון „שאָפּ", וואו מען האָט געמאַכט פאַרשידענע קאָלירטע „ביטס" און קעמלעך — האָט זיך צעטראָגן דאָס איינטאָניקע גערויש, ווי האַרטע באַרשטן וואָלטן כסדר געקראַצט האַרטן מעטאַל. טאַנין האָט איצט געפילט אַזאַ פרעמדקייט צום רעש, ווי ער וואָלט אים קיינמאָל נישט געהערט.

— אויף איין מינוט!

אַזוי האָט געזאָגט דער יונגער מיסטער דזשייקאָבס און מיט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט עמעצן געכאַפּט ביי דער האַנט.

טאַנין איז אַריין נאָך אים אין „אָפיס".

— וויפל איז איצט דער זייגער?

טאַנין האָט רויק-געלאַסן אַרויסגענומען דאָס זייגערל פון קעשענע און מיט לויטער קול געזאָגט:

— צוועלף מינוט נאָך צען.

יענער האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען:

— נעכטן זענט איר אינגאַנצן נישט געקומען.

— איך ווייס עס.

האָט שוין יענער גענומען באַוועגן מיט די אויגנדעקלעך, האָט שוין גאָרנישט פאַרשטאַנען. ערשט איצט האָט ער באַמערקט: דאָקטאָר טאַנין איז עפּעס העכער געוואָרן און אין זיין פּנים שפּילט לייכט-רויטע פאַרב, כאָטש די הויט איז נאָך אַלץ בלייך. איז וואָס זשע שמייכלט ער? ער איז מיטאַמאָל געוואָרן הילפלאָז. אָט דער מיסטער דזשייקאָבס, האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן.

— איר קענט אָפּרעכענען פאַרן טאָג, מיסטער דזשייקאָבס.

אין טאַנינס קול איז געווען ריה פון שפּאָט.

— נישט אין דעם גייט עס... פאַראַן באַשטעלונגען... מען דאַרף די סחורה אַרויספּאַרטיקן.

— נו, פאַר דעם דאַרף דער „אָפיס" זאָרגן.

דער עלטערער מיסטער דזשייקאָבס, וואָס איז אַ רויקער געזעסן ביי זיין טיש, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט, האָט איצט אויפגעשטרעקט דעם קאָפּ. דאָס קיילעכדיקע, גלאַטראַזירטע פּנים איז געבליבן פולשטענדיק רויק. זיין שטערן, וואָס האָט זיך געצויגן ביז אין האַלבן קאָפּ אַריין — איז געבליבן גלאַטיק און גלאַנציק. די עטלעכע לאַנגע האָר, וואָס זענען געווען אויף זיין פּליך, זענען געלעגן פעטע און מיט גרויס חשיבות, ווי זייער צאָל וואָלט געווען פאַרשריבן אין אַ בוך און זיי מוזן שטאַרק אָפּגעהיט ווערן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. האָט פאַרריכט די פענסנע אויף דער קליינער נאָז:

— איר פאַרשטייט, מיסטער טאַנין... אַן אַנדערש מאָל מאַכט נישט אויס... אָבער איצט, ווען ס'איז גראָד אַזאַ „ביזי"...

— זיכער פאַרשטיי איך...

— איז וואָס זשע? איר האָט עפּעס געפילט נישט גוט?

— איך פיל זייער גוט... איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי גוט... נאָר איך בין געווען פאַרנומען.

דער יונגערער איז געשטאַנען, ווי ער וואָלט פאַרלוירן דעם פאַרשטאַנד. דער קנאָפּ אויפן האַלדז האָט זיך געגעבן אַ גליטש-אַרויף און צוריק אַ גליטש-אַראָפּ. דער עלטערער איז אַלץ געבליבן רויק:

— דאָס איז שוין בפירוש אַן עוולה, מיסטער טאַנין.

טאַנין האָט נישט געקענט פאַרשטיקן דעם שמייכל, וואָס האָט זיך געריסן פון פּנים, פון די אויגן, פון די צוואָרפענע פאַסמעס האָר אויפן קאָפּ: אָט ווי זיי זעען אויס! ווי צע-טומלטביידע זענען עס.

— אַן עוולה, זאָגט איר? ס'קען זיין. איך וועל וועגן דעם אַ טראַכט טאָן.

אַ גלייכער, געשטרעקטער, איז ער אַרויס פון „אָפיס".

די ברידער דזשייקאָבס האָבן אים נאָכגעקוקט: איז ער ווירקלעך נישט העכער געוואָרן? דערנאָך האָבן זיי צוריקגעבראַכט די בליקן אין אָפיס אַריין, זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט, זיך גע-פילט געפאַלן, שטאַרק באַנאַרישט און האָבן נישט אָנגעהויבן פאַר-שטיין: וואָס טוט זיך דאָ? שטענדיק געווען אַזאַ שטילער, אונטערטעניקער—און פּלוצים — — —

דער יונגערער האָט געצויגן מיט די אַקסלען:

— נישט צו דערקענען! ס'איז דאָך גאָרנישט דערזעלבער...

— או-הו — האָט דער עלטערער צוגעמרוקעט.

— עפּעס איז עס דאָך?!

זיכער איז עס עפּעס. זיכער איז עס נישט דערזעלבער טאַנין. דער טאַנין, וואָס איז געווען ביז מיט עטלעכע טעג צוריק, איז מער נישטאָ. יענער האָט זיך געוויגט אין איבלדיקן דרימל, געווען געהילט אין לאַנגווייליקן חלום; האָט געשוויגן און געזאָרגט פאַר די קאָלירן פון די „ביטס" און קעמלעך, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט דורך דער פירמע פון די ברידער דזשייקאָבס. און אָט דער דאַרער מיסטער דזשייקאָבס, ביי וועמען עס ברענט שטענדיק אַזאַ געלט-תאווה אין די אויגן, האָט גערעדט צו אים — צו טאַנינען אַזוי, ווי ער וואָלט געווען מיט דריי קעפּ העכער פון אים... האָט דאָך טאַנין געמוזט שווייגן און בלויז הערן...

טאַנין איז געשטאַנען אין לאַבאָראַטאָריע, זיינע הענט האָבן געמישט כעמישע שטאָפן, געזאַלצן-זויערע ריחות האָבן געראויכערט אַרום אים, נאָר געטראַכט האָט ער נישט פון דער אַרבעט. איצט האָט ער געוואוסט: ער דאַרף צוואַרטן איין וואָך... מישט ער דערווייל די שטאָפן, כּדי די צייט איבערצוקומען. וואָס האָט איצט אָט די אַרבעט צו טאָן מיט אים? ס'אַר אַ פּנים דער יונגערער דזשייקאָבס האָט עס געהאַט... ווי איידל דער עלטערער האָט עס גערעדט... — ער האָט שטיל געשמייכלט — שבת איז פון „שאַפּ" אַוועק אַ מענטש אַ נ אַ ר... יעדער פאַרקויפטער מענטש איז אַ נ אַ ר... און איצט איז געקומען אַ פרייער מענטש. אַ מענטש, וואָס וויל זיך דערלייזן... אַ מענטש, וואָס גייט זיך פאַרמעסטן מיט שטיינערנעם באַרג... זיכער איז עס אַן אַנדערער... ער איז מער נישט פאַרקויפט צו די ברידער דזשייקאָבס. ער דאַרף בלויז איבערוואַרטן נאָך עטלעכע טעג...

טאַנין האָט געוואַרט מיט ברענענדיקן אומגעדולד. ווען ער קען אַריבערשפּרינגען די טעג! ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן וואַרטן, אַז מער האָט ער גאָרנישט געזען, גאָרנישט געהערט און נישט געפילט. דאָס גאַנצע לייב זיינס האָט געוואַרט, די נעגל פון די פינגער האָבן געוואַרט. אַלץ אין אים איז געווען גרייט אָנצוהייבן דאָס, צו וועלכן עס האָט

אים אַזױפיל יאָר געצויגן, נאָר ס׳איז געװען אײנגעהילט אין נעפּל און ער האָט אַ ייִן נישט געװאוסט, װאָס איז דאָס אַזױנס, צו װעלכן עס ציט אים... איצט האָט זיך דער נעפּל אָפּגע־װיקלט, ס׳איז געװאָרן קלאָר אַרום און ער האָט דעם באַרג דערזען.

דער באַרג איז נישט אָפּגעטרעטן פון די אויגן. ער האָט אים געזען אַן אויפגעבראָכענעם; געזען, װאָס עס טוט זיך אין זײַן טיפעניש, געזען, װי די עגבערס בויערן, דער דינאַמיט רײַסט און די הויב־מאַשינען טראָגן די ריזיקע שטי־קער. דער גאַנצער פּלאַץ אַרום איז פאַרװאַליעט מיט װאונ־דערלעכע שטיקער שטײן. ער אַלײן שטײט לעבן זײַן גרויסער לאַבאָ־ראַטאָריע און שמײכלט.

נאָך דער אַרבעט האָט טאַנין גלײַך געאײַלט אַהײם. שעהן געזעסן אין קיך פון זײַן װאוינונג. געשמירט מיט פאַר־שידענע שטאָפן די שטיקלעך שטײן, װאָס ער האָט פון באַרג מיטגעבראַכט. געזען, װי די פאַרבן ענדערן זיך. זײַנע אויגן האָבן געלויכטן מיט גליק פון באַשאַפן, װאָס װאַרט אויף אים.

אַז די פרוי איז געקומען פון „מולנערי־שאָפּ״, האָט ער צו איר געשמײכלט:

— סאָפאַ! עס װעט זיך אײַנגעבן!

— װירקלעך?

— איך בין מער װי זיכער, סאָפאַ! עס װעט זיך אײַנ־געבן... עס װעט זײַן װאונדערבאַר!.. איך האָב געמאַכט עט־לעכע עקספּערימענטן מיט די שטיקלעך שטײן, װאָס איך האָב מיטגעבראַכט... איך בין זיכער: עס װעט זײַן, װי איך דענק...

סאָפאַ האָט געלאַכט. דאָס געלעכטער איז געקומען מער דורך דער נאָז, װי דורך דעם מויל. ס׳איז געװען דאָס גע־לעכטער פון אַזעלכער, װאָס האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אָפּ־געװאוינט פון דעם... עס האָט געשמעקט מיט איבעררעשונג פון אַלט־מײדלשקײט... טאַנין האָט צונויפגעצויגן די ברעמען:

װאָס האָט זי זיך אַזוי צעלאַכט? נאָר זי האָט עס נישט באַמערקט:

— ס׳וועט אפשר אַלץ אַנדערש ווערן. — האָט זי גע־זאָגט מיט אויפבליאַסק אין די אויגן.

איר פּנים איז געוואָרן העלער. ווי לאַנג שוין, אַז זי האָט נישט געהערט, ער זאָל איר רופן ביים נאָמען? לאַנג שוין. די פרעמדקייט צווישן זיי איז געדיכט געוואָקסן. זיי האָבן זיך אָפּט אָנגעקוקט מיט פיינטשאַפט. האָבן זיך אויסגע־מיטן. זי האָט שוין אויף גאָרנישט געוואַרט. אויף גאָרנישט געבעטן. איר שטאָלץ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין האַרטקייט, וואָס האָט איר אַרומגעהילט און נישט דורכגעלאָזט קיין קרעכץ... זינט ער איז צוריקגעקומען פון באַרג, איז ער גאָר אַן אַנ־דערער. ער קוקט איר איצט אין פּנים אַריין און זיינע בליקן זענען אָן שפּאָט... אפשר... עס האָט פאַר איר ווידער געשמעקט מיט יענער צייט, ווען זי האָט זיך מיט אים באַקענט און זיך אין אים שטאַרק פאַרליבט... אפשר וועט נאָך צוריקקומען יענע צייט? זיי וועלן זיך ווידער נאָענט ווערן... צוריק זיך פאַר־ליבן... ס׳איז דאָך אַזוי שווער צו לעבן אַ לאַנגווייליק, פּוסט לעבן... און אפשר וועט נאָך אַמאָל קומען צו איר די פרייד פון מוטער ווערן?

— און מיט געלט, דזשעק, ועסטו אויסקומען?

— זיכער...

די באַגייסטערונג האָט פון אים געשטראַלט און געשלאָגן, ווי עס שלאָגט פון דער זון, ווען זי דערנענטערט זיך צום צעריס פון וואָלקן... ער האָט געהאַט אַ פאַרטיקן פּלאַן: מען דאַרף רעכענען, אַז דער אַלטער וועט נעמען נישט טייער... דאָס געלט וועט ער אים אויסצאָלן אין ראַטעס... און ביים איינקויפן מאַשינען דאַרף מען אויך נישט דאָס גאַנצע געלט אויפאַמאָל... און: —

— דער אַלטער וועט זיכער פאַרקויפן... נאָך אַ פּאָר טעג און אויס! איך ווער פּטור פון „שאָפּ”... ווער פּטור פון שטאָט און איך הייב אָן אויפסניי...

— שלעכטער דו! —

— וואָס איז? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

איר פאַרביסענער שטאָלץ האָט געהאַט נאָכגעלאָזט די האַרטקייט. זי האָט אַלץ געשמייכלט:

— פאַרוואָס זאָגסטו אַלץ איך... פאַרוואָס נישט מיר?

ס'איז געווען אַזוי ווי אינדרויסן וואָלט פּלוצלינג פאַרגאַנגען די זון. דאָס פּנים זיינס איז גלייך געוואָרן געלאָשענער; אין אים האָט זיך אויף אַ ווײַלע דאָס געזאַנג איבערגעריסן. זיין בליק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט פאַרבאָרגענער בייזקייט.

זי האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל. די אויגן אירע זענען קלענער געוואָרן. דאָס פּנים האָט באַקומען קרענקלעכע ווייכקייט:

— פאַרוואָס זשע שווייגסטו, מאַן מיינער?

זיין מויל איז געוואָרן צוזאַמענגעקלעפּט. די לעצטע צוויי ווערטער האָבן דורכגעיאָגט ציטער דורך זיין לייב:

— לאָז צופרידן!

זי האָט זיך אָפּגערוקט. צעטומלעניש האָט אַ פלייץ געטאָן איבער איר פּנים. דאָס פּנים איז איר גלייך פאַרשטייפט געוואָרן... די אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן מיט חרטה... איר קול האָט זיך געוואַקלט צווישן כּעס און געוויין:

— שוין? ביזט שוין אָנגעבלאָזן?

ער האָט דערפילט רחמנות. טיף אין זיין לייב האָט ער נאָך געפילט: אָט באַלד און ער וועט אינגאַנצן זיין דערוויטערט... צו וואָס זשע איצט צעשטערן זיין טראַכטן און וואַרטן? האָט ער זיך באַמיט צו בלייבן רויק:

— אָנגעבלאָזן? איך בין נישט אָנגעבלאָזן... וואָס פאַלט דיר איין?

— דו בייזערסט זיך דאָך!

— איך בייזער זיך נישט.

זי האָט געשוויגן. צוריק איז איר שטאָלץ געווען האַרט

אַרום איר. דאָס פּנים איז איר געווען פאַרשטייפּט, שפּיציק. זי האָט מער נישט געקוקט אויף אים.

— איך האָב געזאָגט אי ך... דאָס מיינט גאָרנישט... אַזוי רעדט מען.

— „אָלרייט..."

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— ווי איך זע, ביזטו אָנגעבלאָזן.

— איך ווייס: האָסט נישט געקענט ליידן, וואָס איך האָב אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דײַן אַקסל... ס'וועט מער נישט פּאַסירן... אַנטשולדיקט!..

ער האָט געשמייכלט פאַרלעגן. געטראַכט: „זעט אויס, ווי אַן אַלטע מויד, און איז נאָך גרויס ביי זיך". און געזאָגט האָט ער:

— דאָס איז שוין גלאַט גערעדט...

— מיינסט, איך האָב נישט געזען? אָבער איך בין עס ווערט...

— וואָס האָסטו געזען? מעגסט מיר דאָך אויך גלייבן... פאַרשטייסט דאָך: איך בין שטאַרק פאַרנומען מיט עפּעס... איך בין אומגעדולדיק... און דו — מאַכסט זיך נאַריש אינמיטן דערינען... מער נישט...

ער האָט צוריקבאַקומען זיין באַגייסטערונג: וואָלט שוין אַריבער די וואָך... ווי גוט דאָס וועט זיין! ער וועט אַריינגיין צו די חשובע לייט, צו די דזשייקאָבס, און וועט זיי רויק און געלאַסן מיטטיילן: איך קום נישט מער אַרבעטן! איך הייב אָן אַן אייגענע „ביזנעס"... און עס וועט זיך אָנהייבן אַן אַרבעט!

סאָפאַ, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעכאַפּט אין ליכטיקן פאַדעם פון האָפענונג, האָט דעם פאָדעם שוין נישט געוואָלט אָנרירן. האָט זי זיך געשטאַרקט און פאַרזיכטיק געגומען שמייכלען. האָט אויסגעהערט זיינע רייד מיט אויפמערקזאַמקייט און

צוטרוי. בסוד האָט אַ טראַכטונג געוואָרעמט דאָס האַרץ, וואָס האָט שוין יאָרן געוועלקט.

און ער איז געוועזן צופרידן פון דעם, וואָס זי איז איצט נישט בייז, וואָס זי שטערט נישט זיין באַגייסטערונג, וועלכע שלאָגט אין אַלע זיינע אברים.

זאָל שוין די וואָך אַדורך... ווי לאַנג זי שלעפּט זיך...

---

# קאפיטל פינף

היינט איז שוין דאָנערשטיק. מאָרגן איז שוין פרייטיק און עס בלייבט איבער צו וואַרטן נאָך איין טאָג. וויפל איז איצט שוין דער זייגער? — טאַנין האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, אויפגעהויבן די אויגן צום „סיטי האָל" און געזען: האַלב נאָך פינף... דער קליינער ווייזער שטייט צווישן פינף און זעקס און דער גרויסער — פונקט ביי דער זעקס... דער טאָג איז שוין אַריבער.

ער האָט ווייטער געשפּאַנט און געהאַט דאָס געפיל, אַז ער יאָגט זיך מיט אַלע כּוחות. ער וויל אַזוי דורכלויפן די טעג. אָבער מען דאַרף זיך נישט אַזוי איילן... מען דאַרף אַ ביסל איינהאַלטן די טריט... עס טויג נישט אַזוי... דער אַלטער ביל דאַרף נישט וויסן, אַז איך ברען אַזוי... און פאַרקויפן וועט ער... זיכער וועט ער פאַרקויפן... עליזאַבעט האָט געזאָגט.

אַרום אים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט נישט געזען עליזאַבעטס פּנים, נאָר דער גלאַנץ פון אירע ציין האָט אַ בליאַסק געטאָן און זיך צונויפגעגאָסן מיטן טונקל גאָלד פון אירע געדיכטע האָר. פון ווייס און טונקל גאָלד האָבן געלאַכט בורשטינענע אויגן... דאָס האַרץ טאַנינס האָט אַרויסגעלאָזט פרייד־געשריי און איז זיך פאַרגאַנגען. עס איז דאָרט אַזש ענג געוואָרן.

איצט האָט ער דערשפּירט: אין האַרצן ביי אים איז פאַרזייט אַ היימיש־פרעמד געפיל. עס ליגן דאָרט די זאָמען, ווי עס ליגן זאָמען אין פעטער ערד. עס הייבט אָן שפּראָצן, נאָר ס'איז נאָך נישט צו וויסן, וואָס עס וועט אויסוואַקסן... אָבער עפּעס וואַקסט אין אים... אים האָט זיך געדאַכט: ליכ־טיקע זון האָט אויפגעשיינט, כאָטש דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט גרויער כמאַרע, וואָס האָט אומעטיק אַראָפּגע־קוקט אויף דער טומלדיקער שטאָט...

אַרום אים — האָט געליאַרמט די גאַס. מאַשינען האָבן געריסן לאַנגע שנורן, וואָס זענען געלעגן צוגעקלעפּט צום אַספּאַלט. דער טראַמוויי האָט געשניטן פאַרהאַרטעוועטקייט; אויפן טראָטואַר האָבן געשאַרט אָן אַ שיעור טריט. און אָט האָבן זיך די מאַשינען צונויפגעשלאָגן; געשטאַנען און גע־זאָטן מיט צעקאָכט זידעריי. גלייך גענומען שרייען מיט באַ־נומענע קולות, ווי זיי וואָלטן גערופן נאָך הילף. אַ טראַמוויי האָט געקלונגען אין איין אָטעם, ווי עס וואָלט געהאַלטן ביי סכנות־נפשות. אַ הויכער פּאָליסמאַן מיט אַ גלאַט־רויט, פליישיק פּנים, האָט זיך באַמיט אַלץ איבערצושרייען.

— העלאָ, דאַק!

טאַנינס טריט האָבן זיך פאַרהאַלטן. ער האָט אַ ווײַלע געקוקט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, ווער עס איז אָט דער מענטש מיט דעם בלייכן, דריבנעם פּנים און קליין, שפּיציק בערדל. האַ? ווער איז עס? יענער האָט געשמייכלט מיט מידע אויגן. דער שוואַרצער באַטאַשמעטער קאַפּעליוש האָט שטייף געהאַלטן זיין שטערן.

— אָ... מיסטער גראָס! העלאָ!

מיסטער גראָס האָט געהאַלטן אַ „דראָג־סטאָר" און האָט אויסגעזען ווי אַ ראַבאַי. די יאָרן אין אַמעריקע האָבן נישט אָפּגעווישט פון זיין פּנים דאָס לומדישקייט און דעם רבנישן יחוס. ער האָט שטענדיק גערעדט מיט אַזאַ היימישקייט און צוגעלאָזנקייט, אַז עס איז אויסגעקומען צו פילן, אַז ער באַ־האַלט עפּעס כסדר... איצט האָט ער אויך געשמייכלט, האָט

אָנגענומען טאַנינס אָרבל און אים אַרויסגעצויגן פון געדראַנג. געבליבן שטיין מיט אים ביי דער זייט:

— שוין אַזוי לאַנג איך נישט געזען...

— אַ? אמת... שוין טאַקע לאַנג...

— עס בענקט זיך אַזוי נאָך אַ היימישן מענטשן... און וואָס הערט זיך? איר אַרבעט נאָך אַלץ דאָרט אין „שאָפּ״?

— ביי די דזשייקאָבס... דערווייל אַרבעט איך נאָך.

— דערווייל?

— עס וועט מסתּם באַלד נעמען אַ סוף.

— טאַקע? איר גייט אין „ביזנעס״ פאַר־זיך?

— כמעט אַזוי...

מיסטער גראָס האָט באַקומען אַ פּנים, ווי ער וואָלט זיך איצט געכאַפּט, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות; אַז דאָס איז גאָרנישט טאַנין, דער דאָקטאָר פון כעמיע... ער האָט באַקומען פאַרחידושטע אויגן: עפּעס איז עס דאָך גאָרנישט טאַנין... האַ? וואָס איז מיט אים?

— ווי פילט איר זיך אין געזונט?

— זייער גוט... וואונדערבאַר!

טאַנין האָט געשמייכלט. זיין פּנים איז געווען אויסגע־צערטער, בלייכער. נאָר עפּעס פאַרהוילנס האָט געברענט אונ־טער דער הויט... שטיל פייער האָט אָפּערגעלויכטן... אין די אויגן איז געווען שאַרפער גלאַנץ... די בליקן האָבן שטיל געפלאַמט, ווי אונטער רויך.

— איך אייל זיך, מיסטער גראָס... מיר וועלן זיך נאָך זען...

— וואָס איז דאָס אַזאַ איילעניש?

— מיט דער צייט וועט איר וויסן... וועלן אַלע וויסן...

טאַנין איז אַוועק. איז אַריין צווישן געדרענג. מיסטער גראָס איז אַלץ אַזוי געשטאַנען מיט פאַרחידושט פּנים און אים נאָכגעקוקט. אָט שפּאַנט ער דאָרט... ווי געשטרעקט ער איז געוואָרן... וואָס זשע? ער האָט נאָך אַלץ נישט געוואוסט, מיסטער גראָס, צי דאָס איז טאַקע דאָקטאָר טאַנין. עפּעס זעט

ער דאָך אויס אינגאַנצן נישט ער... כאָטש ער איז עס דאָך...
ער האָט געצויגן מיט די אַקסלען, האָט מיט דער לינ־קער האַנט אַ פּאָר מאָל אַ גלעט געטאָן זיין פאַרשניצט בערדל, ווי ער וואָלט זיך באַמיט צו טרעפן אַ רעטעניש...
„מיט דער צייט וועלן אַלע וויסן... אַלע וועלן עס דערהערן און נישט גלייבן די אייגענע אויערן..."
טאַנין האָט געשמייכלט מיט די ליפּן, אין אים אָבער האָט עס געלאַכט אויף אַ קול... די טריט האָט ער נישט גע־קענט איינהאַלטן. ס'איז גאָרנישט געווען געווענדט אָן אים. נישט ער האָט געאיילט, נאָר די אויפגעגליווערטע ענערגיע אין אים האָט אים געטריבן. מיטן אימפּעט איז אויך געווען שטילע פרייד, וואָס האָט געהיזלט פון האַרץ אין די אויגן אַריין און צוריק.
איז צו וואָס זשע שפּאַנט ער, אַז ער דאַרף גאָר נעמען די „קאַר"? און וואו איז זיין מאַשין? אָ, יאָ! ער האָט זי היינט אַוועקגעפירט אין „גאַראַדזש", מען זאָל זי „גריזן", וואַשן, אוילן און אין אָרדענונג ברענגען די „ברייקס"... ער דאַרף דאָך אַרויספאָרן זונטיק אינדערפרי...
אין „קאַר" האָט ער אויך געשמייכלט. מענטשן האָבן געקלעפּט צו אים זייערע בליקן. ער האָט עס נישט געזען. ער איז געווען פאַרנומען מיט דעם אויפגאַנג פון אַ גרויסער בשורה, וואָס האָט געלאַכט אין אים. געהאַט די תאווה: אָנ־טרעפן אַ נאָענטן מענטשן און אים דערציילן זיין בשורה.
גייענדיק פון „קאַר" — האָט ער פאַרקערעוועט און איז אַוועק צום הויז, וואו עס האָט געוואוינט סאָפאָס פּעטער. ער איז אַריין אַהין מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט שמייכל אויף די ליפּן:
— גוטנאָוונט, פּעטער!
יענער איז געזעסן אין עס־שטוב ביים קיילעכדיקן טיש־ער איז געזעסן שטיל, מיט רויק פּנים פון אַ ביזנעסמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ נאָרמאַלן טאָג, און איז איצט הונגעריק. ער האָט געהאַט אַ ווייסן קאָפּ. די האָר זענען געלעגן געדיכטע,

צעקעמט מיט אַ שרינט אינמיטן. די אויגן האָבן אויסגעזען, ווי נאָך בייטאָגיקן שלאָף. די מומע מיט צערויטלט פּנים און שוואַרצע, גלאַנציקע האָר, וואָס זענען אונטערטעניק גע-לעגן אין קנייטשן, האָט אויפגעהויבן אַ ביסל פאַרוואונדערטע אויגן:

— אָט איז דאָך דזשעק!.. גייסט פון דער היים?

— ניין... איך קום איצט פון גאַס.

דער פעטער האָט איבערגעריסן זיין הונגער:

— שוין געגעסן? וועסט כאַפּן אַ ביס מיט אונז?

— ניין... איך גיי גלייך אין שטוב.

טאַנין האָט געלאַכט. נישט דער פעטער און נישט די מומע האָבן פאַרשטאַנען זיין געלעכטער. אים איז אויסגעקומען, אַז די מומע האָט געגאַשט אין קיך... דערפאַר זענען אירע ליפּן איצט אַזעלכע גלאַנציקע. און דער פעטער? — וואָס איז ער אַזוי הונגעריק? און נאָך וואָס איז ער — טאַנין — איצט אַריין אַהער?

— איך בין פאַרבייגעגאַנגען, בין איך אַרייַנגעקומען.

— זיץ זשע... וועסטו טרינקען אַ גלעזל טיי.

— איך מוז גיין... סאָפּאַ וואַרט.

און ער איז גלייך אַוועק. דער פעטער מיט דער מומען האָבן זיך איבערגעקוקט.

— עפּעס זעט ער אויס מאָדנע — האָט די פרוי געזאָגט.

דער מאַן איז געווען פאַרנומען מיט זיין הונגער:

— עפּעס זעט ער טאַקע אויס אַנדערש... מסתם זיך מיטן ווייב צעקריגט.

די פרוי האָט זיך גוטמוטיק צעבייזערט:

— משוגענער! וואָס פאַלט דיר איין?

— אַ שווערע זאַך ביי אים—זיך צו צעקריגן?

— ער גייט דאָך איצט פון גאַס... נישט אַזוי זעט מען אויס נאָך אַ קריג.

— ביזט אויך געערכט...

—עפּעס איז מיט אים... און דאָס, וואָס ער איז פּלוצלינג אַריינגעקומען און גלייך אַוועק...

— ווייס איך?.. גיב מיר נאָך אַ שטיקל פלייש.

— געזונטערהייט... דזשעק האָט עפּעס מאָדנע אויסגעקוקט.

אין שטוב ביי טאַנינען איז געווען ליכטיק. ליכטיקער, ווי געוויינלעך. ער וואָלט געקענט שווערן, אַז עס זענען צוגעקומען עטלעכע עלעקטרישע לעמפּלעך. געמיטלעכער ריח האָט אים אָנגעטראָפן אין הויז. דאָס עס-צימער איז געווען צוגערוימט און דער טיש איז געווען געגרייט. סאָפאַ האָט אים באַגעגנט מיט שמייכל פון אַ מענטשן, וואָס האָט עפּעס פאַרטראַכט... זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פאַרטוך אויף דעם בלוי-זיידענעם קלייד. די האָר האָבן גאָר שוואַרץ געגלאַנצט און דאָס פּנים איז געווען פריש געפּודערט. אַז ער וואָלט געקענט שווערן, אַז זי האָט באַנוצט „ליפּסטיק"...

— מיר עסן היינט אין שטוב — האָט זי געמאָלדן.

— „אָלרייט".

— נישט געווען שטאַרק „ביזי" היינט, בין איך אַהיימגעקומען פריער... וואָס זשע? ביזט נישט צופרידן?

— פאַרוואָס עפּעס נישט צופרידן? זיכער בין איך צופרידן... איך האָב היינט דעם גאַנצן טאָג נישט געגעסן.

— פון „ברעקפעסט" אָן?

— איך האָב גאָר פאַרגעסן צו עסן.

— ביזט אַ משוגענער! וואָס הייסט: נישט עסן? משוגע דאַרף מען דאָך נישט זיין.

איר טאָן איז געווען אָנגעזאַפּט מיט געטריישאַפט... דערפאַר האָט ער זיך גלייך אויסגעדרייט, נישט קוקנדיק איר אין פּנים, און איז אַריין אין וואַש-צימער...

* * *

ווי אַ מענטש, וואָס אײַלט זיך מיט דער גרעסטער אומ־געדולד צו קומען אַהיים צו זײַנע ליבסטע נאָך יאָרן אַרומ־בלאָנדזשען, און ווען ער קומט־צו צו דער היים, ווערט ער פּלוצלינג רויק און דערשפּאַנט די לעצטע טריט דווקא געלאַסן, אַט אַזוי איז געווען מיט דאָקטאָר טאַנין:

שבת אינדערפרי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ רויקער, שטילער און געלאַסענער. אין אים — איז געווען אויסגעלײַ־טערטקייט, קלאָרקייט. ביי „ברעקפעסט" — האָט ער גוטמוטיק געשוויגן. סאָפּאַן האָט ער געענטפערט אויף אַלע פראַגן, און ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש, האָט ער אַפילו אונטער־געזונגען מיט פאַרטראַכטקייט אין טאָן.

אַלץ איז גרייט. ער האָט שוין צוגעגרייט דעם פּלאַן, ווי־אַזוי אָנצוהייבן די אַרבעט. וויאַזוי דורכצופירן די קניה. אין „גאַראַדזש" שטייט שוין די מאַשין אַ גערייניקטע, גרייט צום לויפן. מאָרגן פאָרט ער.

אַרײַנקומענדיק אין „שאָפּ", האָט ער אָנגעטראָפן דעם עלטערן מיסטער דזשייקאָבס מיט אַ סיגאַר אין מויל. ער האָט גלייך אַ טראַכט געטאָן: „מען דאַרף אים זאָגן: אויף דעם מאָנטיק וועל איך וואַרשיינלעך זיין פאַרנומען..."

— העלאָ, מיסטער דזשייקאָבס!

— „גוד מאָרנינג", מיסטער טאַנין... „ווי פילט איר דעם מאָרגן?"

— איך פיל „אָלרייט"...

— דאָס איז פיין...

זיין קול איז געווען היימיש און צוגעלאָזן. האָט אים שוין טאַנין גאָרנישט געזאָגט. ער וועט נאָך אויסקומען צו זאָגן. און ער איז גלייך אַרײַן אין לאַבאָראַטאָריע.

ער האָט געאַרבעט רויק. האָט גוט באַטראַכט די פאַרבן און

די שטאָפּן... איז געגאַנגען אויף „לאָנטש" מיט געלאַסענע טריט. דער אימפּעט האָט זיך צוריק געהאַט קאָנצענטריר ט אי אים. האָט געוואָרט מיט זיכערקייט.

אין מיטן דער אַרבעט האָט ער זיך ווידער דערמאָנט: עליזאַבעט... עס האָט זיך באַוויזן איר ליכטיק, פאַרברוינט פּנים מיט די ווייסע ציין. ס'האָט אַ שימער געטאָן פאַר די אויגן די גלייכע, שלאַנקע פיגור אין גרויען קליידל, אונטער וועלכן אַלע עלאַסטישע גלידער האָבן געזונגען... דאָס האַרץ האָט אָפּגעציילט עטלעכע קלעפּ און ווידער גענומען שלאָגן ווי פריער. עס האָט אַ שמעק-געטאָן מיט יענער צייט, ווען ער איז געווען אין רוסלאַנד און געלערנט אין לעצטן קלאַס גימנאַזיע... דער ריח איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך אַליין דערזען אין שוואַרצן מונדיר מיט די גלאַנציקע קנעפּ. נאָר די גאַס איז נישט קיין גאַס... ס'איז דער שמאָלער, זאַמדיקער וועג צווישן די בערג...

„מען דאַרף מיטנעמען עפּעס אַ מתּנה פאַר איר..."

דאָס געשטאַלט איז געווען פאַרשוואונדן, נאָר וועגן דער מתּנה האָט ער נישט פאַרגעסן. ס'איז דאָך אַזוי פאַרשטענדלעך: זי האָט דאָך צוגעהאָלפן, דער אַלטער זאָל איינשטימען צו פאַרקויפן... קיין „קאָמישן" וועט זי דאָך נישט נעמען... איז כאָטש אַ מתּנה...

ער איז אַלץ פאַרבליבן רויק, נאָר פאַרהוילענע פרייד האָט גענומען אויפגליוען אין אים. דער טאָג איז אַוועק. ער האָט אָפּגענומען זיינע „ווייִדזשעס" און אַרויס פון „שאַפּ". אַז ער איז שוין געווען אויפן גאַס, האָט ער זיך דערמאָנט: „גע-ווען געדאַרפט זאָגן, אַז איך וועל מאָנטיק נישט זיין". נאָר ער איז נישט צוריקגעגאַנגען. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס ער גייט נישט צוריק. אַ פאָר מאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט, געטראַכט צוריקצוגיין—און איז נישט געגאַנגען.

ער איז אַוועק אין „גאַראַדזש", האָט אָפּגענומען די מאַשין. האָט זי באַטראַכט. געזען: זי איז ריין, גלאַנציק און

שטאַרק. האָט ער צו איר געשמייכלט, און געדאַכט האָט זיך אים: די מאַשין שמייכלט צוריק צו אים. זי פאַרשטייט אים.

עס זאָל נאָר נישט רעגענען!

ער האָט געקוקט אויפן הימל. געזען: נישטאָ קיין שטיקל וואָלקן אפילו. ביים האָריזאָנט איז די זון געשטאַנען אַ צע־ברענטע, אַ קופּערנע. אויף די הויכע שטאָקן פון די הייזער האָבן די שויבן געגלאַנצט מיט רויטקייט. דין, פּרי־האַרבסטיק ווינטל האָט געצויגן. דערמאָנט געשניטענע פעלדער און באַרג, וואָס שטייט דאָרט מיט גרויען קאָפּ און שווייגט פאַרעקשנט.

עס וועט נישט רעגענען.

סאָפּאָ איז אַהיימגעקומען שפּעט אינאָוונט. שבת איז אַ שווערער טאָג אין „סטאָר"... ס'איז איצט אין ברען פון סע־זאָן... זי איז געווען זייער מיד.

— זעסט אויס זייער מיד.

— געווען אַ שטאַרקע „ביזי" היינט... האָסט שוין גע־געסן?

— ניין... געוואַרט אויף דיר.

— ווילן מיר אַראָפּגיין עסן?

— זיכער... רו זיך אָפּ אַ ווײַלע.

— איך בין אָבער הונגעריק.

— טאָ לאָמיר אַראָפּגיין.

זיין קול איז געווען היימיש, ווייך. זי האָט געשמייכלט... ווען זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען, האָט זי אָנגענומען זיין רעכטן אָרעם. אין אים האָט עס אַ ציטער געטאָן, נאָר אויפן פּנים האָט ער דעם ציטער נישט אַרויסגעלאָזט... זי האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אָן אים, און ער האָט געזאָגט:

— אַזוי מיד ווערן איז אַ משוגעת...

— מען קען זיך נישט העלפן.

— מען דאַרף נישט איינרייסן די וועלט.

— מען קען דאָך קיין קונים נישט אַרויסטרייבן.

— אויך אמת... און די מיידלעך?

— מען קען זיך דען אויף זיי פאַרלאָזן? זיי זענען אויך נישט געשטאַנען ליידיק...

ביים עסן האָט סאָפּאַ געשמייכלט מיט נאָענטקייט. ער האָט זיך באַמיט, זיין פּנים זאָל בלייבן גוטמוטיק. זיי האָבן געגעסן שטיל. ביי סאָפּאַן זענען די אויגן געווען, ווי מידע, שוואַרצע וואַסערלעך.

גייענדיק צוריק פון עסן, האָט זי זיך ווידער אָנגעלענט אָן זיין אָרעם. אַזוי גייענדיק, האָט ער געזאָגט:

— אַרויספאָרן וועל איך מאָרגן מיטן טאָג צוגלייך.

— אַזוי פרי?

— איך וויל נישט פּערספּעקטיקן... פּערשטייסט: דער אַלטער איז אַ פאַרמער... ביי אים טוט זיך אַלץ געלאַסן... זייער געלאַסן... וועל איך דורכן טאָג קענען מיט אים איינטענהן, דורכקומען. זיך אויסגלייכן... מאָנטיק באַלד אינדערפרי נעם איך אים אין שטעטל און ווער פאַרטיק.

— זאָל איך אויך מיטפאָרן?

— אַז דו ווילסט... וועסט אָבער דאַרפן אויפשטיין אַזוי פרי... און דו ביזט מיד...

— איך בין אַזוי מיד...

— ווועסטו אפשר זיך בעסער אויסרוען... איך וועל דאָך דאָרט זיין פאַרנומען...

— אויך גערעכט...

— ווילסט מיטפאָרן? — מיט פאַרגעניגן... נאָר איך מיין: ביזט מיד... און העלפן ווע‌סטו מיר דאָרט נאָרנישט. און נאָך: ווייסט נישט? אַ פאַרמער האָט נישט ליב, אַז מען קומט אין צווייען. ער מיינט גלייך, אַז מען וויל אים אָפּנאַרן.

— „אָלרייט"... איך וועל נישט פאָרן...

— פאַרשטייסט דאָך: פאַר מיר איז אַדרבה: עס וועט זיין היימלעכער...

— ניין... איך וויל זיך מאָרגן אויסרוען. איך וועל נישט פאָרן.

אין אים האָט שטיל געריעשט פרייד. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס אים פרייט אַזוי, וואָס ער וועט פאָרן אַליין. אויך די פרייד האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט אויפן פנים. דערפאַר האָט ער גענומען רעדן וועגן דעם, וויאַזוי ער וועט גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט.

און סאָפּאַ — אַ מידע, אַ שמייכלדיקע, האָט זיך צוגע-הערט צו זיינע רייד, האָט זיך אָנגעלעגט אָן זיין אָרעם, און זיי האָבן געשפּאַנט מיט לאַנגזאַמע, געמאָסטענע טריט...

---

# קאַפּיטל זעכּס

שאַרפע בלויקייט האָט געקוקט דורך די שויבן מיט היי-
מישקייט פון לאַנג-פאַרגאַנגענע טעג אין געבורס-שטעטל. דאָס
לייב טאַנינס איז געווען אָנגעטרונקען מיט געמיש פון פריער
יוגנט און ברייטע, מורמלענדיקע פעלדער. וואָס אַזוינס האָט
זיך אים די נאַכט געחלומט? — ער האָט נישט געדענקט, נאָר
דער טעם פון היימיש געזאַנג איז געזעסן אין לייב; האָט
אַראָפּגעשמייכלט פון זיינע שטילע ליפּן.

ער איז פאַרזיכטיק אַראָפּ פון געלעגער. געהאַט אין זינען
נישט אויפצווועקן סאָפּאַן, וואָס איז געשלאָפן אין צווייטן צי-
מער. נאָך אַלעמען איז זייער גוט, וואָס ער האָט אַ באַזונדער
צימער צום שלאָפן... וואָס זאָל ער אָנטאָן? אַ? — ער ווייסט
שוין: ער וועט אָנטאָן דאָס בלויע העמד מיט דעם טונקעלן
שטרייף. פאַרוואָס גראָד דאָס העמד? — עס זעט אויס פויע-
ריש. און ניקערס וועט ער אָנטאָן, נאָר פריער דאַרף ער זיך
אָפּראַזירן.

דער אימפּעט האָט געברענט דאָס לייב. דאָס האַרץ האָט
געקלעמט און ער האָט צו זיך אַליין געשמייכלט: „וואָס איז?
וואָס אַזאַ אויפרעגונג? מען דאַרף נישט... מען דאַרף זיין
רויק... זיכער... רויק דאַרף מען זיין״.

ווי ער וואָלט עס גערעדט צו אַ צווייטן.

ער האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם אייגענעם אימפּעט.

האָט געלאָזן אַרייַנגעשפּאַנט אין וואַש-צימער. שטיין געבליבן, זיך איינגעקוקט אין שפּיגל; האָט געשמייכלט צום אייגענעם פּנים. האָט זיך ראַזירט נישט געאיילט... קיינמאָל האָט ער זיך נאָך נישט ראַזירט אַזוי אַקוראַט... דאָס פּנים איז נאָכן ראַזירן געווען אַזוי ריין און גלאַט — ווי איבערגעצויגן מיט פרישער הויט, וואָס איז געווען ביי אים באַהאַלטן נאָך פון יאָרן צוריק.

דערנאָך האָט ער זיך אָנגעטאָן און אים איז אויסגעקומען, אַז ער איז געוואָרן דינער, אויסגעוואָקסענער. דאָס האַרץ אָבער האָט אַלץ געקלעמט.

איידער ער איז אַרויס פון שטוב, האָט ער געעפנט די טיר אין צווייטן צימער אַריין. סאָפּאַ איז געלעגן מיט אָפענע אויגן. האָט אים אָנגעקוקט און געזאָגט:

— ווי אויסגעפּוצט דו ביזט!

ער האָט גיך פאַרבאָרגן דעם שמייכל:

— אויסגעפּוצט? — — —

און אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען.

— גייסט שוין פאָרן?

— ס'איז שוין באַלד זיבן דער זייגער.

— און געגעסן האָסטו עפּעס?

— אַ פּרוכט... אויפן וועג וועל איך „כאַפּן אַ קאָפּע".

— „אָלרייט"...

— „גוד באַי"... איך וועל זיין צוריק מאָרגן.

— פאָר געזונט.

וואָס איז דער אונטערשיד? זאָל זי קוקן מיט וואָס פאַרא בליקן זי וויל... נאָר פאַרוואָס קלעמט אַלץ אַזוי דאָס האַרץ?

ווען ער איז אַרויס אינדרויסן, האָט ער טיף אָפּגעאָטעמט, און דאָס האַרץ האָט אויפגעהערט קלעמען. די לופט האָט זיך ליטער ווי וויין געגאָסן אין די לונגען אַריין. פון ווינקל הימל האָט געשמייכלט אַ גרויס רויט, פאַרזשמורעט אויג אי־בערגעצויגן מיט טונקעלן נעפּל. ער האָט אַרויסגעפירט די מאַשין פון „גאַראַדזש", האָט ווידער, פונקט ווי מיט אַ טאָג

פריער, געשמייכלט צו איר. און די מאַשין — אַ גלאַנציקע — האָט צוריקגעשמייכלט, קוקנדיק אויף אים.

„מיר פאָרן!

די מאַשין האָט זיך אַ גליטש געטאָן, אַ שטילן מרוקע און אַוועק. טאַנין האָט זיך דערפילט גרינג און פריי: אַלץ בלייבט הינטער אים, און ער — ער איז מיט זיך, מיט זיין מאַשין, מיט דעם ווייטערדיקן לעבן, וואָס וועט זיך באַלד אָנהייבן. וואַרעמקייט האָט געגלעט דאָס פּנים. די אויגן זענען געוואָרן ריינער, זעעוודיקער.

„ער האָט גאָרנישט פאַרגעסן?"

„ניין... גאָרנישט פאַרגעסן..."

„געפאָרן!"

ער האָט זיך אַ באַוועג געטאָן אויף זיין געזעס. די הענט האָבן שטאַרקער אָנגעגריפּט דאָס רעדל. דער רעכטער פוס האָט שטאַרק אָנגעטרעטן. הייסער כּוח האָט אויפגעזאָטן, האָט געגעבן אַ שטייג-אויף און די מאַשין האָט זיך גענומען טראָגן מיט אימפּעט.

די שטאָט איז שוין געווען איבערגעלאָזט. איצט האָט די מאַשין יובלדיק זיך געגליטשט איבער גלאַטן, גרויען אַספאַלט-וועג, וואָס האָט נאָך געדרימלט ליגנדיק מיטן פּנים אַראָפּ. דער וועג איז געלעגן, ווי שטייף-געצויגענע שנור לייוונט. האָט זיך געהויבן איבער באַרגיקייט, געניידערט אין טאָליקייט, זיך געקרומט און ווידער אויסגעגלייכט. די מאַשין האָט דעם וועג געזופּט אין זיך אַריין אין איין אָטעם. ווינטל האָט פריילעך-שטיפעריש געצויגן דין געשריי און מיט ווייכע פינ- גער געשויבערט די פּאַסמעס האָר אויף טאַנינס קאָפּ. מאַשינען זענען פאַרביי מיט קורצע, הייסע ריצן; הייזער האָבן געבליקט מיט פאַרבילמטע פענסטער; גרינקייט האָט זיך געגאָסן פון ביידע זייטן, ווי שטראָמען; זיך געגאָסן דורך דער מאַשין, דורכן לייב...

ס'אַרע וואונדערלעכער פרימאָרגן! בלויקייט, גרינקייט און שטיל, בלייך גאָלד! און ווי גרינג עס אָטעמט זיך. און

ווי עס ריזלט פרייד אין לייב. ווען טאַנין וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער געשליידערט הילכיקע קוויטשערייען אי־בערן וועג!

* * *

אָט איז דער געלבלעכער וועג!

טאַנין האָט געגעבן אַ קערעווע די מאַשין און זיך גע־לאָזט איבער דעם שמאָלערן וועג, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן שטילע, געשניטענע פעלדער און גערטנער מיט טרויבן־קוסטעס, וואָס זענען שוין געשטאַנען שיטערע, אַרומגעריסענע; וואו־נישט־וואו האָט נאָך געטרויטלט אַן אָרים הענגל טרויבן צווישן בלעטער, וואָס האָבן שוין געגעלבט. דער וועג איז גע־שטיגן העכער און העכער... אָבער צו וואָס אַזאַ לויפן? ס'איז נאָך פרי... געלאַסענער.

די מאַשין האָט אָפּגעאָטעמט, איינגעהאַלטן דאָס לויפן. דער שטויב האָט זיך געזעצט אַרום איר... און—אָט! ווער איז דאָרט אויף דער ווערענדע? — די מאַשין האָט זיך אַ לאָז געטאָן שנעלער, האָט זיך געגעבן אַ גליטש־צו, אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ און זיך אָפּגעשטעלט.

— העלאָ!

עליזאַבעט האָט זיך דאָרט אויפגעשטעלט. וואָס האַלט זי אין די הענט? אַ בוך?

ווייל עס האָט אים אַזוי ראַפּטעם אַ צי־געטאָן, דערפאַר האָט ער געלאָזן געעפנט דאָס טירל, איז אַרויסגעשטיגן, צו־געמאַכט דאָס טירל און מיט געלאַסענע טריט צוגעשפּאַנט:

— וואָס מאַכט עליזאַבעט?

דאָס מיידל האָט אַ שלונג געטאָן, ווי עס וואָלט איר

פֿאַרשלאָגן דעם אָטעם. אונטער דער ברוינער הויט פֿון איר פּנים האָט זיך הייסקייט אַ גאָס-געטאָן, אַריינגעשלאָגן אין די אויגן:

— „אָלרייט... איך פֿיל פֿיין"...

זי איז ווידער געווען אין ווייסן קליידל, וואָס האָט זיך אַזוי געשמאַק געטוליעט מיט פֿאַלדן צו איר טאַליע. די הענט זענען געווען נאַקעטע און ברוינע, האָבן אויסגעזען, ווי פֿאַר-טאַיעטע העלדזער:

— און ווי פֿילט איר זיך, מיסטער טאַנין?

מיט ביידע הענט צוגעטוליעט דאָס פֿאַרמאַכטע בוך צום האַרצן.

— אויסגעצייכנט! זעט איר: איך האָלט וואָרט... כ'בין געקומען.

— איך האָב געוואוסט — — —

— אַז איך וועל קומען?

עליזאַבעט האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט זיך לייכט פֿאַרשעמט. טאַנין האָט איצט געלאַכט:

— און וואו איז דער זיידע?

— אין שטוב... ראַזירט זיך... דאַכט זיך...

— און האָט נאָכנישט קיין חרטה?

— קיין חרטה האָט ער נישט. געזאָגט: ער וועט פֿאַר-קויפֿן — וועט ער...

— נאָר וואָס?

— עפּעס וויל ער אויסנעמען — — —

— וואָס אַזוינס?

— ער וועט מיט אייך רעדן... איר ווייסט? — איר געפֿעלט אים.

— ווירקלעך?

— אָ — יאָ... איר געפֿעלט אים זייער.

— דאָס פֿרייט מיך... און — — —

זיינע אויגן זענען אויף אַ ווײַלע געוואָרן אַזוי לויטער. כמעט דורכזיכטיק. די גרויקייט זייערע איז געוואָרן גרינלעך.

דער שמייכל — שטאַרק ליכטיק. אונטער די אויגן איז די הויט געוואָרן זייבער און צאַרט. עליזאַבעט האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פּנים און האָט גלייך צוגענומען די אויגן. ער האָט פאַרענדיקט:

— מיר וועלן מסתם דורכקומען.

עליזאַבעט האָט געשמייכלט: די ווייסע ציין האָבן געשלאָגן מיט צאַרטער וואַרעמקייט. אַ ווײַלע האָט זי געקוקט אין זוניקן מאָרגן אַריין, דערנאָך געזאָגט:

— היינט וועט מען דאָך סיי־ווי נישט קענען פאַרענדיקן.

— ווייל ס'איז זונטיק?

— ווער וועט זונטיק שרייבן אַן אָפּמאַך?

— אַן אָפּמאַך שרייבן? דאָס קען מען טאָן מאָרגן... מען וועט צופאָרן אין שטעטל.

— יאָ... וועט איר, הייסט עס, בלייבן אויף מאָרגן? נישט אַזוי?

— אַז מיר וועלן נאָר היינט דורכקומען צווישן זיך.

— איר דאַרפט דורכקומען...

— וועלן מיר מאָרגן צופאָרן אין שטעטל... זיך צעשרייבן... איך וויל זיך גלייך נעמען צו דער אַרבעט. עס וועט דאָ באַלד ווערן לעבעדיק. עליזאַבעט וועט אויך מיטפאָרן צום צעשרייבן זיך... עליזאַבעט וועט דאָך פאָרן? אייך קומט „קאָמישן..."

זי האָט זיך צעלאַכט:

—„דעטסרייט"... דאָס וועט זיין דאָס ערשטע פאַרדינסט מיינס פון „ביזנעס"... אָט וועל איך גיין זען צי דער זיידע איז פאַרטיק...

זי איז האַסטיק אויפגעשפּרונגען, האָט דאָס בוך געלאָזט אויפן שטול, זיך געגעבן אַ דריי־אויס און איר לייב האָט שטיל־הילכיק אַ זינג־געטאָן דורכן ווייסן קלייד. ס'האָט אַ געשריי געטאָן מיט פרייד פון איר קליידל, וואָס האָט זיך אַ יאָג געטאָן אַרום אירע געטאָקטע פיס.

וואָס זשע איז טאַנין אַזוי צעטומלט געוואָרן? ער האָט

אין זינען געהאַט צו נעמען דאָס בוך פון שטול און זען וואָס אַזוינס לייענט עליזאַבעט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, נאָר דער בליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן באַרג. ס'אַרא מאָדנע זאַך: וויפל יאָר שוין, אַז אין אים זיצט אַ בענקשאַפט? שוין אַזויפיל יאָרן, אַז די גאַרונג רייסט זיך פון אים, רופט אים, און ער האָט נישט געוואוסט, וואוהין עס רופט אים. איצט ווייסט ער: אָט שטייט ער, דער באַרג, מיט זיין פאַרבאָרגענעם סוד... צו אָט דעם סוד האָט עס אים גערופן, און ער האָט עס נישט געוואוסט. און דאָ איז זיך כסדר אַזוי געשטאַנען דער באַרג און געוואַרט מיט זיין עקשנות... פאַרוואָס זשע האָט עס גענומען אַזוי לאַנג, ביז ער איז אַהער אָנגעקומען?

— „גוד מאָרנינג"!

דער אַלטער, מיט דער ליולקע אין מויל, האָט געהאַט משפּחהדיקע היימישקייט אויפן פּנים. זיין ברייטע, האַרטע און ערלעכע האַנט האָט וואַרעם געדריקט טאַנינס:

— טאַקע געקומען? האַ?

— נו, געוויס... מען האָט דאָך אָפּגערעדט...

— אמת... און איר ווילט טאַקע קויפן?

— אויב ס'איז מעגלעך.

— מעגלעך איז... נאָר — — — זיצט, מיסטער טאַנין.

דער אַלטער האָט זיך געזעצט, צוריקוואַרפנדיק די פּלייצע צום ווענטל פון שטול. טאַנין האָט זיך אויך געזעצט. געווען גרייט אָנצוהייבן רעדן פון „ביזנעס". נאָר דער אַלטער האָט באַקומען קלוגשאַפט אין די אויגן און געזאָגט:

— אַ פיינער טאָג היינט.

— יאָ... איך האָב זייער ליב אַזעלכע טעג: ס'איז נישט הייס און ס'איז גוט.

— איצט זענען די שענסטע טעג... ס'האָט לאַנג גענומען פון שטאָט?

— אַריבער צוויי שעה.

—שנעל... אַ פיינע מאַשין ביי אייך.

— מיין מאַשין... זי גייט בעסער פון אַ „טריין".

— זעט אויס אַזוי.

טאַנין איז געוואָרן אַ ביסל אומגעדולדיק. וואָס מיינט ער, דער אַלטער, מיט זיין פאַרשווייגן? עפּעס מיינט ער דאָך... וואָס זשע? — אַ פּאָר מאָל האָט שוין טאַנין געוואָלט אָנהייבן רעדן צום ענין, נאָר ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן...

ביז עליזאַבעט איז אַרויסגעקומען:

— נו, וואָס הערט זיך? שוין פאַרטיק?

ער וואָלט שווערן, אַז זי איז איצט פאַרענדערט. עפּעס איז אויף איר אַזעלכעס, וואָס איז פריער נישט געווען.

— אָ! עליזאַבעט איז ווערט מעקלעריי! — האָט דער אַלטער זיך צעשמייכלט.

— און זי וועט באַקומען! — האָט טאַנין אונטערגעכאַפּט.

דער אַלטער האָט דאַן געפרעגט:

— און „ברעקפעסט" האָט איר שוין „געהאַט"?

— נאָך קיין „ברעקפעסט" נישט געגעסן? — האָט זיך עליזאַבעט פאַרוואונדערט.

טאַנין האָט געשמייכלט: ער האָט נאָך ווירקלעך נישט געגעסן. ער איז אַרויסגעפאָרן אַזוי פרי...

— טאָ גייט אַריין. עליזאַבעט וועט אייך געבן „ברעק־פעסט", דערנאָך וועלן מיר די זאַך אַרומרעדן... — האָט דער אַלטער געזאָגט. — רעדן פון „ביזנעס" דאַרף מען, ווען מען איז אַ זאַטער... מיט אַ הונגעריקן—איז שווער דורכצוקומען...

און האָט זיך צעלאַכט מיט אַ דריבנע, שאַרף געלעכטערל, וואָס האָט געהילכט, ווי דאָס געלעכטער פון אַ וואַלד־פויגל.

— קומט אין שטוב! — האָט עליזאַבעט געזאָגט.

איז ער געגאַנגען...

ווען טאַנין איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פרישטיק, איז דער אַלטער ווילס אַריינגעקומען אין שטוב, האָט זיך אַוועק־געזעצט מיטן אָפּן פּנים און היימישע אויגן. האָט געהייסן עליזאַבעטן, אַריינרופן די אַלטע. די אַלטע איז אַריינגעקומען, ווישנדיק זיך די הענט אין ברייטן פאַרטוך, האָט זיך באַגריסט מיט טאַנינען, און דער אַלטער האָט געזאָגט:

— זעץ זיך, אַלטע... און דו, עליזאַבעט, זעץ זיך אויך.

זיי האָבן זיך געזעצט. אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דער־נאָך האָט דער אַלטער אָנגעהויבן:

— אָט איז אַ מאַן... ער קומט פון שטאָט און וויל קויפן דעם באַרג ביי ביל ווילס... ס'איז ריכטיק: דער באַרג ברענגט מיר קיין שום נוצן נישט... קלער איך, אַז איך דאַרף פאַר־קויפן...

די אַלטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. עליזאַבעט איז געזעסן, אַזויווי זי וואָלט איבער עפּעס געוואַכט.

— ריכטיק... נישט אַזוי?

— ריכטיק. — האָט די אַלטע געענטפערט.

— וואָס זשע איז דאָ פאַראַן צו רעדן? דאַכט זיך גאָר־נישט?.. האַ? און דער מאַן געפעלט מיר... און עליזאַבעט זאָגט: עס וועט פריילעכער ווערן... — ער האָט דערביי גוט־מוטיק אַ שמייכל געטאָן — ס'איז טאַקע בעסער, אַז עס איז פריילעכער... איז אָבער אַזוי:

און דאָ האָט ער שוין געקוקט טאַנינען אין פנים אַריין, ווי ער וואָלט אים גענומען אויף אַ פאַרהער:

— איר האָט דעם באַרג באַטראַכט? איאָ?

— יאָ...

— כ'מיין נישט פאַראַכטאָגן... איך מיין פריער... איידער איר זענט געקומען צו מיר... נישט אַזוי?

— ריכטיק.

— נו, איז אָט: דער פאַרמער דזשאַן האָט אייך דאָרט געזען. איר האָט זיך דאָרט „געבאַדערט"... געגראָבן... גע־קלאַפּט... שטיקלעך שטיין געבראָכן... און דאָס צווייטע מאָל־ האָט איר אויך מיט זיך געטראָגן אַ האַמער... הייסט עס: איר האָט עפּעס פאַרטראַכט... איר זוכט עפּעס אין באַרג... ס'איז „אָלרייט"... איך אַליין קען סיי־ווי גאָרנישט געפינען... איז אָט וואָס: אויב אין באַרג וועט זיך געפינען, לאָמיר זאָגן, אַן אוצר... לאָמיר זאָגן: קופּער... וועט אויסקומען: דער אַל־טער ביל האָט זיך באַנאַרישט... אָט וואָס.

טאַנין איז געווען לייכט צעטומלט. עליזאַבעט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פרעגנדיקע בליקן. זיין פּנים האָט זיך מיט פאַרשעמטקייט לייכט אַ קנייטש געטאָן:

— וויאַזוי, מיסטער ווילס, קענט איר וויסן, צי מען וועט עפּעס געפינען אין באַרג?

— ווען איך וויים! איך ווייס טאַקע נישט. אָבער איר, זעט אויס, ווייסט יאָ...

— איך ווייס אויך נישט.

— אָבער טאָמער געפינט מען? איר זאָגט: איר ווילט רייסן דעם באַרג... איז עס ריכטיק?

— יאָ...

— איך ווייס נישט: וועט זיך דער באַרג לאָזן רייסן?— אפשר יאָ. און ווער ווייסט, וואָס אין באַרג טוט זיך? שוין געהערט פון אַזעלכע זאַכן: מען קומט... אַזוי און אַזוי... מען קויפט אַ שטיק ערד... און דערנאָך: אַהאַ! מען פירט מאַשינען... פּלוצלינג: מען צאַפּט אויל... מען גראָבט קוילן... אָדער אַנדערע זאַכן. דער אייגנטימער בלייבט דער נאַר... פאַרקויפט—איז פאַרפאַלן... אין דער געגנט האָט זיך שוין איינער אַמאָל אויפגעהאָנגען פון האַרצווייטיק.

די אַלטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איך געדענק עס... אויף אַ בוים זיך אויפגעהאָנגען... ס'איז געווען אַזאַ רעגנדיקער טאָג...

— „דעספּרייט" — אויף אַ בוים... און איך — וועל זיך נישט הענגען... שוין טאַקע נישט קיין יונגערמאַן... אָבער הענגען וויל איך נישט...

דער אַלטער האָט גערעדט געלאַסן, באַטראַכט, מיט טאַקט און שכל: ער האָט די זאַך גוט אַרומגעטראַכט. אַ גאַנצע וואָך צייט געהאַט צו טראַכטן... און וואָס? וואָס קען ער קריגן פאַר אַ שטיק האַרטן באַרג? — אַ קלייניקייט... און האַרצווייטיק קען ער האָבן זייער אַסך...

טאַנין האָט געשמייכלט. ער האָט געוואוסט, אַז איינגאַנצן פאַרלייקענען פאַרן אַלטן זיינע כּוונות וועט זיך אים נישט

איינגעבן. דער אַלטער האָט אַ קלאָרן קאָפּ און אַ גוטן פֿאַר־שטאַנד.

און ער האָט געזאָגט:

— קיין אויל וועט מען נישט געפֿינען... קיין קוילן אויך נישט... אויף אַזויפֿיל וויס איך... דאָס איינציקע, וואָס ס׳איז יאָ מעגלעך צו געפֿינען, איז אפֿשר אַ גוטער שטיין, וואָס מען קען באַנוצן פֿאַר מצבֿות.

— אָט איז עס! — האָט דער אַלטער אויסגערופֿן מיט נצחון — און ס׳איז זייער פֿיין פֿון אייך, מיסטער טאַנין, וואָס איר האָט עס אויסגעזאָגט. איצט וועט מען קענען האַנדלען.

— איך בין נישט זיכער אין דעם... איך זאָג: מעגלעך.

— איך פֿאַרשטיי.

די אַלטע האָט מיט פֿאַרצויגענע ליפּן געוויגט דעם קאָפּ אינדערברייט. זי האָט זיך גאָרנישט געקענט אָפּוואונדערן פֿון בילס פֿאַרשטאַנד: „אָט איז אַ מאַנסביל מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס...״

ביל האָט געלאַכט. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט. ער וויל פֿאַרקויפֿן... דעם באַרג און דאָס שטיק האַרטע ערד אַרום באַרג... אָבער אויב מען וועט עפּעס געפֿינען אין באַרג — וויל ער האָבן אַ חלק... ער איז שוין אַלט... פֿאַר זיך אַליין אַרט אים נישט... אָבער עליזאַבעט... זי איז זיין אייניקל, און זי איז יונג...

מען האָט גערעדט לאַנג. געטענהט, געוועזן פּאַרזיכטיק. טאַנין האָט זיך געבויגן: ער איז מסכּים... אדרבה: אויב מען וועט עפּעס געפֿינען... אָלרייט... זאָל עליזאַבעט האָבן אַ חלק... מיט פֿאַרגעניגן... אָבער וויפֿל?

איצט האָט מען זיך שוין געדונגען. מען האָט זיך גע־אַמפּערט, און דער אַלטער איז געוואָרן ווייכער. דערעיקר — ער האָט נישט געוואָלט אָפּגענאַרט ווערן... ער וויל האָבן איין דריטל... נישט פֿאַר זיך... פֿאַר עליזאַבעטן... דערפֿאַר וועט ער זיך נישט דינגען איבערן פּרייז פֿון באַרג... צופֿיל אַ דריטל?.. ניין... ס׳איז נישט צופֿיל... עליזאַבעט האָט זיך

אַריינגעמישט פון צייט צו צייט. ווען מען האָט זיך עקשנות־דיק צונויפגעשלאָגן, האָט זי עפּעס געזאָגט. געלאַכט דערביי, און די עקשנות איז ווייכער געוואָרן, ביז מען האָט זיך אויסגעגלייכט:

נאָך „דינער" וועט מען צופאָרן צום באַרג. מען וועט אים אויסמעסטן און מען וועט אַלץ וויסן... מאָרגן וועט מען פאָרן אין שטעטל אַריין און מען וועט זיך צעשרייבן.

ביי „דינער" זענען אַלע געזעסן ביים טיש אויפגעלייגט. מען האָט גערעדט און געלאַכט און ס'איז געווען אַזאַ וואַרעמע היימישקייט, ווי אויך טאַנין וואָלט געהערט צו דער משפחה. עליזאַבעטס פּנים האָט שטיל געשיינט און אין שטוב איז געווען ליכטיק. די ווענט האָבן אויך מיטגעשמייכלט...

# קאַפּיטל זיבן

ס׳האָט אויסגעזען: די אַלטע ווילסעס פאָרן חתונה מאַכן זייער אייניקל. ביידע זענען געווען אָנגעטאָן אין זייערע יום-טובדיקע קליידער. דער אַלטער אין טונקל-בלויען אַנצוג, ווייס העמד און שווארצן פילץ-הוט. די אַלטע — אין שוואַרץ קלייד, וואָס האָט געהאַט אַסך פאַלדן און ווייסן קאָלנער. עליזאַבעט איז אַרויסגעקומען פון הויז מיט צעפלאַמטער צערודערונג אויפן פּנים; אירע אויגן זענען געווען איבערגעצויגן מיט אַזאַ דין בעפּעלע, ווי זאַפטיקע, צייטיקע פלוימען אין פרימאָרגן. טאַני האָט אַ קוק געטאָן אויף איר און זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ ביסל וואונדער: זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל-גרין קליידל, וואָס האָט לאַנגע, שמאָלע פעלדלעך, און אויפן קאָפּ אַ גרין-זיידן היטעלע. די זיידענע זאָקן זענען געווען ווי צוגע-וואַקסן צו אירע געטאָקטע פיס און די שיכלעך — העל-ברוינע, טיף-געשניטענע: „ווי קומט זי אַהער צום פאַרמער?״

דער אַלטער האָט געפּיפּקעט די ליולקע. האָט זיך מיט דער אַלטער אַריינגעזעצט אין מאַשין. עליזאַבעט האָט זיך גע-זעצט לעבן טאַנינען אין פראָנט.

די אַלטע האָבן ווירקלעך אויסגעזען ווי מחותנים. פון זיי האָט עס געדויכערט מיט נחתדיקייט, און רויקער שמייכל איז געלעגן אויף זייערע פאַרברוינטע פּנימער, ווי דער שמייכל

פון אָרום, איבער דער געגנט. עליזאַבעט האָט אויסגעזען, ווי זי גרייט זיך אָנצוהייבן שטיפן.

מיסטער ווילס האָט זיך אַ באַוועג געטאָן אויף זיין געזעס און געזאָגט:

— נאָך אַלעמען, אלטע, איז אַ מאַשין אַ פיינע זאַך.

די אַלטע האָט זיך צעלאַכט מיט יונג געלעכטערל. אַ קורצס און אָפּגעהאַקטס:

— ס'איז גוזוי ווייך צו זיצן... אַ „פּלעזשור"...

— דאָס איז עס: אַ „פּלעזשור"...

אויך דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קייקלדיק געלעכטער.

— וואָס מיינסטו, ביל... וואָלסט נישט געקענט טרייבן קיין מאַשין?

— שוין צו שפּעט... איצט זיך נעמען לערנען...

דער דרויסן איז געשטאַנען אַ ליכטיק-גרויער און טרוקענער. די זון איז געווען פאַרבאָרגן אונטער שלייער, נאָר איר אָטעם איז גערונען איבער וועלט און זיך בלייך געגאָסן איבער ערד. די מאַשין האָט מיט זיכערקייט זיך געגליטשט, און טאַנין האָט גערעדט צו עליזאַבעטן:

— די אַרבעט וועט זיך גלייך אָנהייבן. קודם-כל וועט מען נעמען בויען אַ הויז, דאָס וועט זיין אַ פיין הויז, מיט ווערענדעס און אַסך פענסטער... מענטשן וועלן קומען אַרבעטן... זיכער וועט ווערן פריילעכער אין דער געגנט.

עליזאַבעט האָט איצט נישט צוגענומען די אויגן פון זיין פּנים. זי האָט געקוקט אין זיינע אויגן, געקוקט אויף זיינע צעוואָרפענע פאַסמעס האָר אויפן קאָפּ. אין איר האָט עס פאַרבאָרגן געשמייכלט. יום-טוב איז געווען אַרום. אַלץ האָט זיך געענדערט. זי האָט זיך געהאַט אַ ביסל געשראָקן; מורא געהאַט פאַרן האַרבסט און ווינטער; מורא געהאַט, די שטאָט זאָל איר נישט רופן, און זי האָט אַזוי נישט געוואָלט „גיין" אין שטאָט... איצט איז אַנדערש. זי האָט נישט גענוי פאַרשטאַנען, וואָס עס איז אַנדערש, אָבער זי האָט עס געפילט. איצט וועט

איר די שטאָט נישט רופן. אָט איז זי איצט אָנגעטאָן אין שטאָטישע קליידער — און די שטאָט מאָניעט נישט. ביז איצט האָט זי מורא געהאַט אָנצוטאָן די שטאָטישע קליידער... איצט איז אין איר געווען דאָס געמיט, ווי זי וואָלט געווען אין שטאָט, זייענדיק אין די בערג... און דאָס איז גוט... זייער גוט... זי איז אין שטאָט און דער זיידע מיט דער באָבען זענען מיט איר... ביידע שווייגן אַזוי נחתדיק...

טאַנין האָט זיך געגעבן אַ בייג-צו צום רעדל און די מאַשין אימפּעטיק אַ טרייב געטאָן. די מאַשין האָט אויפגעזונגען מיט קרעפטיקייט, האָט זיך אַ לאָז געטאָן רעשיק און גלאַטיק. אַ ווינטל האָט זיך מיט שאַרפקייט אַריינגעריסן אין מאַשין, האָט גענומען שויבערן טאַנינס קאָפּ האָר, איין פּאַסמע אַראָפּ־געשלעפּט צום שטערן, פאַרוואָרפן איבערן אויג.

עליזאַבעט האָט געגעבן אַ צי־אויס די האַנט, אירע פינ־גער האָבן זיך ווייך און וואַרעם אַ גליטש געטאָן איבער זיין שטערן און די פּאַסמע האָר צוריקגעבראַכט אונטער זיין אויער. זי האָט גלייך צוגעכאַפּט די האַנט. געהאַט דאָס געפיל, ווי זי וואָלט עס געטאָן אין חלום. פאַרשעמטקייט האָט פאַר־גאָסן איר פּנים. אונטער די אויגן האָט רויטקייט געגעבן אַ גלי־אויף.

— נישט אַזוי שנעל... די האָר פאַלן אין די אויגן... איר וועט נאָך פון וועג אַראָפּ!

טאַנין האָט אויפגעלאַכט מיט פאַרשטיקטן אָטעם:

— איך וועל פון וועג נישט אַראָפּ!.. ס'איז „אָלרייט".

— אַז עס פאַרשטעלט די אויגן!

— עליזאַבעט דאַרף זיך נישט שרעקן... אויף מיר קען מען זיך פאַרלאָזן... מיט מיר וועט קיין „עקסידענט" נישט טרעפן.

און געטריבן די מאַשין מיט אימפּעט.

וואָס איז דען געשען? — גאָרנישט איז געשען. עליזאַ־בעטס פינגער האָבן אַ וויש געטאָן איבער זיין שטערן און

דער וויש איז געבליבן ליגן. דער טעם פון אירע פינגער האָט זיך אַריינגעפּרעסט אין דער הויט און דאָרט געבליבן.

עליזאַבעט האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט אירע בליקן. האָט געפּילט: זי האָט זיך באַנאַרישט.

— עליזאַבעט זעט גאָרנישט אויס, ווי זי וואָלט געלעבט אויף אַ פאַרם... עליזאַבעט ווייסט עס? זי זעט עס נישט אויס...

דאָס מיידל האָט אַראָפּגעשלונגען איר צעטומלטקייט און צוריקגעבראַכט די בליקן צו זיין פּנים.

— עליזאַבעט זעט אויס אַ שטאָטישע... אַ פרייל פון שטאָט...

עליזאַבעטס פּנים איז געוואָרן מאַטער. געלאָשענער.

— עליזאַבעט איז אָפּט אין שטאָט? האַ?

— נישט אָפט... פאַראַיאָרן אין דער צייט געווען אין שטאָט...

— לאַנג פאַרבראַכט דאָרט?

— איבערן ווינטער...

— אָ! איצט פאַרשטיי איך...

עליזאַבעטס פּנים איז געוואָרן פאַרוואָלקנט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגנדעקלעך אַזוי, אַז די אויגן זענען אויסגעקומען האַלבפאַרמאַכט:

— דער ווינט בלאָזט אַזוי אין די אויגן אַריין.

— וועל איך פאָרן געלאַסענער.

— ניין... ס'מאַכט נישט אויס.

און הינטער זיי זענען די אַלטע געזעסן שווייגנדיקע. ביידע האָבן געקוקט אויף עליזאַבעטן און אויף טאַניען און ביידע האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי קוקן אַזוי... זיי רעדן, ווי זיי וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע... נו, איז וואָס?

אָט — און די מאַשין האָט געגעבן אַ שפּרונג אונטער, איז אַרויף אויף גלאַטן אַספאַלט. פאַר די אויגן ליגט דאָס שטעטל.

ערשט איצט האָבן אַלע זיך דערמאָנט, אַז זיי פאָרן צו־ליב „ביזנעס". ערשט איצט האָט זיך טאַנין פאַרגעסן אָן טעם פון עליזאַבעטס פינגער, וואָס ליגט אויף זיין שטערן: אָט וועט מען אונטערשרייבן דעם אָפמאַך. טאַנין וועט שטיין ביים גייעם וועג, איבער וועלכן ער וועט זיך לאָזן גיין מיט האַס־טיקע טריט.

— מיסטער ווילס! דעם לאָיערס אָפיס איז מסתם אין צענטער פון שטעטל?!

— יאָ... אין צענטער.

— און איר האָט דאָך נישט פאַרגעסן מיטצונעמען די „פייפערס"?!

— מיטגענומען.

אָט איז מען שוין אין שטעטל.

— פאָרן גלייך, מיסטער ווילס?

— גלייך... דערנאָך — לינקס... איך וועל ווייזן...



מען האָט געדאַרפט צוואַרטן. דער „קלוירק" האָט אָנ־געוויזן, וואו מען זאָל זיך זעצן. אַליין איז ער אַריין אין צווייטן צימער און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט. אויף אַ פענסטער האָט זיך געשלאָגן אַ פליג אָן שויב. די שטילקייט איז געווען אַ גע־פרעסטע און טאַנין איז געוואָרן אומגעדולדיק: ווי דער אַלטער שווייגט עס... האָט אַ פנים, ווי אָט וועט ער זיך אויפהייבן און חרטה האָבן...

וואָס זשע נעמט עס אַזוי לאַנג? עליזאַבעט איז אויפגע־

שטאַנען. זי האָט אויך נישט געקענט איינזיצן. זי איז צוגע־גאַנגען צו דער וואַנט. באַטראַכט די בילדער, וואָס זענען דאָרט געהאָנגען. אָט איז אַ טשיקאַווע בילד: אַן עלטערער מאַן, אין ברייטע קליידער מיט אַ יאַרמולקע אויפֿן קאָפּ, זיצט מיט אַ פֿאַרגליווערט, ערנסט פּנים. זיינע ווייסע, לאַנגע לאָקן הענגען אים אַריבער איבער די אויערן. מיט איין האַנט האַלט ער אונטערגעשפּאַרט זיין פֿאַרטראַכטן קאָפּ. לעבן אים, נאָר אַ ביסל נידעריקער, זיצט אַ יונגע פֿרוי מיט טרויעריק־צעשראָקן גע־זיכט. דאָס ברייטע קלייד אירס ליגט אָנגעפּאַדעוועט אַרום איר. אירע הענט זענען געקרייצט איבער אַ קני און דער לינקער אַקסל — אַ פֿולער און אַ ווייסער — איז אַנטפּלעקט. אָפּגערוקט פֿון זיי שטייט אַ הויכער, שלאַנקער מאַן מיט טונקל פּנים און אויפֿגעשויבערטע, געדיכטע האָר. זיינע פֿיס זענען אין געפּאַס־טע, לאַנגע זאָקן, וואָס גרייכן ביז די דיכן. ביי דער זייט הענגט אַ קורץ שווערדל און איין האַנט מיט צעעפֿנטע פֿינגער איז ביי אים אויסגעשטרעקט. וואָס איז אונטערגעשריבן? — „אָטעלאָ"...

עליזאַבעט האָט דאָס בילד נישט פֿאַרשטאַנען. אָבער דאָס האַרץ האָט אין איר גענומען העפֿטיקער שלאָגן. זי האָט אויס־געדרייט דעם קאָפּ צו טאַנינען. אויפֿגעהויבן די אויגן, גע־וואָלט עפּעס זאָגן. וואָס אַזוינס? איז ער ענלעך צו אָט דעם מאַן מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט? ניין... ער איז נישט אַזעלכער... זיינע אויגן זענען אַזעלכע ווייכע... פֿאַרבענקטע...

טאַנין האָט געזוכט עפּעס צו זאָגן צום אַלטן, נאָר די אומגעדולד האָט אַלע ווערטער אין אים פֿאַרבּרענט. אָבער זאָגן דאַרף מען עפּעס...

— איז אייער „לאָיער" שטענדיק אַזוי „ביזי"?

דער אַלטער האָט געשמייכלט:

— נישט ער איז מיינער און נישט ער איז „ביזי"... איך גלייב נישט, אַז ער איז „ביזי"... ס'איז בלויז אַן אָנשטעל...

— אַן אָנשטעל?

— כדי זיך צו הייסן מער באַצאָלן.

טאַנין האָט זיך צעלאַכט. עליזאַבעט האָט זיך דערגענ־טערט און זיך אויך צעשמייכלט. און די אַלטע האָט נחתדיק געקוקט אויפן אַלטן, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון שמייכלען.

ענדלעך איז דער „קלוירק" אַרויסגעקומען:

— קומט אַריין.

דער „לאָיער" איז געזעסן אין אַ ברייטער, גלאַנציקער שטול ביי אַ גרויסן שרייבטיש. שוין אַן עלטער מאַן מיט גרויע האָר און גרוי לינקאָלן־בערדל. זיין פּנים איז געווען קלאָר, עטוואָס געצרויטלט, און זיינע אויגן זענען געווען העל־בלויע. אין צימער איז געווען שטאַרק שטיל — ווי אינדרויסן וואָלט קיין ישוב נישט געווען — און די ווענט זענען געווען טונקל. דאָס צימער איז געווען באַהאָנגען מיט בילדער פון פּרעזידענטן, גרויסע „לאָיערס" און מלחמה־פירער.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט. טאַנין האָט זיך דאָ געפילט רויקער. אַט דער „לאָיער" זעט אויס צו זיין אַ פיינער מענטש.

דער „לאָיער" האָט זייער רויק אויסגעהערט, פאַרצייכנט די פּרטים אויף אַ ווייסן „בלאָק" פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן פאַר אים. האָט אַלע ווײַלע עפּעס איבערגעפרעגט. געענטפערט האָט דער אַלטער, געענטפערט האָט טאַנין.

עס האָט אויסגעזען: דאָ קומט פאָר אַ מין שטילע צע־רעמאָניע.

עס האָט געדויערט. די צייט האָט זיך געצויגן לאַנגווייליק און שווער, ווי עס רינט געדיכטע סמאָלע. דער „לאָיער" האָט באַטראַכט דעם אַלטנס „פּייפּערס", און ווען ער איז שוין געווען פאַרטיק, זיך איבערגעצייגט, אַז די „פּייפּערס" זענען נישט קיין געפעלשטע, האָט ער געזאָגט:

— „אָלרייט"... מיר וועלן אָנשרייבן דעם אָפּמאַך... איר מוזט עס גלייך האָבן?

— יאָ — האָט טאַנין שאַרף געענטפערט, — מיר מוזן עס גלייך פאַרענדיקן און זיך נעמען צו דער אַרבעט

— איר רעכנט טאַקע צו ברעכן דעם באַרג?

אַזוי האָט דער „לאָיער" געפרעגט און זיין פּנים איז געווען ערנסט, ווי ביי אַ הייליקן.

— נו, זיכער...

דער לאָיער האָט אָפּגעשוויגן אַ ווײַלע, געקוקט אין ווייטקייט מיט פרום פּנים. דערנאָך געלאַסן אָפּגעציילט די ווערטער:

— איך רעכן: ס'איז אַן איינשטעלעניש.

— אַן איינשטעלעניש?

דער לאָיער האָט לאַנגזאַם צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך פאַרשטיי נישט.

דער לאָיער האָט גערעדט ווי אַ פּאַסטאָר, האָט עטוואָס פאַרגלאָצט די אויגן און דאָס קול איז געווען פּאָטערלעך:

— פאַרשטיין, פאַרשטיי איך אויך נישט... נישט אַלץ קען מען פאַרשטיין מיטן שכל... איר, יונגערמאַן, פאַרשטייט עס געוויס נישט... ווי עס שיינט, זענט איר דאָ אַ פרעמדער... איך אָבער... איך בין, ווי איר זעט, שוין אַן אַלטער מאַן... דאָ, אין דער געגנט, בין איך געבוירן געוואָרן... דאָ זיך דער־צויגן און — איך וואָלט זיך נישט אונטערגענומען צו רייסן דעם באַרג... שוין הונדערטער יאָרן, אַז דער באַרג שטייט... מענטשן שרעקן זיך פאַר אים...

זיין קול איז געווען געפּרעסט, סודותדיק. וואָרנונג איז געווען אין זיינע רייד.

— אָבער פאַרוואָס? וואָס איז זיך דאָ פאַראַן צו שרעקן?

דער לאָיער האָט זיך איינגעקוקט אין טאַנינס באַוועג־לעך פּנים:

— און אפשר... אפשר וועט איר שטאַרקער זיין... נאָך אַלעמען לעבן מיר אין אַן אַנדער צייט איצט... „וועל" — איר קענט צוזוואַרטן אין וואַרט־צימער... שיקט מיר אַריין מיין „קלוירק".

אין טאַנינען האָט אַ ווײַלע אַ שאַרף געטאָן פאַרהוילענע

שרעק; אַן אומפאַרשטענדלעכע. אָט ווי עס טרעפט אַמאָל און פלוצלינג באַפאַלט אַ מענטשן שרעק, ווי ער וואָלט דערפילט, אַז אומגליק לאָקערט אויף אים. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ ווײַלע. אָנגעלאָפן איז אַן אַנדער געפיל, וואָס האָט די שרעק פאַרטריבן:

דער „קלוירק" איז שוין אַריין. באַלד וועט מען אונטערשרייבן דעם אָפּמאַך. אַלץ וועט פאַרטיק זיין. און — עס וועט זיך אָנהייבן דאָס, אויף וועלכן טאַנין וואַרט שוין אַזוי־פיל יאָרן... וואָס אַן אַלטן פראָווינץ־„לאָיער" קען דאָרט איינפאַלן! נאַרישקייטן. אָט דערנענטערן זיך טריט... דער „קלוירק" קומט שוין רופן... ניין. דאָס שפּאַנט דאָרט אַרום דער „לאָיער" און דיקטירט.

אָבער מען האָט זיך דערוואַרט. מען האָט אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך. טאַנין האָט דערלאַנגט דעם אַלטן ווילס אַ „טשעק"—די ערשטע איינצאָלונג... האָט שוין נישט געדענקט נישט דעם לאָיערס רייד, אַפילו נישט דעם גלעט פון עליזאַבעטס פינגער אויף זיין שטערן. די ענערגיע אין אים האָט זיך געוועקט מיט אימפעט, געשריגן אין בלוט, געריזלט אין לייב...

אַ פריילעכער איז ער אַרויס פון לאָיערס אָפיס מיטן אָפּמאַך אין קעשענע. איז עליזאַבעט אויך פריילעך געוואָרן, האָט דער אַלטער באַקומען צעהוליעטקייט אין פנים. האָט די אַלטע נחתדיק געשמייכלט.

— מיר וועלן גיין עסן „דינער" אין אַ רעסטאָראַן... לאָמיר אַ ביסל פאַרברענגען! — האָט טאַנין פאָרגעלייגט.

די אַלטע האָט זיך געוועגט:

— אינדערהיים איז גרייט „דינער" פאַר אונז! פרעגעסע, די „מייד" אונזערע, האָט אַלץ צוגעגרייט.

דעם אַלטן איז אָבער געפעלן צו עסן אין אַ רעסטאָראַן:

— שפּאַר זיך נישט, אַלטע... מיר זענען אין שטעטל... קום... זאָל מען אונז אַ מאָל באַדינען... און וואָוילעריש אונטערגעלאַכט:

— מיר ווילן, זיצן ווי די פּריצים, און מען וועט אונז באַדינען.

— כיסטער ווילס! פירט אונז אין אַ פיינעם רעסטאָראַן!

— „אָלרייט"... איך וועל פירן!

דער רעסטאָראַן איז געווען אַ גרויסער, אַ טונקעלער. עס האָט פון אים געשמעקט מיט אַלטקייט און אַמאָליקער זאַטקייט. אויף די ווענט זענען געהאָנגען בילדער פון יאַגד, אויף פּאָליצעס זענען געשטאַנען אַלטע מעטאַלענע כלים, הער־נער געדרייטע, משונהדיקע. די טישלעך האָבן געשמעקט מיט צעפוילונג. דער רעסטאָראַטאָר — אַ דיקער, אַ פאַרשלאָסענער, מיט קיילעכדיק, טונקל פּנים און פאַרגליווערטער חוצפּה אין די אויגן — האָט דערלאַנגט בראָנפן. מען האָט געטרונקען. דער אַלטער ווילס האָט אָנגעהויבן לאַכן. די אַלטע האָט מיטגעלאַכט. עלייזאַבעט האָט געלויכטן מיט פאַרבאָרגן ליכט... טאָנין האָט אויך געטרונקען. אַלע האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט, געגעסן אַסך, און דער אַלטער האָט דערציילט קייכנדיק: אָט דאָ, אין דעם רעסטאָראַן, האָט ער נאָך יונגלווייז געגעסן. געווען דאָ אַ מיידל אַ קאַליקע... געהאַט אַן אויפגעהויבענעם אַקסל, נאָר שיין איז זי געווען... האָט זי אים גערופן „ליבער"... האָט אים געהייסן קומען, ווען זי וועט זיין פריי... נאָר ער איז נישט געקומען... האָט מורא געהאַט פאַר איר און האָט זיך געשעמט... דאַן פלעגט מען זיך נאָך שטאַרק שעמען... כאַ-כאַ-כי!

די אַלטע האָט געלאַכט מיט גלאַנציק-צערויטלט פּנים און זיך געבייזערט:

— אַלטער! ווערסט שיכור! פאַרמאַך דאָס מויל!

שיכור? ביל — שיכור? ס'אַראַ ווילדע אויסטראַכטעניש! צו ער האָט דאָך נאָך גאָרנישט געטרונקען! אָט וועט ער איר באַווייזן, וואָס ביל קען! ער וועט מיט איין צי אויסטרינקען אַ גאַנצע פלאַש און וועט אַלץ נישט זיין שיכור! קום נאָר אַהער!

ער האָט אַ רוף געטאָן די קעלנערקע. יענע איז גע־שטאַנען אָפּגערוקט. דאָס איז געווען אַ צוואָקסענע מויד־

מיט טונקל פנים און שווארצע, גרויסע אויגן. זי איז געווען אנגעטאָן אין אַ ווייס פאַרטוך אויף אַ געבלימלט קליידל. די הענט — דיקע, פעטע. די האָר שווארצע, נאָר אין פנים — שרעק פון אַ פאַרפאָלגטער און אָפּגעמאַרטערטער. זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

— קום אַהער!

דער אייגנטימער, וואָס איז געשטאַנען ביים „רעדזשיס־טער", האָט צו איר געשיקט אַ בייזן, פינסטערן בליק, אַ באַ־וועג געטאָן מיטן קאָפּ, און יענע האָט זיך גענומען דערנענ־טערן מיט שווערע טריט, ווי אַ געפּענטעטע... איז געבליבן שטיין אָפּגערוקט.

— אַ פלאַש בראָנפן!.. וואָס האָסטו מורא פאַר מיר? אַ? מיינסט אויך, אַז איך בין שיכּור?

— אַלטער! וועסט מער נישט טרינקען!

— איך וועל יאָ!.. גיב אַ פלאַש! איך מוז דיר ווייזן, אַלטע, וואָס ביל קען.

די קעלנערקע איז געשטאַנען אַ ווײַלע. נישט געוואוסט וועמען צו פאָלגן. האָט זיך דאָ עליזאַבעט געגעבן אַ שטעל־אויף:

— זיידע! וועסט נישט טרינקען! גענוג!

דער אַלטער האָט איבערגעריסן דאָס לאַכן, געקוקט אַ ווײַלע מיט צעמישטן, פאַרשעמטן בליק:

— „אָלרייט"... איך וועל נישט.

די קעלנערקע האָט אָפּגעאָטעמט. נישט געקוקט צום אייגנטימער, ביי וועמען די בייזקייט האָט זיך געשרויפט אין די אויגן, און איז אַוועק אין קיך.

מען איז אויפגעשטאַנען פון טיש. טאַניע האָט באַצאָלט און מען איז אַרויס פון רעסטאָראַן.

ס'איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבן טאָג. ערגעץ האָט זיך געריסן דאָס גרויע געוועב אויפן הימל. שטיקלעך בלוי

זענען געשווימען צווישן גרויקייט. דער אַלטער איז איצט גע-וועז פאַרשעמט:

— זייט מוחל, מיסטער טאַנין... איך בין נישט שיכור...

— ס'איז „אַלריים", מיסטער ווילס.

— ניין... איך מיין עס... שוין לאַנג נישט געטרונקען... פו... האָט זיך געוואָלט אַ ביסל שפּאַסן... איר פאַרשטייט דאָך...

— זיכער פאַרשטיי איך...

מען איז צוריקגעפאָרן. אַלע האָבן געשוויגן. די אַלטע זענען געווען מיד פון עסן און פון שנאַפּס, און עליזאַבעט איז געווען אַ ביסל דערשלאָגן. טאַנין האָט געטריבן די מאַשין, דער שטויב האָט געררויכערט און פון די פעלדער האָט זיך געצויגן אַ קול, וואָס האָט אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון אָוונט... איצט האָט טאַנין צוריק דערפילט דעם גלעט אויפן שטערן. האָט געטראַכט: עפּעס האָב איך פאַרגעסן... וואָס צוזינס האָב איך פאַרגעסן?

— מיסטער טאַנין... איר פאָרט נאָך היינט אַהיים?

— אַ? זיכער... ער דאַרף זיך גלייך נעמען צו דער אַרבעט... מאָרגן האָט ער אַסך זאַכן צו דערלעדיקן אין שטאָט.

— ווען קומט איר? ווען רעכנט איר אָנהייבן בויען?

— ווי נאָר ער וועט פאַרטיק ווערן מיטן צוגרייטן זיך... אין אַ וואָך אַרום וועט ער אַלנפאַלס שוין זיין דאָ... די אַרבעט וועט ער אָנהייבן מיט אַ וואָך שפּעטער און אפשר מיט צוויי וואָכן שפּעטער.

ווען די מאַשין איז שוין געשטאַנען פאַרן הויז און די אַלטע האָבן שוין געהאַט ארויסגעשטיגן, און עליזאַבעט איז געשטאַנען און געוואַרט, ער זאָל אָוועקפאָרן, האָט ער זיך דאַן דערמאָנט:

— יאָ... איך האָב שיער פאַרגעסן... איין מינוט

ער איז אַריין אין הויז. איז אַרויסגעקומען מיט זיין

קליינער וואַליז, געבליבן שטיין אויף דער טעראַסע, אַוועקגע־שטעלט די וואַליז אויף אַ שטול:

— עליזאַבעט האָט פאַרדינט „קאָמישן"... נישט אַזוי?

אי דער אַלטער, אי די אַלטע האָבן באַקומען פאַר־שאַרפטע נייגעריקייט אין די אויגן. האָבן זיך געבויגן צו דער וואַליז, וואָס טאַנין האָט געעפנט. עליזאַבעט איז דווקא גע־שטאַנען געשטעקט, אין דערוואַרטונג.

טאַנין האָט אַרויסבאַקומען פון וואַליז אַ לאַנג, שוואַרץ שאַכטל. האָט עס געעפנט—און פון בלוי זיידנס אַראָפּ האָט אַ בלישטש געטאָן אַ לאַנגע בײַטש בורשטינענע פּאַטשערקעס. ער האָט מיט צוויי פינגער אָנגענומען דעם האַלדזבאַנד ביי אַ ברעג און אַרויסגעצויגן פון שאַכטל.

די אַלטע האָט גאָרנישט געקענט זאָגן פון פאַרוואונדע־רונג. עליזאַבעטס אויגן זענען איצט געווען פונקט ווי די בור־שטין־פּאַטשערקעס:

— פאַר מיר?

טאַנין האָט נישט געענטפערט. האָט זיך דערנענטערט צו עליזאַבעטן, האָט די שנור בורשטינען אָנגעטאָן איר אויפן האַלדז. אַרומגעוויקלט איין מאָל און נאָכאַמאָל... זיינע פינגער האָבן דערביי אָנגערירט אירע האָר און זיי האָבן אין זיך אַ ציטער געטאָן... דער ציטער איז געלאָפן איבער די הענט ביז צו די אַקסלען.

עליזאַבעט איז געשטאַנען ווי שיכור... זי האָט געקוקט מיט דאַנק אויף טאַנינען און ס׳איז איר אויסגעקומען, אַז זי קען אים שוין זייער לאַנג... פון זינט זי איז צום שכל גע־קומען...

נאָך איידער זי איז צו זיך געקומען, האָט זיך טאַנין געזעגנט, אַלעמען פריינטלעך געדריקט די הענט, איז אַריין־אין מאַשין און: —

— צום ווידערזען!

— צום ווידערזען!

די מאַשין האָט אַ ריס געטאָן פון אָרט מיט פרייד. עליזאַבעט האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, באַוועגט מיט איר אין לופט, מיט דער אַנדערער האַנט האָט זי געטוליעט די פּאַטשערקעס צום הארצן.

די מאַשין איז געלאָפן פייל פון בויגן. טאַנין איז געזעסן מיט אָפן מויל און מיט אָפענע, צעזונגענע אויגן, פילנדיק דעם אָפּמאַך אין קעשענע און דעם גלעט פון עליזאַבעטס פינגער אויף זיין שטערן...

---

# קאַפּיטל אַכט

דער קיילעכדיקער טיש איז געווען באַדעקט מיט ווייס-בלאַנקעדיק טישטוך. איז געווען געגרייט פאַר „סאָפּער". דאָס עס-צימער איז געווען פריש-צוגערוימט. די עלעקטרי האָט גע-ברענט זייער שטיל אונטערן אַבאַזשור. דאָס צימער האָט געשמעקט מיט ריח פון נאָך-חתונה. סאָפּאַ האָט מיט אַ שטילן אומרו געוואַרט אויף טאַנינען. און אפשר? אפשר וועט טאַקע קומען אַ ניי לעבן? אפשר וועט זי אריבערשווימען די פרעמדקייט און צוריק דערגרייכן צו די ברעגן פון אינטימער היימישקייט? דאָס לעצטע מאָל, ווען זי איז געגאַנגען מיט אים אין גאַס, האָט זי זיך אָנגעלענט אָן זיין אָרעם און ער איז געווען גע-דולדיק... ער האָט גערעדט מיט היימיש, ווייך קול...

שוין לאַנג, אַז זי האָט נישט געוואוסט דעם טעם פון וואַרטן. הייגט וואַרט זי אויף אים... זי האָט זיך געאיילט צו פאַרלאָזן דעם „סטאָר"; האָט איבערגעלאָזט די שליסלען צו איינע פון די מיידלעך, און אַליין איז זי אַוועק אַהיים; האָט צוגעגרייט „סאָפּער" און האָט דערביי שטיל אונטערגעזונגען. אין איר איז געווען שטיל געלעכטער: נאָך אַלעמען: אויב נישט וואַרטן אויף דזשעקן, אויף וועמען דען קען זי האָפן צו וואַרטן? זי ווייסט דאָך דעם אמת: זי איז עלטער פון אים מיט עטלעכע יאָר... און ער—דעם ווינטער ווערט ער שוין זיבן און דרייסיק...

די פאַרביסנקייט, וואָס איז געזעסן אין איר ליבּ שוין אַזוי לאַנג, האָט נאָכגעלאָזט. שטילע וואַרעמקייט האָט אָנגעהויבּן שלאָגן צום האַרץ. די אויגן האָבּן זיך אָנגעגאָסן מיט פייכטקייט, און ווייכער שמייכל האָט זיך געשטופּט דורך דער נאָז. אַהאַ! דאָס זענען זיינע טריט! דאָס איז דזשעק... שוין דאָ... דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבּן העפּטיקער צו שלאָגן.

טאַנין איז אַריין. האָט געבראַכט זוניק פּנים און ליכטיקע אויגן. זיין גוף איז שטייפער, געשטרעקטער. ס'איז גוט, וואָס ער שמייכלט. ס'אַרע ווייכקייט ס'איז אין זיין געזיכט.

— העלאָ!

גלייך דערזען די פייכטקייט אין אירע אויגן און ס'איז אים אומהיימלעך געוואָרן. דערפאַר איז זיין קול אַרויס האַרט, פרעמד — כאָטש דאָס פּנים איז אַנדערש געווען.

— העלאָ, דזשעק!

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט נענטער צו אים. האָט זיך געהאַט אויסגעטאָן פון איר פאַרהאַרטעוועטן שטאָלץ... האָט אַלץ אַזוי געשמייכלט דורך דער נאָז... אָבער אָט דער שמייכל האָט געמאַכט, אַז טאַנין זאָל מיט אַלע אברים דערפילן דאָס אַלט-מיידלשקייט, וואָס איז אין איר געווען... ער האָט געזען, איר פּנים איז געפּודערט, די ליפּן געפאַרבט... ער האָט אָנגענומען איר אויסגעשטרעקטע האַנט, האָט זי גלייך אָפּגעלאָזט, אַוועקגעמענדיק די בליקן פון איר. דערביי זיך איינגעבויגן און אַראָפּגעשטעלט די וואַליז, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— וואָס הערט זיך?

איצט האָט ער שוין געגעבּן אַ קוק אויף איר. האָט אין זינען געהאַט נישט אַרויסצולאָזן די פרעמדקייט אויפן פּנים:

— אַלץ איז „אָלרייט".

— געקויפט?

— יאָ... איך האָב שוין דעם „אַגרימענט".

גלייך אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע. אַרויסבאַקו-מען דעם אָפּמאַך און אים איר דערלאַנגט.

זי איז די פרעמדקייט נישט דורכגעשמועסן — קליינע העמערלעך האָבן געשלאָגן אין איר מוח — זי האָט געוואָלט זיך מיטפריידן, נאָר אין איר איז קיין פרייד נישט געווען... זי האָט געזען: זיין פנים איז לאַכעדיק, אָבער דאָס האָט צו איר נישט געהערט.

— ביזט דאָך אַוודאַי הונגעריק... לאָמיר פריער אָפּעסן.

— איך וועל זיך נאָר אַרומוואַשן.

ער איז אַריין אין וואַש־צימער און סאָפּאַ האָט שוין מער נישט געשמייכלט. זי איז אַריין אין קיך, האָט אָנגעצונדן די „געז" און איצט האָט זי שוין נישט געוואוסט, צי זי האָט ווירקלעך געוואַרט אויף אים... אויב יאָ — איז עס געווען אַן אומזיסט וואַרטן. אַ? עפּעס איז אין אים פאַראַן אַזעלכעס, וואָס איז אין אים ביזאַהער נישט געווען... וואָס אַזוינס?

ביים טיש איז מען געזעסן גאַנץ היימיש, אָבער דאָך פרעמד. ער האָט גערעדט און דערציילט, ווי דער אַלטער ווילס האָט זיך אָנגעשטויסן, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך... ער האָט דעריבער געמוזט מסכים זיין, אַז דער אַלטער זאָל האָבן אַ חלק, אויב מען וועט אין באַרג געפינען עפּעס ווערטפולס... מיטאַמאָל איז ער שטיל געוואָרן און זיך פאַרטאָן אין עסן. איצט האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דער אַלטער ווילס האָט געזאָגט: „פאַר מיר אַליין — דאַרף איך נישט... איך בין שוין אַלט... אָבער עליזאַבעט... זי איז יונג"...

ער האָט אַ באַוועג געטאָן דעם שטערן, ווי ער וואָלט דערפילט, אַז עפּעס איז דאָרט צוגעקלעפּט. זיינע אויגן זענען געוואָרן קיילעכדיקער, פאַרטראַכטער.

האָט דערפילט: סאָפּאַס אויגן זענען שאַרף. שטייען אויף זיין פנים. דערפאַר האָט ער זיך גלייך געכאַפּט:

— דערפאַר אָבער האָט ער פאַרקויפט ביליק און אויף גוטע באַדינגונגען.

— ווען וועסטו זיך נעמען צו דער אַרבעט?

— כ'רעכן—אין אַ צוויי וואָכן אַרום... מאָרגן וועל איך מכבד זיין די דזשייקאָבס מיט דער בשורה...

האָט אויפגעהויבן די אויגן. געזען, ווי סאָפּאַ איז אַ ביסל צערודערט, און געפרעגט:

— ביזט נישט צופרידן?

— פאַרוואָס?

— עפּעס זע איך: ס׳גייט דיר אינגאַנצן נישט אָן.

אַ שטעכיק וואָרט האָט זיך געשטויסן פון איר האַלדז. אָבער די שטילע האַפענונג, וואָס האָט בלאָס געטליעט אין האַרצן, האָט דאָס וואָרט פאַרשלונגען. זי האָט זיך צעלאַכט:

— וואָס הייסט: עס גייט מיר נישט אָן? וואָס וואָלסטו וועלן, זאָל איך טאָן? שרייען? מאַכן ליאַרעמס?

— ווי איז היינט געווען אין „סטאָר"?

— ווי אַלעמאָל.

ווידער האָט זי נישט פאַרשטאַנען: וואָס עפּעס פרעגט ער זיך נאָך אויפן „סטאָר"?

נאָכן עסן האָט טאַנין געזאָגט:

— לאָמיר אַראָפּגיין אַ ביסל.

— ביזט נישט מיד?

אין איר קול איז געווען איראָניע. נאָר ער האָט עס ווי נישט געהערט:

— כ׳בין טאַקע אַ ביסל מיד... אָבער אַראָפּגיין קען מען.

— „אָלרייט".

אינדרויסן האָבן זיי שפּאַצירט געלאָזן. טאַנין האָט גערעדט פון זיינע פּלענער און סאָפּאַ האָט אַלץ נישט פאַרשטאַנען: דערציילט ער דאָס פאַר איר, אָדער ער וויל בלויז רעדן דערפון?

זי האָט שטיל, אונטערגנבנענדיק זיך, גענומען זיין אָרעם... איין רגע האָט עס אין אים אַ ציטער געטאָן, אָבער ער האָט זיך נישט געוווערט... האָט שוין סאָפּאַ שטאַרקער זיך אָנגעלענט און זיך צוגעטוליעט צו אים. ער האָט געטראַכט: נאָך אַ וואָך, און איך וועל דאָ נישט זיין... זי האָט געלאַכט:

— קען דאָך זיין, אַז דאָקטאָר טאַנין וועט ווערן אַ רייכער מאַן... וועט ווערן באַרימט.

— אַלץ איז מעגלעך.

— און אויך איך וועל פּטור ווערן פון „סטאָר" מיט די־דערעסנדיקע „קאַסטימער"... מען וועט זיך באַזעצן צווישן די־בערג און מען וועט אָנהייבן לעבן אַ געזונט לעבן...

ער האָט געשמייכלט. נישט געקוקט אויף איר און נישט־געענטפערט. זי האָט זיך שטאַרקער געטוליעט צו אים:

— ס'קען זיין, אַז עס וועט ווערן זייער גוט... אמת, דזשעק?

ער האָט בלויז געשמייכלט.

— פאַרוואָס זשע ענטפערסטו נישט?

— וואָס ווייס איך איצט צו ענטפערן? מיר וועלן שוין שפּעטער זען.

נאָר ווען זיי זענען אַריין צוריק אין הויז, האָט טאַנין געגעבן אַ זאָג:

— איך בין אַזוי מיד...

סאָפאַ האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט חשד. אין די־אויגן איז איר גלייך אָנגעלאָפן פאַרביסנקייט:

— טאָ גיי לייג זיך...

— ס'איז שוין געבעט?

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו בעטן? מען נעמט אַראָפּ דעם צודעק און מען לייגט זיך.

— „אָלרייט"...

איר פּנים איז שוין געווען פאַרכמאַרעט:

— גיי לייג זיך... גיי...

— און וואָס וועסטו איצט טאָן?

— איך? איך וועל איבערוואַשן די עטלעכע טעלער און וועל אויך גיין שלאָפן.

טאַנין האָט זיך געאיילט. האָט זיך שנעל אויסגעטאָן. פאַרמאַכט די טיר פון זיין צימער, פאַרלאָשן דאָס ליכט און זיך געלייגט...

— — — — — — — — — — — — — —

יענע נאַכט איז סאָפאַ לאַנג געלעגן וואַך און נישט גע־

קענט איינשלאָפֿן. זי האָט זיך געוואַלגערט אויף איר געלעגער און אין איר האָט פֿאַרבאָרגן געוויינט דער עלנט... זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט געהאַט אַ טעות... אומזיסט האָט זי גע-וואַרט... טאַנין האַלט זיך פֿאַרעקשנט אויף איין ברעג און וויל די פֿרעמדקייט נישט איבערשווימען. און וואָס איז עס איצט מיט אים? עפּעס איז אין אים אויפֿגעגאַנגען אַזעלכעס, וואָס איז אין אים ביז איצט נישט געווען...

וואָס זשע וועט זיין? וועט זי זיך שוין אייביק טרינקען אין פֿרעמדקייט?..



צומאָרגנס איז טאַנין אויפֿגעשטאַנען פֿריִ, און נאָך איידער סאָפֿאַ איז אויפֿגעשטאַנען, איז ער אַוועק פֿון הויז. ער האָט געפֿילט, אַז סאָפֿאַ איז באַליידיקט; ער האָט געהאַט רחמנות אויף איר. כאָטש, מיט וואָס האָט ער זי באַליידיקט?

ווען ער איז געקומען נאָענט צום „שאַפּ", האָט ער שוין סאָפֿאַן נישט געדענקט. איצט האָט ער געפֿילט די פֿרייד פֿון שטיין פֿאַר דעם יונגן דזשייקאָבס און מיט אַ רויִק קול אים זאָגן:

— איך וועל מער נישט קומען אין „שאַפּ".

דערביי געטראַכט:

„אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די שאַנד... ווערן אויס נאַר".

אַריינקומענדיק אין „שאַפּ", האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין פּיס, געזען, אַז בלויז דער עלטערער איז דאָרט פֿאַראַן, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט: איך וועל זאָגן שפּעטער.

דעם טאָג האָט ער געאַרבעט איינגאַנצן אָן חשק, פּונקט ווי אַ מענטש, וואָס דערוואַרט די לעצטע טעג אין אַ דירה,

וואָס ער פֿאַרלאָזט, ווייל ער האָט שוין געקויפֿט אַ וואונדער־לעך שיין הויז, און וועלכן ער ציט זיך אַריבער. אַ פּאָר מאָל האָט ער אַרויסגענומען דעם אָפּמאַך פון קעשענע און מיט ליכטיק פּנים איבערגעלייענט די פּונקטן. דערביי האָט ער אַלעמאָל געפֿילט עלייזאַבעטס גלעט אויפֿן שטערן; געזען אירע צעוואונדערטע אויגן, ווען ער האָט איר אָנגעטאָן דעם האַלדז־באַנד אויפֿן גלאַטן, ברוינעם האַלדז.

פֿאַרנאַכט, ווען ער איז אַרויס פון לאַבאָראַטאָריע, איז ער צוגעגאַנגען צום אָפּיס, געזען, אַז ביידע דזשייקאָבס זענען פֿאַראַן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר

— אַריין!

ער איז אַריין. איז גלייך צוגעגאַנגען צום יונגן דזשיי־קאָבס. יענער האָט אויפֿגעהויבן צערודערטע אויגן:

— העלאָ, מיסטער טאַנין.

האָט געפּרוווט שמייכלען, נאָר דער שמייכל איז נישט אַרויסגעקומען. עס איז געווען עפּעס אַ גרימאַסע. און טאַנין האָט געזאָגט:

— איך בין דעם מאָנטיק אויך נישט געווען.

— איך ווייס... וואָס זשע הייסט עס טאָקע?

— עס הייסט: איך בין געווען פֿאַרנומען.

— איז דאָס אַן ענטפֿער?

טאַנין האָט אַלץ אַזוי געשמייכלט און יענער האָט באַ־קומען שפּיציקע אויגן:

— איר זאָגט גאָרנישט, נאָר איר קומט נישט... טוט מען אַזוי?

— איך האָב אין זינען געהאַט צו זאָגן, נאָר איך האָב פֿאַרגעסן.

— דאָס איז קיין אַרבעט נישט!

דערביי האָט זיך דער יונגערער בייז אויפֿגעשטעלט. דער עלטערער איז גלייך צוגעקומען:

— שטילער... וואָס איז דאָס פֿאַרא שרייען?

— רעד דו מיט אים! — האָט דער יונגערער זיך האַרט אָוועקגעזעצט.

— און איך וויל רעדן דווקא מיט אייך — האָט טאַנין אַלץ אַזוי שטיל געשמייכלט, מיט הנאה געשמייכלט: — איצט וויל איך אייך שוין זאָגן פריער... איך וועל מער אינגאַנצן נישט קומען!

— וו-אָ-אָ-ס? —

דער יונגערער האָט באַקומען אַזעלכע צעטומלטע אויגן, ווי ער וואָלט זיך באַמיט צו פאַרשטיין: איז עס אין חלום, אָדער אין דערווירקלעכקייט?—„ער—וועט נאָך נישט קומען"...

— אָט דאָס, וואָס איר הערט: איך וועל מער נישט קו-מען אַרבעטן.

— הייסט עס: איר האָט ערגעץ געמאַכט פּראָבע אויף אונזער חשבון? אַזוי הייסט עס? אָט דאָס זענען די שטילע לעמעלעך!

— אַזוי הייסט עס גראָד נישט... איך האָב אינערגעץ קיין פּראָבע נישט געמאַכט...

— נאָר וואָס דען?

— איך וויל פּשוט מער נישט זיין קיין נאַר און אַרבעטן פאַר יענעם... „דעטסאָל"!

דער יונגערער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. וואָס אַזאַ מין שטיל מענטשל קען! נעמט פּשוט און שמייסט אים דעם „דזשאַב" אין פּנים אַריין! אין אים האָט עס געזאָטן, די הויט אויפן פּנים האָט געברענט מיט גרינקייט.

דער עלטערער, אויך אַ צעטומלטער, האָט גערעדט געלאַסן:

— מיסטער טאַנין... טוט מען אַזוי? איר אַרבעט שוין ביי אונז אַ שיינע פּאָר יאָר... מען איז אַלעמאָל אויסגעקו-מען... וועט מען איצט אויך אויסקומען... אַן אַנדערער גיט אייך מער? — טאָ זאָגט... איר ווייסט דאָך: ס'איז איצט סעזאָן... ס'איז איצט אַ „ביזי"...

— איך גיי נישט אינערגעץ אַרבעטן.

— וואָס זשע דען? איר וועט גלאַט אין דער וועלט אַריין אַוועקוואַרפן אַ גוטן „דזשאַב״?
— איך הייב אָן אַן אייגענע „ביזנעס״...
דער עלטערער האָט צונויפגעזשמורעט די אויגן:
— אָבער ווי קען מען דאָס? איר האָט דאָך געדאַרפט געבן „נאָטיס״?
— „אָלרייט״... איך וועל „שטיין״ נאָך די וואָך...
— ווייניק!
— מער קען איך נישט.
— מיר וועלן נאָך שמועסן.
— מיר האָבן נישט מער, וואָס צו שמועסן.
דער יונגערער האָט געגעבן אַ שפּרינג-אויף. שוין גע־האַט געעפנט דאָס מויל, נאָר טאַנין האָט אים געקוקט גלייך אין פּנים אַריין און געשמייכלט. איצט איז אויסגעקומען, אַז טאַנין איז העכער פאַר יענעם כאָטש מיט דריי קעפּ.
— זייט אייך! — האָט דער עלטערער ברודער געזאָגט.
דער יונגערער האָט זיך צוריקגעזעצט און טאַנין האָט רויק געזאָגט:
— „גוד באַי״...
ער איז אַרויס מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ. ווי גוט ס'איז צוצוואַרפן אַ „דזשאַב״ און ווערן פריי... זיין אינגאַנצן ביי זיך אין רשות. אין גאַס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אויסגע־דרייט זיך מיטן פּנים צום „שאַפּ״ און זיך צעשמייכלט:
אַריבערגעטרעטן די שוועל צווישן אַלטן און נייעם. איצט הייבט זיך אָן אַ נייער וועג. דער וועג פירט אַהין, וואו עס שטייט דער באַרג פון דורות און דורות—און דער סוד אין אים רופט אים, טאַנינען, ער זאָל קומען און אים אויסלייזן... ער וועט גיין. ער וועט זיך מיטן באַרג פאַרמעסטן מיט די כוחות...

---

# קאפיטל ניין

איבערן געל־זאמדיקן וועג, וואס האט צוזאמען מיט שווייגנדיקע, ליידיקע פעלדער און פארקלערטע ביימער גע־דרימלט אין העל־גרויען סוף־אקטאבער־פרימארגן, האט גענומען קאכן געדיכט־הארטער רעש פון שווערע לאסט־אויטאמאבילן, וואס האבן זיך פון ערגעץ אינדערנידער ארויסגעהויבן מיט שרייענדיקן טומל. שטארק־באלאדענע, קרעפטיקע, האבן זיי זיך גערוקט מיט פארביסענער גבורה איינס נאכן אנדערן, שניידנדיק פאסן אין פייכטער ערד פון וועג. דאס מורמלענדיק־געפרעסטע געזאנג פון הארבסט־שטילקייט איז פארטויבט געווארן. די געגנט האט זיך אויפגעכאפט מיט דריבנעם ציטער; האט אויפ־געהויבן די אויגנדעקלעך און געקוקט מיט וואונדער... דער שטיינערנער בארג האט זיך נאך מער אנגעכמורעט און האט טיפער אראפגעזעצט דעם פלאטשיקן קאפ אין די צונויפגעקא־וועטע, ריזיקע אקסלען.

עליזאבעט איז ארויס אויף דער ווערענדע. זי האט די ערשטע פארנומען דעם פרעמדן טומל, וואס האט זיך אין דער געגנט ארייננגעריסן. זי איז געבליבן שטיין א ווײלע מיט אויפגעשטרעקטן קאפ. דאס שארפע פרימארגן־ווינטל האט צו־ריקגעריסן איר דין קלייד און שארף געצייכנט אירע יונגע, שטייפע פיס. אירע נאזלעכער האבן זיך באוועגט, פילנדיק דעם ריח פון פריש געהילץ, וואס איז געלעגן צונויפגעטוליעט אויף

די משא־אויטאָמאָבילן. באַלד האָט זי זיך רעשיק אויסגעדרייט. דאָס ווינטל האָט זיך ווי רייפן געוויקלט אַרום איר בויגעוו־דיקן גוף, האָט ראַפּטעם געגעבן אַן־עפן די טיר, איז אַריין מיט דער בשורה:

— די „טראַקס!" מיסטער טאַנין, די „טראַקס!"

— זענען שוין דאָ?

— זיי גייען!

עליזאַבעט האָט טיף געאָטעמט, ווי געשמאַקער ווינט וואָלט געשלאָגן אין פּנים. די אויגן זענען געווען ווי באַר־וואָס געוואַשענע, נאָכנישט אָפּגעטריקנטע.

טאַנין האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף, האָט געלאָזט דעם פרישטיק נישט דערענדיקט.

עליזאַבעט האָט געזען: זיין פּנים איז פאַרענדערט געוואָרן. די לעצטע טעג, וואָס ער זיצט און וואַרט אויפן אָנקו־מען פון די מאַטעריאַלן, איז זיין פּנים געווען כמורנע, אומ־געדולדיק. איצט איז די כמורנעקייט אַראָפּ און אונטער דער הויט האָט זיך שטילער פלאַם אָנגעצונדן. זיינע אויגן האָבן זיך פון קאָרע אויסגעשיילט...

— יאָ... איך הער... ענדלעך.

— איך האָב עס גלייך דערהערט.

— אַ דאַנק, עליזאַבעט.

ס'איז גוט, וואָס ענדלעך האָט ער זיך דערוואַרט. שוין באַלד אַ וואָך זינט ער האָט אַלץ איינגעקויפט; האָט באַשטעלט אַ „בילדער", וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוצושטעלן אַרבע־טער און די נויטיקע מאַטעריאַלן. שוין צוויי מאָל, אַז ער איז צוגעפאָרן אין שטעטל אונטערצואיילן. און ענדלעך! ער האָט באַקומען אַ פּנים פון אַ פאַרנומענעם מענטשן, איז גלייך אַרויס אויף דער וועראַנדע.

עליזאַבעט האָט דערפילט: פרייד האָט איר אַרומגעכאַפּט. זי האָט זיך געלאָזט צו דער קיך, אַריינגעשריגן צו דער אַלטער:

— מען פירט שוין!

די אַלטע האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט:

— וואָס פירט מען?
— דאָס געהילץ!
ווען די אַלטע האָט געוואָלט איבערפרעגן, האָט זי שוין עליזאַבעטן נישט געזען ביי דער שוועל. זי איז שוין געווען אַרויס דורך דעם הינטערשטן אַרויסגאַנג, איז צוגעלאָפן צום שפייכלער:
— זיידע! שוין! מען פירט שוין דאָס געהילץ...
און גלייך דורכן הויף אַרויסגעלאָפן צום וועג, איז אַרויף אויף דער ווערענדע:
— איך האָב געוואוסט, אַז היינט וועט קומען דאָס געהילץ!
— געוואוסט? וויאַזוי?
— ס'האָט זיך מיר געחלומט.
זי האָט זיך שטיל צעלאַכט.
דער אַלטער ווילס איז אויך אַרויסגעקומען אויף דער ווערענדע, נאָך אים — די אַלטע, וואָס האָט זיך געהילט אין טונקעלן „סוועטער". זי האָט פאַרחידושט געשמייכלט: אַהאַ! מען פירט טאַקע... אויסגעזען האָט: אַלע האָבן מיט דער גרעסטער אומגעדולד געוואַרט אויף דער בשורה, וואָס די משא־אויטאָמאָבילן האָבן געבראַכט.
טאַניע האָט אַקעגנגעשפּאַנט די אויטאָמאָבילן, האָט אויסגעשריגן צום ערשטן טרייבער:
— אַהין! גלייך צום באַרג!
— „אָלרייט".
דער טרייבער האָט דאָס וואָרט אַרויסגעוואָרפן דורך ווינקל מויל. האָט זיך נישט באַוועגט און שטיל זיך געקייט דעם טאַבאַק. אין זיינע שטילע אויגן איז בלויז געווען אַ ביסל חידוש. וואָס אַזוי צערעשט?
— בלויז געהילץ?
— געהילץ בלויז.
— מיסטער מאַגיל האָט גאָרנישט געזאָגט?
— גאָרנישט. געהייסן פאָרן... ער שיקט אַרויס אַנדערע מאַטעריאַלן.

טאַנין איז געשטאַנען אַ פּאַרטוּענער. האָט דורכגעלאָזט פּאָר זיך די אויטאָמאָבילן. זיי האָבן פאַרבייגעטומלט און גע־שטופּט דעם רעש אַלץ ווייטער — צום באַרג. דאַן איז טאַנין אַרויף צוריק אויף דער ווערענדע, געבליבן שטיין און אַליין נישט געוואוסט, וואָס ער דאַרף איצט טאָן. ער האָט געשמייכלט מיט נצחון, האָט געקוקט דאָ אויף עליזאַבעטן, דאָ אויפן אַלטן און אויסגעקומען איז אים: ער לעבט שוין זייער לאַנג צווישן זיי...

— מען וועט גלייך נעמען בויען. ביז דער ווינטער וועט אָנקומען — וועט שוין שטיין אַ הויז.

— רירעווודיק!.. דאָס הייסט: געזאָגט און געטאָן.

אַזוי האָט געזאָגט דער אַלטער ווילס, שטייענדיק מיט דער ליולקע אין מויל.

— און איר האָט געמיינט—איך שפּאַס? האַ?

— נישט געמיינט... גלייך דערקענט: אַ מענטש מיט ענערגיע.

— און איר האָט געהייסן וואַרטן אויף „ספּרינג".

— „וועל" — אַז מען איילט נישט — קאָסט ביליקער... אָבער, אַז איר זענט אַן אומרויקער מענטש.

— אין דריי טעג אַרום וועלן זיין די מאַשינען! „יעס סיר"!

טאַנינס פּנים האָט זיך געררויטלט. ער האָט געלאַכט מיט שטיל, ווייך געלעכטער.

פאַרוואָס האָט זיך עליזאַבעט פאַרשעמט? זי האָט נישט געוואוסט. טאַנינס בליק איז געפאַלן אויף איר פּנים, ווי וואַ־רעמער זון-פלעק; האָט זיך אַראָפּגעגליטשט ביז צום פולן, פאַרברוינטן, לויטערן האַלדז און דאָרט געבליבן ליגן, ווי ווייכגלעטנדיקער האַלדזבאַנד. דערנאָך האָט זי שוין נישט גע־קענט אַוועקנעמען די אויגן פון זיין פּנים און פון זיין פיגור. אירע בליקן האָבן זיך צו אים צוגעקלעפּט. אין האַרצן איז ליכטיק; איצט וועט מען שוין בויען... עס וועט דאָ ווערן

אנדערש... עס האָט זיך איר פאַרגלוסט זינגען. מאָדנע: ס'איז־
דאַכט זיך, כמורנע דער הימל, נאָר די זון פלאַמט דאָס פּנים...
— איך וועל איצט צוגיין צום פלאַץ.
טאַנין איז אַריין אין קאָרידאָר. עליזאַבעט האָט אויסגע־
דרייט דעם קאָפּ. אירע בליקן האָבן זיך נאָכגעצויגן, ביז ער
איז מיט פלינקע טריט אַרויף אויף די טרעפּ.
„ס'איז גוט, וואָס די „טראָקס" זענען שוין געקומען און
טאַנין האָט שוין וואָס צו טאָן"...
וואָס האָט צו טאָן איר פאַרבאָרגענע פרייד מיט דידאָ־
זיקע לאַסט־אויטאָמאָבילן? עס האָט יאָ צו טאָן... עס האָט שוין
אַסך צו טאָן... וואָס אַזוינס?—עליזאַבעט ווייסט נישט. אָבער
זי פילט אַז עס האָט צו טאָן... זאָל טאַנין נישט זיין כסדר
פאַרנומען מיט אויסקוקן זיי...
ווען זי האָט צוריקגעבראַכט די בליקן, האָט זי דערזען:
דער אַלטער שטייט מיט עטוואָס צונויפגעזשמורעטע אויגן און
אַ זייער דינער שמייכל איז איבערגעצויגן איבער זיינע ליפּן.
האָט זי דערפאַר אַ זאָג געטאָן:
— מען וועט אָנהייבן אַרבעטן, וועט ווערן פריילעך...
נישט אַזוי?
— יאָ, עליזאַבעט...
די אַלטע האָט געזאָגט:
— אַ מענטש אַ רירעוודיקער... ער וועט שטיינערנע
ווענט דורכברעכן און זיינס דערגרייכן... און — עפּעס אַזאַ
היימישער...
— ריכטיק: אַ היימישער. — האָט דער אַלטער צוגע־
שטימט.
עליזאַבעט האָט זיך דערביי קלינגעדיק צעלאַכט און
גלייך אָפּגעהאַקט.
טאַנין איז אַרויסגעקומען. ער האָט געהאַט אויסגעטאָן
דאָס רעקל, דעם קראַוואַט און איז געווען אָנגעטאָן אין אַ
וואַרעמען, גרויסן „סוועטער". די האָר זענען געווען צעשויבערט

אויף זיין קאָפּ. די פּאַסמעס זענען געפאַלן איבער די אויערן. דאָס פּנים איז געווען אָנגעגאָסן מיט זיכערקייט:

— צום ווידערזען!

— זאָל זיין מיט גליק! —האָט דער אַלטער צוגעוואונשן.

ער האָט וואַרעם אַ דרוק געטאָן טאַנינס האַנט. טאַנין האָט געשמייכלט און עליזאַבעט האָט זיך נישט ווילנדיק אַרויס־געכאַפּט:

— פאַרגעסט נישט צו קומען אויף „דינער".

איר קול איז געווען אַזוי לויטער, ווי דאָס קול ביי אַ געזונט, צעשטיפּט קינד, וואָס האָט נאָר־וואָס שטאַרק געלאַכט. טאַנין האָט ווידער אַ וואָרף געטאָן צוויי זון־פלעקן אויף איר פּנים. אונטער אירע ליכטיקע אויגן האָט זיך רויטקייט גע־צונדן.

— „אָלרייט", עליזאַבעט!

זי האָט דאָס וואָרט נישט געהערט: זי איז שוין געווען אין שטוב. דאָרט האָט זי מיט פאַרשעמטקייט און מיט פרייד געשפּאַנט פון צימער אין צימער. וואָס זשע אַזוינס האָט זי געוואָלט טאָן? — זי געדענקט נישט, וואָס זי האָט געוואָלט טאָן...

* * *

אַריבערגעשפּאַנט די גרענעץ. דאָס געוועזענע איז גע־בליבן פון יענער זייט. אַהין וועט ער שוין נישט צוריקקערן. איצט איז אַ נייער אָנהייב. און ס'אַרע זיכערער באָדן. אפשר צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, אַז ער שפּאַנט אויף אייגענער ערד צו בויען אַ אייגן הויז און אייגן לעבן.

ער האָט געשפּאַנט מיט גלייכן, שטייפן גוף, האָט גע־אָטעמט גרינג, טיף, און דער „סוועטער״ טוליעט זיך צו הענט און ברוסט. אַלץ אַרום שמעקט באַטעמט און גוט. די בלעטער, וואָס וואַלגערן זיך ביי זייט וועג, מורמלען היימיש אונטער די פיס, ס'ווינטל קילט דאָס פּנים; גלעט מיט ווייכע פינגער צווישן די האָר.

„פאַרגעסט נישט צו קומען אויף „דינער״.

ער האָט געשמייכלט צו זיך אַליין; זיינע אייגענע אויערן האָבן געהערט דאָס שמייכלען פון האַרץ.

— איך וועל צוהעלפן!

טאַנין האָט זיך מיט שטילער תּאווה דערנענטערט צו די אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן זיך אויסגעלאָדן. זיינע פינגער האָבן זיך געקלעפּט צו פּריש־געשניטענע בלעטער, צו קלעפּיקע לייסטן, זיך געקלאַמערט אַרום בעלקעס. ברעט אויף ברעט איז געפאַלן מיט הילך, לייסט צו לייסט האָט זיך געטוליעט, קלעצער האָבן זיך אַראָפּגעוואַלגערט מיט טעמפּע קלעפּ. טאַנינען איז אויס־געקומען: דאָס געהילך לאַכט מיט היימיש געלעכטער. ער האָט אין זיך אַריינגעצויגן דעם ריח פון האָלץ; פון קאַלעפאָניע, וואָס האָט ווי צעגאָסענער בורשטין אַראָפּגעגלאַנצט פון דורכ־געשניטענע סענקן; האָט די קלעפּיקייט געפילט אויף זיינע הענט און אים איז גוט געווען.

צומאָרגנס זענען ווידער געקומען די משא־אויטאָמאָבילן. זיי האָבן געבראַכט וואַפּנע, צעמענט, דינע שטיינדלעך און ריין, דיק זאַמד. די כמאַרעס זענען געלעגן אויף הימל ווי פון גע־וועב און די זון האָט שטיל דורכגעשיינט; געלעגן אויף ערד, ווי דין גאָלד־הייטל. די מאַטאָרן האָבן געברענזשעט, געזאָטן, גע־שלאָגן מיט היץ און שטאַרקייט, האָט טאַנין געהאַט דאָס גע־פיל: אויך פון זיינע אברים שלאָגט קרעפטיקייט; אויך אין אים זידן די כּוחות. ער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די לאַסט־אויטאָמאָבילן, ווי עפּעס וואָלט אים באַהעפט מיט זיי... אָט האָט זיך אויפגעהויבן אַ ליאַרעמדיק גראַגערן: דער אייבערשטער טייל פון אַ לאַסט־אויטאָמאָביל האָט זיך גענומען הייבן פון איין זייט.

זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער. מיטאַמאָל: אַ פּאָר שטאַרקע הענט האָבן געגעבן אַ הייב-אויף דאָס הינטערשטע ווענטל, און עס האָט הילכיק אַ שטראָם-געטאָן. די קליינע שטיינדלעך זענען אימפּעטיק געלאָפן איינס איבערן אַנדערן, איינס מיטן אַנדערן, געהורבעט אַ בערגל, ביז דער שטראָם האָט זיך אויסגעגאָסן—און שטיל געוואָרן. פון אַן אַנדער אויטאָ-מאָביל האָט זיך געגאָסן אַ דינער שטראָם און פון אַ דריטן האָט אַן אַרבעטער געוואָרפן פאַרבייטע זעקלעך צעמענט. די זעקלעך זענען געפאַלן איינס איבערן אַנדערן, איינס לעבן אַנדערן; האָבן פון זיך אַרויסגעשלאָגן גרוי-גרינלעכן נעפּל. דער נעפּל האָט זיך געוויגט ווי רויך און זיך גלייך געזעצט. טאַנין האָט זיך נישט אָפּגערוקט, געפילט, ווי דער שטויב לייגט זיך אויף האַלדז און פּנים; צופּט אין דער גאָז און דעקט זיינע שיך מיט אַ דין הייטל—און ס׳איז אים גוט געווען.

דערנאָך האָט טאַנין מיט אומגעדולד געוואַרט אַ פּאָר טעג. ער האָט כּסדר געקוקט אויפן הימל, האָט אים געפּאָרשט: מורא געהאַט פאַר רעגן; די הייב-מאַשין איז אַ שווערע, וועט דער וועג ווערן נאַס—וועט נישט לייכט זיין די מאַשין צו ברענגען.

די טעג זענען געשטאַנען גרויע, נאָר בייטאָג האָט די זון-ליכטיקייט דורכגעשלאָגן די דינע געוועבן. הוילקייט האָט געצויגן דין קול איבער פעלדער, דיביימער האָבן שוין גע-האַט ווייניק בלעטער אויף זיך. דער ווינט האָט באַקומען שאַרפע קילקייט, און וואָס וועט ער טאָן אָן דער הייב-מאַשין? מען קען גאָרנישט אָנהייבן צו טאָן.

ער איז צוגעפאָרן אין שטעטל, איז אַוועק צו מיסטער מאַגיל:

— וואָס זשע שווייגט איר?
— וואָס מיינט איר: איך שווייג?
— וואו איז די הייב-מאַשין און וואו זענען די אַרבעטער?
— מאָרגן... היינט פאַרענדיק איך אַ „דזשאַב".
— זיכער מאָרגן?
— זיכער.

דער מיסטער מאַגיל האָט אויך געקוקט פאַרוואונדערט וואָס ב״ענט עס אַזוי ביי דעם מענטשן ? וואָס האָט ער אַזוי־ קיין צייט נישט ?

— מיסטער מאַגיל... איך האָב מורא פאַר רעגן.

— ס׳וועט זיין „אָלרייט״...

— אָבער מאָרגן ?

— „יעס, סיר״.

צומאָרגנס איז אָנגעקומען די הייב־מאַשין.

ס׳איז שוין געווען ביינטאָג. טאַגין האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט מאַטעריאַלן. ער האָט דערזען פון ווייטן די מאַשין און דערפילט: עס רוקט זיך אַהער נישט אַ מאַשין, נאָר אַ געזאַנג. זי האָט זיך גערוקט איבערן וועג, לייגנדיק רעגלמעסיק די פירעקנדיקע, געקייטלטע לאַפּעס, לאַפּע נאָך לאַפּע, וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט אין געלן זאַמד־וועג. פון קוימען האָט עס געשלאָגן מיט גערדיכטע קנוילן רויך. ריזיקע לונג האָט געאָטעמט מיט לאַנגע, ברייטע אָטעמס. פּאַך און פּאַך! פּאַך און פּאַך! אַ גלאַטער ראָד האָט געשאָר־ וועט מיט ווייכער שאַרפקייט, ווי אַ מעסער וואָלט געשניטן ליידיקייט אין פּאַסן.

מיט דער מאַשין זענען אָנגעקומען עטלעכע שוואַרצע אַרבעטער. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין טונקל־בלאָע „אָווע־ ראָלעס״ און האָבן געקוקט מיט אַזעלכע אויגן, וואָס זעען גאָר־ נישט אַחוץ דאָס, וואָס איז אין זיי אַליין... דער, וואָס האָט גע־ פירט די מאַשין, איז געווען אין אַ בלאָ העמד מיט אייל־פלעקן. זיין פּנים איז אויך געווען מיט טונקל־פעטע צייכנס. עס האָט פון אים געאָטעמט מיט כּוח און שטייפקייט.

שפּעטער מיט אַ שעה איז דער „בילדער״ מיסטער מאַגיל אַליין געקומען. ער איז געקומען אין זיין „שעווראָלעט״ און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר מיסטער ווילסעס הויז. ער איז אַרויס פון מאַשין און מיט די ציין געקייט דעם דיקן סיגאַר. דער סיגאַר איז געווען צעווייקט ביז אין דער העלפט. ער איז געווען אַ געפּאַקטער פאַרשוין מיט פעטע אַקסלען און קאַרק.

די קליידער אויף אים — האָבן אויסגעזען שמאָל. דאָס פּנים — קײלעכדיק, שטײף און פאַררויטלט. ער האָט געהאַט בלאָנדע האָר און דאָס היטל איז געווען קויטיק. דער דזשעק אַ ביסל אין אַ זייט. די אויגן — קליינע נאָר שאַרפע, זיי זענען געלאָפן הין און צוריק, ווי זיי וואָלטן פון עפּעס אַ כּוח געטריבן געוואָרן. האָט געהאַט דיקלעכע ליפּן און אויפן פּנים איז קיין איין קנייטשעלע נישט געווען, ווי די הויט וואָלט געווען שטאַרק אונטערגעבלאָזן...

עליזאַבעט איז אַרויסגעקומען.

— איז מיסטער טאַנין ביי אייך?

— מיסטער טאַנין? ער איז איצט נישטאָ אין הויז.

— נישטאָ אין הויז?

— ער איז דאָרט אויפן פּלאַץ, ביים באַרג.

— אַהאַ...

דער פּאַרשוין האָט אַ ביסל צונויפגעזשמורעט די שאַרפע אייגעלעך, וואָס האָבן זיך צעגלאַנצט מיט טונקעלער פעטקייט. ער האָט גענומען שמייכלען:

— דו, מיידל... ביזט פון דעם הויז?

עליזאַבעט האָט דערפילט אַ נישט־היימלעכקייט. עפּעס האָט זיך אין איר אַ קרום געטאָן:

— מיסטער טאַנין איז דאָרט אויפן פּלאַץ. פאַרשטאַנען?

פון איר פּנים האָט עס שטרענג אָן אָטעם געטאָן. זי האָט זיך גלייך אויסגעדרייט און אַריין אין הויז.

דער פּאַרשוין איז נאָך אַ ווײלע געשטאַנען. האָט פאַרבאָרגן געשמייכלט: „סאַם גוירל"... האָט געקוקט צום פענסטער, האָט אַרויסגעיאָגט קייטלדיקן שמייכל דורך דער נאָז און צוריק אַריין אין מאַשין.

טאַנין האָט זיך מיט אים דערפרייט:

— העלאָ, מיסטער מאַגיל! איך האָב געמיינט, איר וועט שוין היינט נישט קומען.

— האָב איך דען נישט צ׳געזאָגט היינט צו קומען?

— צוגעזאָגט האָט איר — — — —

— בין איך געקומען. אָט בין איך!
— און ווען קומען די עגבערס?
— איר מוזט זיי גלייך האָבן?
— די אַרבעט וואָלט געגאַנגען שנעלער... געבראָכן שטיין און גלייך פאַרנוצט צום פונדאַמענט!
— „דעטסרייט"... זיי וועלן דאָ זיין מאָרגן אָדער נאָך אַ טאָג...

מיסטער מאַגיל האָט אַוועקגעשפּיגן דאָס שטיק צעקייטע סיגאַר, האָט גלייך פאַרשטעקט צווישן די ציין אַן אַנדערן, אים פאַררויכערט; אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל. איצט האָט זיין בויך אַ ביסל אָפּגעשטאַרט. צווישן וועסטל און די הויזן האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַס העמד. דאָס העמד איז געווען ווייס און קויטיק. ער האָט מיטן אַרבל אַ וויש געטאָן דעם שטערן און מיט דיק קול געזאָגט:
— איצט לאָמיר זען.

ער האָט פון מאַשין אַרויסבאַקומען דעם געצייכנטן פּלאַן. האָט אים אויפגעוויקלט, אַריינגעקוקט, אָפּבייגנדיק דעם קאָפּ אויף צוריק, דערביי איז אים אונטער דער גאָמבע אויפגעלאָפן נאָך אַ גאָמבע.

טאַגין האָט אים געהאָלפן, צוזאַמען מיט אים אויסגעמאָסטן דעם פּלאַץ. די הייב-מאַשין איז געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטן, שטייפן, לאַנגן האַלדז. פון קוימען האָט זיך איצט געצויגן דינער רויך און די רעדלעך האָבן שטיל געכאָרכלט. די נעגערס מיט די גלאַנציקע בראָנז-פּנימער האָבן געשפּאַנט מיט שווערע טריט. ס'האָט אויסגעזען: זיי גייען אַרום אויף צוגעשטעלטע פיס. זיי האָבן צונויפגעטראָגן די זעקלעך צעמענט אויף איין אָרט, אַנדערע האָבן צונויפגעשלאָגן פון ברעטער אַ דאַך, וואָס האָט געדאַרפט שיצן די מאַטעריאַלן פון רעגן. דאָס קלאַפּן פון די האַמערס האָט געהילכט אין ליידיקייט, ווי הויכע שטימען אין אַ גרויס, ליידיק הויז. אַנדערע האָבן צונויפגעשאַרט די שטיינדלעך און דאָס זאַמד. זיי האָבן

זעצ־בעט שטיל, ווי שטומע. ס'האָט אויסגעזען, זיי טראַכטן פון ווייטקייטן...

דאָס געוועב אויפן הימל האָט זיך געהאַט צעריסן. די זון האָט פונוויטן געצויגן העל־גאָלדענע סטענגעס אין דער קווער. איבער בערגלעך זענען געלאָפן שטיקער שאָטן. געלאָפן פון איין אָרט אויפן אַנדערן אין געהיימער שרעק. די ביימער זענען געשטאַנען אומעטיקע, מיט שיטערע בלעטער. דאָס ווינטל האָט זיך אַלע ווײַלע דורכגעטראָגן און מיטגעשלעפּט געלע בלעטלעך, וואָס האָבן זיך שטיל געדרייט, פאַלנדיק צו דער ערד. די געגנט איז געשטאַנען אַן אָפענע, און פאַרוואונדערטע אויגן האָבן געבלאָנדזשעט אין ליידיקייט.

דער באַרג איז איצט געשטאַנען מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. האָט ער אויסגעזען: אַ פאַרמשפּטער ריז, וואָס קוקט צו, ווי מען גרייט זיך אים אומצוברענגען. קוקט ער מיט פינסטערע אויגן און אין זיין ברוסט קאָכט פאַרביסנקייט און כּעס, וואָס איז שוואַרץ, ווי סמאָלע... די מוסקולן ציען זיך אָן, ווי האַרטע שטריק: מיר וועלן נאָך זען, ווער ס'איז שטאַרקער... מיר וועלן נאָך זען...

---

## קאַפּיטל צען

דער קוואַל פרייד, וואָס האָט אויפגעבראָכן אין עליזאַ־בעטס גוף, ווען זי האָט דערזען די ערשטע לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט געהילץ, — האָט שוין נישט אויפגעהערט שלאָגן אין איר. די פרייד האָט געריזלט אין אַלע אברים, האָט געגלעט דאָס האַרץ מיט צאַרטער ווייכקייט און שטיל געלאַסטשעט דאָס דורשטיקע לייב. די לעצטע שטיקלעך וואָלקן, וואָס זענען נאָך געבליבן אויף איר הימל פון זינט זי האָט זיך צוריקגעקערט פון שטאָט — זענען זיך צעגאַנגען; די לעצטע פלעקן פון פאַרהוילענער בענקעניש צו דער שטאָט האָבן זיך אָפּגעווישט, און דער הימל איז לויטער און ריין... די פרייד האָט גע־שמעקט פון דער הויט, זיך געריסן דורך די טונקל־גאָלדיקע אויגן, דורך די קופּער־האָר, דורך די שפּיצן פון די פינגער... ס'איז געוואָרן אַזוי גרינג צו לעבן, כאָטש הייב זיך אויף אין פלי איבער פעלדער זינגענדיק. די פרימאָרגנס האָבן איר גע־טראָפן מיט געלעכטער אין די אויגן און די טעג האָבן צו איר געזונגען מיט האָפענונג. ביזאַהער איז אַלץ געווען צו־פאַל; אַלע, וואָס זענען אַהערגעקומען, זענען געווען בלויז פאַרבייגייער. טוריסטן זענען אָנגעקומען, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף טעג, אויף וואָכן, פאַרזייט אַ ביסל געלעכטער, שטיפעריי— און זענען אַוועק. — נאָך זיי איז גאָרנישט געבליבן. טאַנין וועט אָבער בלייבן. ער איז אַהערגעקומען צו בלייבן. וואָס זשע

וועט זיין, אַז ער וועט דאָ בלייבן? עליזאַבעטן איז אַפילו נישט איינגעפאַלן, אַז מען קען וועגן דעם טראַכטן. ער וועט בלייבן. און ס'איז טאַקע גוט, וואָס ער בלייבט דאָ...

דאָס הויז איז געוואָרן ליכטיקער, גרוימער. עליזאַבעטס געזאַנג האָט געוואַנדערט איבער די צימערן. אירע יונגע פיס האָבן נישט געקענט איינרוען. אירע הענט האָבן זיך באַוועגט פלינק און דאָס קליידל איז כסדר געלאָפן ארום אירע פיס מיט געלעכטער. זי האָט אַליין גערוימט די צימערן, דערביי געזונגען מיט לויטער קול, וואָס איז זיך אַלע ווילע פאַרגאַנגען — געלייטערט זילבער האָט געקלונגען — און אויסגעדאַכט האָט זיך: אָט און דאָס קול גייט-אויס פון פאַרחלשטן אומעט. פלוצלינג האָט עס צוריק אויפגעטויכט מיט אַזאַ אימפעט און פרייד, אַז די ווענט האָבן מיטגעזונגען.

— פרענסעס! גיי „אָבסטערז" און רוים צו די צימערן.

אַזוי האָט די אַלטע מיסעס ווילס באַפוילן דער שוואַרצער, וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר געדינט אין דעם הויז.

די שוואַרצע האָט געשוויגן מיט פאַרהוילנקייט פון פינסטערער פרילינג-נאַכט. אירע אויגן האָבן אַ בלישטש געטאָן מיט ווייס און שוואַרץ. ס'איז נישט געווען צו וויסן: האָט זי געוואַרט אויף דעם באַפעל, אָדער דאָס האָט דערוועקט כעס אין איר בלוט. זי האָט אַ באַוועג געטאָן מיט די שווערע הענט און מיט געלאַסענע, שאַרנדיקע טריט אַרויס פון קיך.

אָבער זי איז באַלד צוריקגעקומען. דאָס פנים אירס האָט געלאַכט און געבראָכן דעם גלאַנץ אויף די באַקן. די אונטערשטע ליפ האָט געציטערט אַ פייכטע:

— אָט בין איך שוין צוריק.

— וואָס איז?

— שוין...

— וואָס, שוין?

— עליזאַבעט האָט שוין אַלץ אָפּגעטאָן... און זי זינגט... זי איז זייער פריילעך, עליזאַבעט... פריילעך...

די אַלטע האָט געשמייכלט אין זיך אַריין. אירע אויגן האָבן זיך איבערגעגאָסן מיט פייכטקייט.

— גאָלדן קינד!

— זי שיינט ווי די זון!

די שוואַרצע האָט אַרויסגעקלונגען אַ קייטל רינגעלעך דורך דער צעבריטערטער נאָז און ס'איז ווידער נישט געווען צו פאַרשטיין פאַרוואָס זי לאַכט.

די אַלטע האָט אויף איר אַ קוק געטאָן מיט אַ ביסל שרעק:

— וואָס זשע לאַכסטו? האַ?

— זי איז אַזוי שיין!

— יאָ... עליזאַבעט איז שיין.

מאָדנע: דער אַלטער ווילס, אַז ער איז פון דרויסן אין שטוב אַריין — איז ער געבליבן שטיין אַזוי, ווי ער וואָלט דערפילט אַ געשמאַקן ריח. די לופט אין שטוב איז געוואָרן אַן אַנדערע. ווי עס וואָלט נישט געווען שפּעט אין האַרבסט, נאָר פרי אין פרילינג. עליזאַבעטס געזאַנג האָט געבלאָנדזשעט איבער די צימערן, געשמעקט פון אַלע ווינקלען.

דער אַלטער איז געשטאַנען אַ הויכער, געהאַלטן די ליולקע אין מויל, און זיינע אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט אַזאַ ווייכקייט, פון וועלכער ס'קענען זיך אַרויסגיסן טרערן. זיינע ליפּן זענען געווען צעצויגן אין אַ שמייכל. „אָט דאָס איז די עליזאַבעט..." איר פּנים איז לויטער, אַזש דורכזיכטיק. ווי יעדער אבר באַוועגט זיך עס אין איר!

— וואָס קוקסטו אַזוי, זיידע? כ'געפעל דיר? האַ?

זי האָט צוגעטראָגן צו אים אַ פול מויל געלעכטער. אירע ציין האָבן געבלענדט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן.

— עליזאַבעט.

איין וואָרט האָט ער געזאָגט, און דאָס איינע וואָרט איז געווען אַזוי וואונדערלעך. עליזאַבעט האָט אַוועקגעלייגטביידע הענט אויף זיינע אַקסלען. זיין האַנט האָט מיט ציטער לייכט

אַ גלעט געטאָן אירע האָר. האָבן עליזאַבעטס ביידע הענט זיך געגעבן אַ וויקל־אַרום זיין האַלדז און זי האָט די ברוינע פיס געגעבן אַ בייג־אויף, בלייבנדיק הענגען אויף אים. האָט אַ נאַרע־געטאָן איר פּנים אויף זיין ברוסט, זיך צעלאַכט און אים געלאָזט שטיין אַ גליקלעכן. אַליין איז זי מיט פלינקע טריט אַוועק איבער די צימערן:

— מען דאַרף זיך אָנטאָן!

עס האָט געטראָפן, אַז די פרייד האָט זיך אַזוי צע־שטראָמט אין איר, אַז זי האָט נישט געהאַט גענוג כּוח צו בלייבן אַליין מיט דער פרייד. איז זי דאַן פּלוצלינג אַרויס־געלאָפן אינדרויסן. אירע נאַקעטע פיס האָבן זיך געריסן פון דער ערד און זי האָט זיך מיט הילכיק קוויטשעריי געלאָזט לויפן איבער פעלד. דער ווינט האָט צוריקגעריסן דאָס קלייד, האָט עס געוויקלט איבער די קני. דאָס קלייד האָט געפלאַטערט אויף צוריק, פון קאָפּ האָט קוואַר געשטראָמט צעגאָסן, גלאַנציק קופּער, אירע געטאָקטע פיס האָבן זיך שנעל געוואָרפן און געשלאָגן דעם דרויסן. זי האָט געאָטעמט מיט אָפן מויל, האָט געיאָגט פון זיך געשרייען. נישט זי האָט געהערט, וואָס זי שרייט, און נישט זי האָט געוואוסט, וואָס דאָס געשריי באַדייט. דאָס האָט איר יונג, צעזונגען לייב געשריגן.

אַזוי איז אַוועק דער טאָג.

ווען דער פאַרנאַכט איז אָנגעקומען און זיך אַוועקגע־שטעלט אינדרויסן מיט גרויסע, אומעטיקע אויגן, איז עליזאַ־בעט פּלוצלינג שטיל געוואָרן. די פרייד, וואָס האָט געפּלייצט פון איר און אַרום איר, שוימענדיק איבער די ברעגן — האָט זיך צוריק אַריינגעצויגן אין איר. שטילע פאַרטראַכטקייט איז געקומען.

— מען דאַרף זיך אָנטאָן...

שטיל און לאַנג האָט זי זיך געוואַשן. האָט דערביי גע־אָטעמט הייס און מיד, ווי זי וואָלט זיך צו עפּעס געגרייט. אונטער דער הויט האָט געברענט פאַרטראַכטקייט. זי האָט זיך לאַנג געקעמט די האָר. זיי פאַרפלאָכטן אין אַ צאָפּ, דערנאָך—

זיי פֿאַנאַנדערגעפֿלאָכטן און זיי פֿאַרדרייט אין אַ קאָקס. ווידער חרטה געהאַט און זיך דערמאָנט: ווען זי איז געווען אין שטאָט, האָט זי איינמאָל אין אַ רייך קאַפֿע־הויז געטראָפֿן אַ שיינע דאַמע. האָט יענע געהאַט שוואַרצע האָר, זענען זיי ביי איר געווען פֿאַרפֿלאָכטן אין צוויי צעפּ און די צעפּ זענען געווען פֿאַרלייגט אויפֿן קאָפּ, ווי אַ קרוין. אַ? וויאַזוי איז עס געווען?

לאַנג האָט זי זיך באַמיט צו מאַכן דיזעלבע קרוין, אָבער לסוף האָט זי באַשלאָסן און געלאָזטביידע צעפּ אַראָפּהענגען.

ווען זי האָט געדענקט אָן דער שטאָט, האָט זי געפֿילט שרעק. עפּעס אַזוינס איז געבליבן פֿון שטאָט, וואָס זי קען עס פֿון זיך נישט פֿאַרטרייבן. קיינמאָל וועט זי עס שוין נישט קענען פֿאַרטרייבן... נאָכוואָס איז זי „געגאַנגען” אין שטאָט? נאָכוואָס? און זי האָט אַראָפּגעשלונגען אַ קליין זיפֿצל.

זי האָט צוגעבויגן דאָס פּנים צום שפּיגל. האָט עס אויפֿמערקזאַם באַטראַכט — און די שרעק איז אָפּגעטרעטן. זיך פֿאַררוקט ערגעץ טיף און געבליבן ליגן אין אַ ווינקל. זי האָט שוין געשמייכלט צום אייגענעם פּנים. און דער שטערן איז צוריק גלאַטיק, ווי געווען. זי האָט אַ באַוועג געטאָן מיט די אַקסלען און דאָס קלייד האָט זיך איצט צו איר אַזוי היימיש געטוליעט. האָט צוריק די פֿרייד אין איר אויפֿגעטויכט. זי האָט זיך ראַש אַ דריי־געטאָן, געפֿילט, ווי די צעפּ האָבן זיך צעלאַכט איבער איר פּלייצע, און זי איז מיט פֿלינקע טריט געלאָפֿן פֿון די טרעפּ. ווען זי איז שוין געווען אונטן, זענען אירע טריט שטיל געוואָרן. זי האָט געשפּאַנט אין פֿאָרנטדיקן צימער אַריין מיט געלאַסענע שפּאַן.

דערנאָך האָט זי זיך געזעצט ביים פֿענסטער. האָט געעפֿנט אַ בוך, געוואָלט לייענען, און נישט געלייענט: זי האָט געוואַרט. דאָס וואַרטן האָט איר אינגאַנצן פֿאַרנומען. אויף וואָס האָט זי געוואַרט? — זי האָט נישט געוואוסט. נאַר זי האָט עס געפֿילט מיט אַלע חושים אירע.

אַט גייט טאַנין! דאָס האַרץ האָט געגעבן אַ קלעם-צו-נויף, עטלעכע שווערע קלאַפּ האָבן דאָרט אָפּגעקלאַפּט, און דאָס האַרץ איז צוריק רויק געוואָרן.

— העלאָ, עליזאַבעט! ווי פילט עליזאַבעט?

— „אָלרייט"... פיין...

מאָדנע: נאָר-וואָס איז געווען אין איר זיכערקייט, אַז זי דאַרף אים עפּעס פרעגן. זי האָט געוואוסט, וואָס אַזוינס; די ווערטער זענען געלעגן גרייט אויף איר צונג, נאָר איצט זענען די ווערטער נישטאָ. וואָס אַזוינס האָט זי אים געוואָלט פרעגן?

זיין פּנים איז שאַרף פאַרשפּיצט. ער איז מיט עפּעס שטאַרק פאַרנומען. עס שמעקט פון אים מיט אומגעדולד. אָט קוקט ער אויף איר און קוקט גאָר ערגעץ אַנדערש... ער זעט זי נישט, כאָטש זיינע בליקן באַרירן איר פּנים. וואָס זשע אַזוינס איז דאָס?

„ער האָט אַ ווייב..."

פּונקט ווי זי וואָלט עס איצט געוואָר געוואָרן. אין איר איז געווען פאַרשעמטקייט:

— וואָס הערט זיך, מיסטער טאַנין?

— איך וואַרט אויף די עגבערס... איך וועל, דאַכט זיך, מאָרגן צופאָרן אין שטעטל...

אָט מיט וואָס ער איז פאַרנומען! זי האָט זיך צוריק צעשמייכלט:

— שוין צייט צו עסן, דאַכט זיך. נישט אַזוי?

אָבער ער איז אַלץ געווען פאַרנומען:

— אַ? יאָ... איך וועל זיך נאָר אַרומוואַשן און איבער-טאָן...

* *
*

ס׳איז שוין געווען פֿאַרנאַכט, ווען טאַנין איז צוריקגעקומען פֿון שטעטל. די געגנט איז געלעגן אַ שטילע, מיט פֿאַרפֿרעסטע ליפּן. אַ ווינטל האָט געבלאָזן מיט פֿרעמדקייט און איבער הימל האָבן זיך געטראָגן שווערע שטיקער וואָלקן. עס האָט געשמעקט מיט רעגן. עליזאַבעט איז ווידער געזעסן בײַם פֿענסטער און געוואַרט. איצט האָט זי געדענקט, וואָס זי וויל אים פֿרעגן. יאָ... הײַנט וועט זי עס אים פֿרעגן: וויל ער נאָך „סאַפּער״ גיין אַ ביסל שפּאַצירן?

טאַנין איז אַרײַן מיט אויפֿגעלייגט פּנים. ער האָט נישט געוואַרט, מען זאָל אים עפּעס פֿרעגן. ער האָט גלייך דערציילט:

— מאָרגן „קומען״ די עגבערס... איבערמאָרגן וועלן קומען די אַרבעטער!

עליזאַבעט האָט אויסגערופֿן אויפֿשפּרינגענדיק:

— און מען וועט נעמען בויען?

— און מען וועט נעמען בויען.

דער אַלטער איז געזעסן אויף אַ וויג־שטול, האָט שטיל געשמייכלט. אַזוי שטיל, אַז דער שמייכל איז געבליבן פֿאַרשטעקט צווישן די ליפּן און ס׳איז שווער געווען אים אַרויסצוזען.

טאַנין האָט זיך גלייך אַרומגעוואַשן, און ווען ער איז אַראָפּגעקומען, האָט שוין עליזאַבעט געהאַט געגרייט דעם טיש פֿאַר אים:

— מיר האָבן שוין געגעסן... געמיינט: איר וועט שוין נישט קומען.

— נישט קומען?

— כ׳מיין: הײַנט נישט קומען...

— פֿאַרוואָס עפּעס?

— ווייס איך? אפשר פֿאַרנומען...

טאנין האָט דערפילט נייעם שאַרפן ריח. ער האָט אַליין
נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז פאַרא ריח... עליזאַבעט דער-
לאַנגט אים דאָס עסן. ביי יעדן דריי, וואָס זי גיט זיך, גיט
אַ טויך-אויף אַ בינטל וואונדערלעכע קלאַנגען... אירע צעפּ
זענען לעבעדיק... און: —

אויף אַ קורצער ווײַלע האָט דער לעפל געגעבן אַ פאַר-
שטאר אין זיין האַנט. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט דעם גלעט,
וואָס ליגט אויף זיין שטערן... ער האָט באַקומען פייכטע אויגן
און ס'איז אים אויסגעקומען, אַז ער זעט זי אַ נאַקעטע... זי
שטייט אַ נאַקעטע אין קלייד, וואָס גלעט איר לייב... דאָס
האָט געדויערט אַ קליינע ווײַלע. ער האָט געגעבן אַ מאַך-צו
די אויגן — ווי אַ שטראָם ליכט וואָלט אויף אים פלוצלינג אַ
שלאָג געטאָן, זיי צוריק געעפנט און ווידער גענומען עסן,
נאָר דער גלעט אירער איז אַלץ געלעגן אויפן שטערן. ווי-
אַזוי זשע האָט ער עס געהאַט פאַרגעסן? — מאָדנע.

עליזאַבעט האָט אויסגעשטעלט אויף אים די אויגן:

— וואָס איז?

— וואָס זאָל זיין? — גאָרנישט... וואָס איז דאָס געווען
פאַר אַן איינפאַל, אַז איך וועל היינט נישט קומען? עליזאַבעט
ווייסט: פאַר אים איז איצט דאָס הויז זיין היים... יאָ... עלי-
זאַבעט לאַכט? אים דאַכט זיך, אַז ער וואוינט שוין דאָ יאָרן
ביי זיי אין הויז... פאַרשטייט זיך: ווען זיין אייגן הויז וועט
פאַרטיק זיין, וועט ער דאָרט האָבן זיין היים...

עליזאַבעט האָט געשמייכלט. ס'איז איר גוט געווען צו
הערן די רייד. זי האָט געזען: זיין פּנים איז בלייכער. אויך
זיין קול איז נישט דאָסזעלבע.

— עס זאָל נאָר נישט רעגענען... איך האָב נישט ליב
קיין רעגן.

זי האָט עס אויף-גיך אַ זאָג געטאָן, פּונקט ווי מען
גיט זיך אַ שטעל-איין און מען גיט אַן עפן די טיר, וואָס
מען האָט נישט געדאַרפט עפענען.

— איך האָב אויך מורא, עס זאָל נישט רעגענען... דער מיסטער מאַגיל זאָל נישט האָבן קיין תּירוץ.

דאָ האָט זיך דערהערט דעם אַלטן בילס קול:

— רעגענען וועט היינט נישט.

— זיכער נישט? — האָט טאַנין געפרעגט.

דער אַלטער האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול:

— אָט וועל איך אַ קוק טאָן.

ער איז אַרויס, און עליזאַבעט האָט גלייך געזאָגט:

— אַז דער זיידע זאָגט — ווייסט ער...

דער אַלטער איז צוריק אַריינגעקומען:

— דער ווינט צעטרייבט די וואָלקן... כ'רעכן: ס'וועט נישט רעגענען.

— דער ווינט איז נישט קיין קאַלטער. — האָט טאַנין געזאָגט.

— עס וואָלט איצט גוט געווען זיך דורכצוגיין — האָט עליזאַבעט אַ זאָג געטאָן און ווי אומגערן זיך אָפּגעקערט פון טאַנינען. זי איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, איז געבליבן שטיין עטוואָס געבויגן און אַרויסגעקוקט. ווידער האָט טאַנין שטיל אַ ציטער געטאָן:

— „אָלרייט"... אויב עליזאַבעט וויל... קען מען אַ ביסל שפּאַצירן.

זיין קול האָט זיך געוואַקלט.

עליזאַבעט האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, האָט דערביי נישט אויפגעהויבן די אויגן אויפן אַלטן, וואָס איז שווייגנדיק צוריק געזעסן אין זיין וויג-שטול.

אינדרויסן איז שוין געווען נאַכט. דער אַלטער האָט ריכטיק געזאָגט: דער ווינט האָט צעטריבן די וואָלקן. איצט האָט זיך אין דער טונקלקייט פון די וואָלקן געוויזן העלערע שטיקער. די וואָלקן האָבן זיך געטראָגן שנעל. עס האָט זיך געהערט רעש, ווי פון ווייבע רעדער, וואָס קאָלערן זיך איבער גלאַטקייט. די געגנט איז געלעגן אַ שטילע, פאַרטאַיעטע. דער

ווינט האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. סיי-
טאַנין, סיי עליזאַבעט זענען געגאַנגען שווייגנדיק: די שטימען
זענען געווען פאַרשטעקט אין האַלדז. זייערע טריט האָבן ווייך
אָפּגעשלאָגן און זיי זענען געגאַנגען מיטן וועג, וואָס פירט
צום באַרג. פונדערווייטנס האָבן געקוקט די בערגלעך שטיינדלעך,
זאַמד און געהילץ. אַ נאָענט שמאָל טייכל, וואָס האָט אויסגע-
זען, ווי שוואַרץ גלאָז. די פעלדער זענען געלעגן מיט פאַר-
מאַכטע אויגן.

— ס'ווערט גוט פינסטער...

אַזוי האָט טאַנין ענדלעך אַ זאָג געטאָן. עליזאַבעט האָט
אויפגעהויבן די אויגן. גאָט! ווען האָט טאַנין געזען אַזעלכע
ליכטיקע אויגן? פון אירע אויגן אַליין איז ליכטיק אַרום. זי
האָט געזאָגט:

— מיר וועלן נישט פאַרבלאָנדזשען.

עליזאַבעט האָט אויפגעציטערט: טאַנינס האַנט האָט אַרומ-
גענומען איר אָרעם. ס'איז געווען אַזוי, ווי די פינגער זיינע
וואָלטן צוגעוואַקסן צו איר האַנט. איר אַקסל איז צוגעפאַלן
צו זיין רעכטער זייט ברוסט. אין איר האָט עס גענומען צי-
טערן. ס'איז געווען פאַר איר אַזוי אומגעריכט. און פאַרוואָס
איז איר שרעק באַפאַלן? זי האָט זיך נישט געקענט אָפּרוקן
פון אים און האָט מורא געהאַט צו בלייבן געטוליעט צו אים.
אָט אַזוי זענען זיי געגאַנגען. טאַנין האָט עפּעס גערעדט.
עליזאַבעט האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. זיין קול האָט לייכט גע-
ציטערט און זי האָט געפילט: הייסער אָטעם גלעט אירע האָר.
אַ? ער רעדט וועגן אירע האָר און וועגן אירע אויגן. וואָס
זשע אַזוינס זאָגט ער? און די פיס גייען אַליין, פון זיך אַליין.
אַרום איז פינסטער און ס'זינגט דער ווינט אַזוי מאָדנע. עמע-
צער לאַכט. ווער זשע לאַכט עס? זי האָט ווידער אויפגעהויבן
די אויגן.ביידע האָבן זיך אָפּגעשטעלט. זיך אַ ווײַלע איינגע-
קוקט אין די געזיכטער. זיינע הענט האָבן זיך אויפגעהויבן.
אַרומגענומען איר קאָפּ. זיינע ליפּן זענען צוגעפאַלן צו אירע—
ווי גרויסע טראָפּן רעגן צו זאַמד.

ס'איז געשען אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אימפּעטיק. אין איר האָט די שרעק, וואָס איז געלעגן טיף אין איר — אַ פּליי געטאָן, פאַרגאָסן דאָס האַרץ:

— „דאָנ'ט! פּליז! דאָנ'ט!"

זי האָט עס אויסגעשריגן און ראַפּטעם אָפּגעבויגן דעם קאָפּ:

— איך גיי גלייך צוריק!

ס'האָט זיך אויסגעלאָשן אין טאַנינען. ער איז געקומען צו זיך. האָט געפילט — בלייכקייט דעקט-צו זיין פּנים:

— זאָל עליזאַבעט אַנטשולדיקן... ער וועט נישט מער... זאָל עליזאַבעט אַנטשולדיקן...

זיין קול איז געווען אַזוי בעטנדיק, אַז איר האָט פאַר-קלעמט דאָס האַרץ... פאַרוואָס האָט זי זיך אַזוי דערשראָקן?— זי האָט נישט געוואוסט. האָט זי דען נישט געוואַרט אויף דעם? — זי האָט דאָס אויך נישט געוואוסט. אין איר האָט בלויז אויפגעשריגן די שרעק, וואָס איז איר געבליבן פון דער שטאָט... וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט אים?—עס איז געקומען אַזוי פּלוצלינג... ער האָט עס געטאָן מיט אַזאַ זיכערקייט... די זיכערקייט זיינע האָט איר דערשראָקן.

— זאָל עליזאַבעט אַלץ פאַרגעסן... מער וועל איך עס נישט טאָן... זאָל עס זיין, ווי עס וואָלט נישט פאָרגעקומען... בלייבט עס אַזוי?

איצט האָט עליזאַבעט געשמייכלט: זיין בעטנדיק קול האָט צוריק פאַרטריבן די שרעק. ניין... ער איז נישט אַזעל-כער... ער איז אַן אַנדערער...

— „אָלרייט"... איך וועל פאַרגעסן... — אין איר איז געווען וואונדערלעך געזאַנג.

טאַנין האָט זיך שוין געהאַט אויסגעניכטערט. איצט האָט ער אַליין נישט פאַרשטאַנען, וויאַזוי דאָס איז געשען. ווי איז עס געקומען, וואָס ער האָט זיך אַזוי פאַרלוירן? ווי האָט ער עס געקענט טאָן?

— גלייבט מיר: איך ווייס אליין נישט, וואָס מיט מיר איז געווען...

— „אָלרייט"... לאָמיר מער נישט רעדן פון דעם... שוין פאַרגעסן...

פרומקייט איז געווען אויף איר פּנים.

דער ווינט האָט זיך צעשטיפט. האָט געשליידערט מיט ווייכע, קילע שאָלן, וואָס האָבן געוויקלט זייערע האַלדזער און פּנימער; געטריבן פרישקייט אין די אויגן און לאַכנדיקן אָנזאָג אין די הערצער...



דער ווינט איז אַוועק פון דער געגנט; אַוועקגעטראָגן מיט זיך דעם גאַנצן טומל. דער דרויסן איז געבליבן שטיין געלליימט מיט צעעפנט מויל. טאַנין האָט דערהערט די שטיל־קייט און אויפגעעפנט די אויגן. אים איז אויסגעקומען: די עגבערס האָבן זיך רצפּטעם פאַרהאַקט און שטיל געוואָרן... אַרום אים האָט נאָך געקרויכערט דער ווייכער רעש פון חלום... פון צווישן געדיכטער, גרינער תּבואה אַרום באַרג מיט דעם געשריי פון עגבערס, האָבן ווייסע ציין געבלענדט פון געלעכ־טער און פון גאָלדענער ברוינקייט אַרויס... נאָר דאָס צימער האָט געשוויגן מיט כמורנע אויגן. די ווענט זענען געווען אי־בערגעצויגן מיט גרויער הויט, און ווינטערדיקע אומהיימלעכ־קייט איז געזעסן אין די ווינקלען; געזעסן, ווי בלינדע קראָען מיט די קעפּלעך אין די פעדערן געטוליעט. נישט באַוועגנדיק זיך, האָט ער אויסגעקרעוועט די אויגן, דערזען די שויבן, איבער וועלכע, עס זענען געלעגן קוואר דינע, גלאַנציקע שפּריצן. האָט ער זיך דערשראָקן: רעגנט?

האָט באַקומען דאָס געפיל פון אַ מענטשן, וועלכער שפּאַנט אין איין אָטעם צו אַ באַשטימט אָרט, וואָס ליגט שוין אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן. און פּלוצלינג: דער וועג איז פאַרצוימט. וועלן היינט אָנקומען די עגבערס מיט דער טרייב-מאַשין? וואָס מיינט ער מיט זיך, אָט דער מיסטער מאַגיל? וואָס האָט ער געוואָרט ביזאַהער? און היינט רעגנט!

די אומרו האָט, ווי פייכטער טוך, געגעבן אַ וויקל-אַרום זיין לייב. דער ריח פון חלום האָט גלייך אויסגעוועפּט. די אומגעדולד האָט מיט ווייטיק געבוירערט זיין לייב.

ער איז אַראָפּ פון געלעגער; האָט מיט באָרוועסע פיס דערשפּאַנט צום פענסטער—און דאָס פייכטע טוך האָט זיך אָפּ-געוויקלט פון זיין לייב: דער דרויסן איז געשטאַנען אַ טרוי-קענער, מיט פרומע אויגן, און געלאַכט אָן קול. איבער הימל האָט זיך געצויגן בלייך-געפּלעקטע גרויקייט. אויף איין אָרט האָט פון צווישן די פלעקן אַרויסגעשלאָגן זוניקייט. אַ שוואַרץ שטיק כמאַרע איז געווען אָפּגעוואַלגערט אָן אַ זייט... דער ווינט איז צוריקגעקומען. די שיטערע בלעטלעך האָבן געפלאַ-טערט אויף ביימער. די פלעקן פון כמאַרע-געוועב האָבן זיך גענומען טראָגן שנעלער: עס וועט נישט רעגענען!

וואָס איז היינט? היינט איז פרייטיק! וועט מען היינט אַוועקשטעלן די טרייב-מאַשין; איינשטעלן די עגבערס. און מאָנטיק אינדערפרי. גלייך אינדערפרי!

אין אים האָט זיך אויסגעלייטערט. שטיל פייער האָט זיך צעברענט אין זיין בלוט. דער ריח פון פאַרגאַנגענער נאַכט, פון עליזאַבעטן און פון חלום האָט זיך אריינגעצויגן טיף אין זיין לייב. האָט דאָרט איינגעדרימלט. איצט איז געווען באַרג און מאָנטיק... ער האָט געאָטעמט לייכטער און הייסער. אין צימער איז געוואָרן ליכטיקער, פון זיינע ליפּן האָט זיך גע-שיילט:

— מאָנטיק... מאָנ—טיק...

ער האָט זיך גענומען אָנטאָן מיט אַ געפיל, ווי ער דאַרף

זיך אַרויסלאָזן אַנטקעגנצוגיין דעם מאַנטיק. אינמיטן אָנ־טאָן האָט ער אויפגעצויגן דעם קאָפּ: ווער זינגט עס אַזוי מיט אַזאַ שטילער פרייד? איז עליזאַבעט שוין אונטן? יאָ... ס'איז עליזאַבעט... זי זינגט אַזוי פאַרטראַכט און געלאַסן... ס'איז גוט, וואָס זי זינגט... האַ?

דאָ האָט זיך דאָס טראַכטן איבערגעבראָכן אַזוי מיטאַמאָל, ווי איבערגעהאַקט פון אַ שאַרף מעסער. ער האָט איינגעקנייטשט דעם שטערן:

„און מאָרגן איז שבת... און סאַפּאַ קען נאָך אַרויסקומען..."

זיין פּנים האָט געגעבן אַ פאַרפריר... ביזאַהער האָט ער דאָך גאָרנישט געדענקט אָן איר... פּונקט ווי ער האָט נישט געדענקט די ברידער דזשייקאָבס, וואָס זענען ערגעץ ווייט גע־בליבן מיט זייער שאַפּ... ווילאַנג איז שוין, אַז ער איז אָוועק פון שטאָט און פון סאַפּאַן? שוין לאַנג!

זיינע ליפּן זענען צוזאַמענגעוואַקסן. אין די אויגן האָט אויפגעטויכט צער...

און עליזאַבעט זינגט... האַ? און אפשר זינגט זי שוין נישט, נאָר דאָס געזאַנג בלאָנקעט אַרום אין הויז? וואָס זשע אַזוינס האָט ער איר געדאַרפט זאָגן? עפּעס האָט ער איר גע־דאַרפט זאָגן... אין זיך האָט ער געוואוסט, וואָס אַזוינס, נאָר מיט ווערטער ווייסט ער נאָכנישט, ווי דאָס צו זאָגן... וואָס זשע אַזוינס האָט ער איר פאָרט געדאַרפט זאָגן?

ער האָט געקנייטשט דעם שטערן. געפּינטלט מיט די אויגן. דערווייל איז אַ זון־שטראָם אָנגעלאָפן, אָנגעשלאָגן אָן פענסטער, זיך דורכגעריסן דורך די שויבן און זיך אַ גאָס געטאָן איבערן דיל. האָט שוין טאַנין אַ טראַכט געטאָן: שפּעַ־טער... שפּעטער וועט ער זיך שוין דערמאָנען, וואָס ער האָט איר געדאַרפט זאָגן... היינט ברענגט מען די עגבערס מיט דער טרייב־מאַשין און מאָנטיק... מאָנטיק!

שפּעטער — אַ לאַסט־אויטאָמאָביל איז אָנגעקומען. האָט געבראַכט די טרייב־מאַשין מיט די עגבערס און גומענע רערן. ס'איז אויך מיטגעקומען אַ יונגער, שטאַרקער נעגער מיט פּאַר־

גליווערט פנים און גלאַנציקע אויגן. ער האָט איבערגעגעבן טאַנינען אַ צעטעלע פון מיסטער מאַגיל:

דער שוואַרצער וועט אָוועקשטעלן די מאַשין, וועט איינ-אָרדענען די עגבערס. מאָנטיק קומט ער אַרויס מיט מענטשן און די אַרבעט וועט זיך אָנהייבן...

---

## קאַפּיטל עלף

וואו זשע איז די זון אַהינגעקומען? זי האָט דאָך נאָר-וואָס געשיינט און באַגילדט דעם גאַנצן פּלאַץ מיט מאַטעריאַל? און וואָס איז אַזאַ שטילע, געדיכטע שאָרכעריי אַרום? טאַנין האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן שפּאַנען, זיך אַרומגעקוקט מיט אַזעלכע פרישע, זעעוודיקע אויגן, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט; ווי זיי וואָלטן זיך נאָר-וואָס אַרויסגעשיילט פון אַ הייטל. ער האָט טיף געאָטעמט. אַהאַ! דער אָוונט קומט! ער קריכט שוין פון הינטער די בערגלעך. ער איז געווען אַזוי פאַרטאָן מיט צוהעלפן דעם נעגער אָוועקצושטעלן די טרייב-מאַשין און צוצופּעסטיקן די עגבערס, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי דער טאָג איז אַוועק. און — איבער הימל טראָגט זיך גרוי געוועב. און דער ווינט! ס'אַרט ווייכער, פרישער ווינט!

ער האָט געשפּאַנט ווייטער, אים איז אויסגעקומען: ערשט איצט האָט ער דערפילט די גאַנצע הויך זיינע. דאָס בלוט האָט געשפּילט אין לייב און די גלידער האָבן וויברירט מיט אַזאַ לייכטקייט. דער ווינט וויקלט זיך אַרום האַלדז, גלעט דעם שטערן און רייסט די לעפלעך פון די אויערן. ביי יעדן געשריי, וואָס דער צעהוליעטער ווינט לאָזט אַרויס — רייסן זיך פון ביימער געברוינטע, געבויגענע בלעטער, ווי זיי וואָלטן נאָר-וואָס דורכגעטריקנט געוואָרן אויף אַ הייסן אויוון.

דרייען זיך די בלעטער אין ליידיקייט, פאַלן צו ערד מיט קלאַנג פון טרוקנקייט, לויפן איבערן וועג פאָרויס טאַנינען, און ער שפאַנט נאָך זיי מיט יונגע, שטייפע פיס און שטילן פלאַם אין פנים.

און אָט איז עליזאַבעט!

זי איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך אויף דער ווערענדע, נאָר דער קאָפּ איז ביי איר געווען לייכט געבויגן. זי איז געווען בלויז אין דין קלייד, וואָס האָט געפלאַטערט אַרום אירע פיס. איז געשטאַנען אַזוי ווי זי וואָלט זיך געבאָדן אין ווינט. טאַנין האָט גענומען שפאַנען האַסטיקער. ער האָט געזען, ווי אירע הענט האָבן זיך אַ ווײַלע געטוליעט צו אירע אָרעמס. מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַריין אין הויז. איז וואָס זשע? אָבער איבער טאַנינס האַרץ איז דורכגעלאָפן שאָטן. זיין פנים האָט זיך איינגעשטייפט און אין האַרצן האָט עס גענומען העפטיקער שלאָגן. נאָר ווען ער איז שוין געווען ביים הויז, איז עליזאַבעט צוריק אַרויסגעקומען. זי איז געווען אין טונקעלן „סוועטער״.

— העלאָ, עליזאַבעט!

— העלאָ.

וואָס איז מיט איר? דער שאָטן, וואָס איז פריער אָנגעלאָפן, איז געבליבן ליגן אויף זיין האַרץ: איר פנים איז געווען האַרטער. אירע בליקן — פאַרשפּיצטער, שטייפער.

— שוין, עליזאַבעט!.. די עגבערס זענען שוין צוגעפּעסוזיקט... אַלץ איז שוין גרייט!

— יאָ? דאָס איז גוט.

— די אַרבעט וועט זיך גלייך אָנהייבן.

ער האָט באַמערקט: זי האָט שטיל אַ שלונג געטאָן, ווי זי וואָלט פאַרהוילן אַראָפּגעשלונגען אַ זיפצל. אויפן קלאָרן שטערן שטייט אַ קנייטש.

— מאָנטיק!.. מאָנטיק באַלד אינדערפרי הייבט מען אָן אַרבעטן... וואָס זשע שווייגט אַזוי עליזאַבעט?

זי האָט אויפגעהויבן די אויגן. דער גלאַנץ אין זיי איז געווען געשליפן. שטילער אומעטס האָט זיך אין זיי געטוקט.
— פון שטעטל האָט מען נאָר-וואָס גערופן דורכן טעלעפאָן.
— דורכן טעלעפאָן?
— יאָ... אַ טעלעגראַמע...
— פאַר מיר?
זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. האָט אַלץ נישט גע־שמייכלט:
— די מיסעס קומט מאָרגן... מיט דער דריי אַ זייגער „טריין"...
— אָ...
אַ קורצע ווײַלע האָט טאַנין געשוויגן. וואָס האָט ער אין דער ווײַלע געטראַכט? ער ווייסט נישט. אים איז נישט־היימלעך געוואָרן. עליזאַבעטס אויגן האָבן נישט אָפּגעטרעטן פון זיין פּנים. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט גע־דאַרפט זאָגן עליזאַבעטן:
— עליזאַבעט... איך וואָלט געוואָלט איבערבייטן מיין צימער...
— איבערבייטן?
— איז דאָך פאַראַן אַ גרעסער צימער... מיט צוויי בעטן... פאַראַן?
— יאָ, פאַראַן!
עליזאַבעט האָט עס אַזוי אויסגערופן, ווי זי וואָלט נאָר אויף דעם געוואַרט. די האַרטקייט האָט זיך גלייך אָפּגעווישט פון איר פּנים. די הויט האָט צוריק גענומען שמייכלען. טאַנין האָט דאַן געזאָגט:
— דאָס צימער, אין וועלכן איך בין איצט, איז צו קליין פאַר צוויי... נישט אַזוי?
— יאָ... פאַראַן גרעסערע...
— וועלן מיר גלייך אַרויפגיין און איך וועל זיך איבער־ציִען.
— „אָלרייט"... אפשר פריער עסן?

— ס׳דאַרף דאָך לאַנג נישט נעמען... נישט אַזוי?

— נו, געוויס... לאַנג דאַרף עס נישט נעמען.

— נאָך אינדערפרי האָב איך עס אין זינען געהאַט צו זאָגן — — —

— געוואוסט, אַז עמעצער קומט?

— געוואוסט האָב איך נישט, נאָר געטראַכט האָב איך: ס׳איז מעגלעך. האָב איך אין זינען געהאַט צו זאָגן, נאָר איך האָב פאַרגעסן... לאָמיר אַרויפגיין.

עליזאַבעט האָט געעפנט די טיר אין קאָרידאָר אַריין, האָט מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט לויפן איבער די טרעפּ. טאַנין איז געגאַנגען געלאַסן נאָך איר. ער האָט געהאַט אַ געפיל, אַז מען האָט אים פּלוצלינג געשטערט אין עפּעס. אין אים האָט אָנגעהויבן אויפגיין אַ טראַכטונג, וואָס איז אים נאָכ־נישט פאַרשטענדלעך געווען. ווען עליזאַבעט איז שוין געשטאַנען אויבן, אין קאָרידאָר, האָט זי אויסגעדרייט צו אים דאָס פּנים, האָט געהאַט צענומען די ליפּן, אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג און האָט אים גלייך צוריק אין זיך אַריינגעצויגן.

— וואָס איז, עליזאַבעט?

— גאָרנישט... איך וואַרט.

— אָט בין איך.

זי האָט זיך גלייך אָפּגערוקט פון אים. איז צוגעגאַנגען צו אַ טיר, האָט זי געעפנט און אים דורכגעלאָזט אין צימער אַריין. ער האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל, זיך אָפּגעשטעלט. געזען: אין צימער שטייען צוויי בעטן איינס צום אַנדערן צוגערוקט. האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו עליזאַבעטן, וואָס איז איצט געשטאַנען ביי דער שוועל, ווי אַ פרעמדע:

— גוט... וועל איך אַהער אַריינטראָגן מיין וואַליז.

— כ׳וועל אַרויפשיקן די שוואַרצע... וועט זי אַלץ אין אָרדענונג ברענגען.

זי האָט נישט געקוקט אויף אים. פון איר האָט גע־שלאָגן ריח פון צעשראָקנקייט. זי איז אַרויס זייער שטיל. מאָדנע: איצט האָט טאַנין נישט געהערט אירע טריט איבער

די טרעפּ. דערפאַר איז ער געווען צערודערט. אים איז אויס־
געקומען: ער שטייט איצט אונטער פאַרמאַכטע טירן, וועלכע
ער דאַרף עפענען, און האָט עס מורא צו טאָן... ווייל... ווייל
אים שרעקט דאָס, וואָס ער קען אינעווייניק דערזען.

דער אָוונט האָט זיך שוין געטוליעט צו די שויבן, האָט
אַריינגעאָטעמט מיט טונקלקייט אין צימער. דאָס צימער איז
אים פרעמד... משונהדיקע קילקייט דרייט זיך דאָ אַרום. בשעת
מעשה האָט ער אַ טראַכט געטאָן: נאָך וואָס קומט זי אַהער?
פּונקט אַזוי־ווי ער וואָלט שוין געווען פון איר יאָרן דער־
ווייטערט און זיך נישט געריכט, אַז ער קען זי נאָך זען.
די פרעמדקייט, וואָס האָט שוין יאָרנלאַנג זיך געפּלאָנטערט
צווישן זיי, איז איצט געווען פאַרהאַרטעוועט און געשטאַנען,
ווי שטאַרקע וואַנט. און וואָס עפּעס אַ טעלעגראַמע? נו, זיכער
האָט זי געמוזט טעלעגראַפירן... וויאַזוי זשע דען וועט זי
קומען פון שטעטל אַהער? הייסט עס: מאָרגן וועל איך פאָרן
מיט דער מאַשין זי באַגעגענען... אַזוי הייסט עס.

ווידער האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די בעטן. אים איז
אויסגעקומען: די בעטן שמייכלען מיט פאַרביסן, קלוג שמייכע־
לע... האָט ער אַ ווײַלע געפינטלט מיט די אויגן, געפילט
נישט־היימלעכקייט אין הארצן. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען
צו די בעטן מיט פאָרזיכטיקע טריט, ווי ער וואָלט זיך אונ־
טערגעגנבעט. האָט אָפּגערוקט איין בעט פון צווייטן, און דאָס
קליינע טישל, וואָס איז געשטאַנען אָן אַ זייט, האָט ער אַרײנ־
געשטעלט צווישן די בעטן. צו זיך אַליין אַרויסגערעדט:

— ס'איז געמיטלעכער אַזוי...

די בעטן האָבן שוין נישט געשמייכלט. נאָר אין אים
איז געווען שטילע שרעק: ער וועט מוזן עפענען די טירן,
וועט מוזן דערזען, וואָס אינעווייניק טוט זיך.

איצט האָט ער שוין דערשפּירט פון וואָס אַזוינס ער
דאַרף טראַכטן. נאָר ער האָט עס מיט עקשנות פון זיך גע־
טריבן. נישט איצט איז די צייט פאַר דעם, איצט איז פאַראַן
בלויז איין זאַך:

— מאַנטיק!

אָבער דאָס טראַכטן איז פון אים נישט אַוועק, זיך אָנ־געגאָסן אין אַלע איברים. ס'האָט געהאַמעוועט זיינע טריט, זיינע באַוועגונגען; — זיין לייב האָט געטראַכט און דערוואַרט עפּעס אַן אָנהייב. און דערפאַר: —

ווען טאַנין איז צומאַרגנס צוגעקומען צו דער שטעטל־דיקער באַן־סטאַציע, האָט ער שוין דאָרט געטראָפן סאָפּאַן וואַרטן אויף אים. ער האָט זיך אַליין געוואונדערט אויף דעם, וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט: דאַכט זיך, אַז ער איז אַרויס־געפאָרן אין צייט. און אפשר האָט ער בלויז אין זינען געהאַט אַרויסצופאָרן אין צייט און איז אַרויסגעפאָרן שפּעטער?

סאָפּאַ איז געשטאַנען אויף דער אָפענער פּלאַטפאָרם אַ שטילע, גלייכע, אַ ביסל אַ צו־שטייפע. דער גרויער מאַנטל אירער איז געווען פאַרקנעפּלט אויף אַלע קנעפּ.ביידע הענט האָט זי געהאַלטן פאַררוקט אין די קעשענעס. ביי אירע פיס איז געשטאַנען דאָס שוואַרצע סעטשל און געוואַרט צוזאַמען מיט איר. דאָס סעטשל איז געווען באַליידיקט... חוץ סאָפּאַן איז שוין דאָרט קיינער נישט געווען.

טאַנין איז אַרויס פון מאַשין און גלייך דערזען: סאָפּאַס פּנים איז לויטערער, ווי געוויינלעך. די הויט—עפּעס יונגער, נאָר אונטער דער הויט זידט שטילע בייזקייט. זי איז גע־שטאַנען אויף איר אָרט און מיט עקשנות געוואַרט אויף אַן ענטפער.

וואָס זשע? זאָל ער איר זאָגן, אַז אין אים איז אויפ־געגאַנגען אַזאַ טראַכטן, וואָס האָט אים געהאַמעוועט?

— העלאָ, סאָפּאַ!

זי איז אַלץ געשטאַנען אַ געטערעקטע:

— און איך האָב געדענקט: איר וועט מיר נישט לאָזן דאָ שטיין און וואַרטן.

— שוין לאַנג וואַרטסטו?

זיין קול איז געווען וווייך. דאָס פּנים זיינס — איינגע־

באַלענער, בלייכער, נאָר מיט פאַרבאָרגענעם פלאַם. אַ ווײַלע האָט איר זיין שטיל קול געוואונדערט. זי האָט אָפּגעשוויגן, און ער האָט רואיק געזאָגט:

— האָב איך ווירקלעך אַסך פּערספּעקטיקט?

איר בייזקייט האָט נאָכגעלאָזט:

— איך וואַרט שוין דאָ איבער צוואַנציק מינוט.

— אַנטשולדיק, סאָפּאַ... איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס איך האָב פּערספּעקטיקט... איך בין, דאַכט מיר, אַרויסגעפאָרן אין צייט...

ער האָט זיך איינגעבויגן, גענומען דאָס סעטשל אין האַנט:

— זיי מוחל.

אין אים איז איצט געווען הייסער פאַרלאַנג, זי זאָל בלייבן רויק און זיך נישט בייזערן.

סאָפּאַ איז פאָרויס צוגעגאַנגען צו דער מאַשין. בשעת מעשה אַ טראַכט געטאָן: דזשעק איז פאַרענדערט. . ווען זי איז שוין געזעסן אין מאַשין לעבן אים, האָט זי געזאָגט שוין מיט שמייכל:

— כ'האָב זיך שוין געשראָקן: וועסט אינגאַנצן נישט קומען.

— פאַרוואָס עפּעס?

— וואָס זאָל איך וויסן? איך שטיי און וואַרט און מען זעט נישט... מיין טעלעגראַמע האָסטו באַקומען?

— די טעלעגראַמע? — יאָ... דורכן טעלעפאָן... נאָך נעכטן.

— איך האָב זי געשיקט נעכטן אינדערפרי.

— נו, יאָ...

ער האָט געגעבן אַ צי-צונויף די ברעמען. האָט דער-פילט, ווי דאָס האַרץ האָט אים אַ ציטער געטאָן; עס האָט פון דאָרט אָפּגעהילכט איין מאָל, דערנאָך — נאָכאַמאָל. ער האָט מיטן פוס אָנגעטרעטן אויף דער „גאַז" און די מאַשין

האָט זיך רײַפּטום אַ ריס געטאָן פון אָרט, צוריקוואַרפנדיק אים צום ווענטל פון געזעס. ס'האָט אַ קרעכץ געטאָן—און די מאַשין האָט זיך גלאַטיק אַוועקגעגליטשט.

— וואָס הערט זיך, דזשעק?

— האַ? האָסט עפּעס געפרעגט?

— ווי גייט עס מיט דער אַרבעט, דזשעק?

אים איז איצט געפעלן, וואָס זי רופט אים ביים נאָמען. עס איז גוט, וואָס זי איז איצט נישט אין כּעס...

— אַלץ גייט גוט.

— די אַרבעט — שוין אָנגעהויבן?

— מאַנטיק הייבט מען אָן.

— מאַנטיק?

— אַלץ איז שוין צוגעגרייט...

ס'איז געווען טאַבינס קול, אָבער ס'איז געווען אַן אַנדער קול. דאָס קול איז געווען געלייטערט, אָנגעזאַפּט מיט האָפענונג. און ער האָט דערציילט: די מאַטעריאַלן זענען שוין אויפן פּלאַץ... די הייב-מאַשין שטייט שוין גרייט צו גראָבן דעם פונדאַמענט. די טרייב-מאַשין שטייט שוין. אַפילו די עגבערס זענען שוין צוגעפּעסטיקט. מאַנטיק, באַלד אינדערפרי, הייבט זיך עס אָן. די אַרבעט וועט זיך אַ לאָז טאָן מיט פולן טעמפּ. די אויבערשטע שיכט פון באַרג וועט זיך לייכט ברעכן... דעם שטיין וועט מען גלייך נוצן פאַרן פונדאַמענט.

די מאַשין איז געלאָפן פון שטעטל אַרויס. ער האָט גערעדט מיט זאַפטיקייט און זיינע אויגן האָט ער צו איר נישט אויסגעקערעוועט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר איר.

סאַפאַ האָט געשמייכלט, הערנדיק זיין קול:

— ווען מיר, הייסט עס, גאָר אינגיכן האָבן אַן אייגן הויז?

— יאָ...

ס'האָט זיך אים פאַרהאַקט אין האַלדז. דאָס האָט אָבער געדויערט אַ קורצע ווײַלע. ער האָט גלייך אָפּגעצויגן דעם אָטעם:

— איך רעכן: אין אַ פינף-זעקס וואָכן אַרום וועט שוין שטיין דאָס הויז.

— אַזוי שנעל?

— אויפשטעלן די ווענט מיטן דאַך דאַרף נישט נעמען לאַנג... איך האָב אָפּגערעדט מיטן „בילדער", ער זאָל צושטעלן גענוג אַרבעטער... איך וויל, דאָס הויז זאָל זיין אויפגעשטעלט איידער די קעלטן הייבן זיך אָן... אינעווייניק קען מען אַר־בעטן ווינטער אויך... מען קען צוגרייטן די לאַבאָראַטאָריע... אַלץ איינשטעלן...

זיכער, ער איז פאַרענדערט. סאָפאַ זעט עס מיט אירע אויגן... הערט עס מיט אירע אויערן... אָבער מיט וואָס איז ער פאַרענדערט? — דאָס ווייסט זי נישט. וואָס זשע איז פאַרט מיט אים? ער איז, דאַכט זיך, געוואָרן ווייכער, צוגע־לאָזטער. איז די בייזקייט אַוועק פון אים צוזאַמען מיט דער אומצופרידנקייט, פון וועלכער ער האָט געליטן אין שטאָט? ער איז יונגער געוואָרן... ווי גלייך ער זיצט ביים רעדל און טרייבט די מאַשין!

שטילע וואַרעמקייט האָט אַ רייזל געטאָן אַרום האַרץ, האָט דורכגעשטראָמט די איברים. עס האָט זיך איר געוואָלט אָטעמען גרינגער און פרישער. דער גוף אירער האָט דערפילט שטאַרקן דורשט צו אים. זיך אַ צי-געטאָן צוצופאַלן צו זיין זייט... נאָר דאָ האָט ער זיך ראַפּטום אַ בייג געטאָן, האָט פעסט אָנגעגריפן דאָס רעדל, אויסגעקירעוועט די מאַשין, וואָס איז אַרויף אויפן דאָרפישן שמאָלן וועג, פון וועלכן עס האָבן געשטאַרצט שטיקער שטיין. די מאַשין האָט גענומען ציטערן און אונטערשפרונגען, דאָס רעדל האָט גענומען דרינגשען אין זיינע הענט.

— דער וועג איז דאָ נישט אַזאַ גוטער... דערפֿצו נאָך אַ שמאָלער.

— זיי פאָרזיכטיק, דזשעק!

— ס'איז „אָלרייט"... נישט דאָס ערשטע מאָל.

ער האָט אַפילו געשמייכלט. וואָס זשע איז עס מיט אים? האַ?

איצט האָט שוין טאַנין געשוויגן. ער איז געזעסן אָנגעשטרענגט ביים רעדל. איז אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיטן טרייבן די מאַשין, וואָס האָט זיך שווער בעשניטן איבערן וועג. דער וועג האָט זיך געשלענגלט; זיך געהויבן באַרג-אַרויף, גע-בידערט אין טאָל און ווידער זיך געהויבן אַרויף. און דער הימל איז גרוי, און פון די פעלדער אַרום קוקט דער הערבסט מיט גרויע אויגן, דער ווינט טרייבט בלעטער איבערן וועג, די בלעטער קרעכצן אונטער די רעדער, קרעכצן און ווערן בישט...

איצט איז אויף סאַפּאַס פּנים געווען צעוואונדערטער שמייכל און זי האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען, וואָס אַזוינס זי פילט. פילט זי פרייד? נו, יאָ... פרייד ריזלט אין האַרץ, אָבער אויך בלינדע מורא שרעקט... אין דער פרייד ליגט די שרעק, ווי יאָדערע אין שאָלעכץ... אָט וועט זיך די פרייד צעברעכן און די שרעק וועט אַרויס.

וואָס זשע איז עס פּאַרט מיט אים? ער איז פאַרענדערט... און ס'איז גוט, וואָס ער איז אַנדערש. זייער גוט... אָבער מיט וואָס איז ער אַנדערש? וואָס איז די אַנדערשקייט? נישט צו פאַרשטיין...

• •
•

די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז. טאַנין האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, האָט אַרויסגעקוקט פון מאַשין און געזאָגט:

— אָט זענען מיר שוין דאָ.

ער איז דער ערשטער אַרויס פון מאַשין, האָט צוגע־האַלטן דאָס טירל, עס זאָל נישט צוריקפאַלן, און אויך סאָפאַ איז אַרויס. האָט ער דען נישט נאָר־וואָס געזען עליזאַבעטס פּנים אין פענסטער? וועט זי זיך באַלד באַווייזן אויף דער וועראַנדע?

בשעת מעשה האָט ער ווידער געדענקט: פון נעכטן אָן איז עליזאַבעט אַן אַנדערע. היינט אינדערפרי איז ער לאַנג געלעגן אין בעט און זיך איינגעהערט — זי האָט נישט געזונ־גען. ער האָט נישט געהערט אירע פלינקע טריט אין קאָרידאָר. דעם גאַנצן טאָג, ביז ער איז אַוועקגעפאָרן אין שטעטל, האָט ער זי כמעט נישט געזען. איינמאָל נאָר, ווען ער האָט געגעסן „ברעקפעסט״, איז זי אים פאַרבייגעגאַנגען, געזאָגט „גוט מאָרגן״ און אַוועק. ער האָט זי מיט די אויגן געזוכט אין שטוב, אינ־דרויסן, אויף דער וועראַנדע און געוואַרט; לאַנג זיך געפּאָרעט ביי דער מאַשין און זי האָט זיך נישט געוויזן... דערפאַר האָט ער טאַקע פאַרשפּעטיקט...

— וואָס זשע שטייסטו?

אַזוי האָט סאָפאַ געפרעגט מיט אַ ביסל וואונדער.

— אַ?.. יאָ...

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער מאַשין, האָט אַרויסגענומען דאָס סעטשל און ביידע האָבן זיך געלאָזט גיין צום הויז. אַרויפגייענדיק די טרעפּלעך — האָט זיך סאָפאַ אָנגעהאַלטן אָן זיין אָרעם. ערשט דאַן האָט טאַניע דערזען אין פענסטער דעם אַלטן ווילס פּנים. ער האָט לייכט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ביידע זענען אַריין אין פראָנט־צימער:

— העלאָ, מיסטער ווילס!

— העלאָ.

— וואָס זשע מאַכט איר?

סאָפאַ איז געווען אויפגעלייגט. דער פרישער דרויסן האָט

געהאַט אַריינגעטריבן פאַרב אין אירע קלאָרע באַקן. די אויגן אירע האָבן געגלאַנצט מיט פייכטקייט.

דער אַלטער ביל האָט געקוקט אויף איר מיט דרך־ארץ און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַ דאַנק... אַלץ איז פיין...

— דאָס איז גוט... און ווי איז מיין מאַן? נישט קיין שווערער „באָרדער"?

— אייער מאַן? ער איז גאָר פיין... און ער איז זייער אַן ענערגישער מענטש...

— ווירקלעך?

סאָפאַ האָט אויפגעלאַכט. איר קול איז געווען ריין, צו־פרידן. טאַנין האָט געשמייכלט זייער שטיל, נאָר אין אים איז געווען צערודערונג: „וואו זשע איז עליזאַבעט?"

— און וואָס מאַכט מיסעס ווילס?

— זי איז „אָלרייט".

— און אייער אייניקל? זי איז דאָך אַזאַ שיינע.

— יאָ... עליזאַבעט איז אַ וואונדערלעך מיידל.

— וואו זשע איז זי, עליזאַבעט?

— אָט איז זי.

עליזאַבעט איז אַריין מיט געלאַסענע, פּאָרזיכטיקע טריט. האָט עס אויסגעזען: ביזאהער געשטאַנען פאַרבאָרגן און זיך אונטערגעהערט... זי האָט נישט געקוקט אויף טאַנינען. ער וואָלט שווערן, אַז זי איז בלאַס און צעטראָגן... זי האָט אַריינ־געקוקט סאָפאַן אין פּנים. האָט זיך באַמיט צו שמייכלען. האָט לייכט באַרירט סאָפאַס אויסגעשטרעקטע האַנט.

— עליזאַבעט זעס אויס וואונדערלעך!

עליזאַבעט האָט געשוויגן.

— און עפּעס אינגאַנצן אַנדערש...

— אַנדערש?

זי האָט זיך אַ ביסל פאַררויטלט. האָט אַלץ נישט גע־

קוקט אויף טאַנינען, ווי זי וואָלט נישט געוואוסט, אַז ער גע־פינט זיך דאָרט.

— יאָ, אַנדערש... צאַרטער... פאַרחלומטער... שענער...

— אַ דאַנק...

טאַנין האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט געזאָגט. און גוט איז אים געווען צו הערן, ווי מען רעדט פון עליזאַבעטן. נאָר דאָס האַרץ האָט עפּעס מאָדנע אונטערגעציטערט. אין אים איז געווען שטיל געבעט. זיינע בליקן זענען געווען צוגע־קלעפּט צו איר: זאָל זי כאָטש אויפהייבן די אויגן!.. זאָל זי כאָטש אַ קוק טאָן אויף זיין פּנים... זי האָט געפילט זיינע בליקן, זי איז פון זיי געוואָרן אומרויק. דינער ווייטיק האָט זיך פאַרשפּיצט אין האַרצן און אומגעקוקט האָט זי זיך נישט. ווען סאָפאַ האָט ווידער גענומען רעדן מיטן אַלטן, האָט זי זיך שטיל אויסגעדרייט, אַ ווייַלע נאָך געשטאַנען: דאָס האַרץ האָט זיך געבעטן, כאָטש איין קוק טאָן אויף אים, נאָר די אויגן האָבן זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט. זי איז שטיל אַרויס פון צימער.

שפּעטער האָט טאַנין זיך לאַנג געפּאָרעט ביי דער מאַ־שין. האָט זי אַריינגעפירט אין שטאַל, זיך דערנאָך אַרומגע־דרייט אינדרויסן, איז געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער אויף דער וועראַנדע, איז אַרויף צו זיך אין צימער, דערנאָך ווידער אַראָפּגעגאַנגען. נאָר עליזאַבעט האָט זיך נישט געוויזן.

סאָפאַ האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פּנים:

— וואָס איז מיט דיר?

— וואָס זאָל זיין?

— וואָס ביזטו אַזוי צערודערט, דזשעק?

— צערודערט?

— וואָס זשע קענסטו נישט איינרוען?

— וואָס מיינסטו?

— לויפסט אַראָפּ און אַרויף... וואָס איז מיט דיר?

— וואָס זאָל זיין? איך האָב אַריינגעשטעלט די מאַשין אין שטאַל.

זי האָט געקוקט אויף אים שווייגנדיק. און ער — ער האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן אויף איר. ער האָט געזאָגט:

— איך האָב, דאַכט מיר, פאַרגעסן צו פאַרשליסן די מאַשין.

ער איז ווידער אַראָפּ. סאָפאַ איז געשטאַנען און אים נאָכגעקוקט מיט וואונדער.

---

# קאַפּיטל צוועלף

יענע נאַכט איז עליזאַבעט געווען שטאַרק אומרויק. אין צימער איז געווען פינסטער. זי איז געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן און מיט פאַרשטאַרטן זיפץ אין האַרצן. זי האָט עקשנותדיק געשוויגן, געפילט רחמנות צו זיך אַליין און געהערט, ווי דער הערבסט-ווינט יאָגט זיך אַרום איבער נאַקעטע פעלדער; רייסט ציטערדיקע, טרוקענע בלעטער פון ביימער און טרייבט זיי איבער וועג. טויבע געשרייען טראָגן זיך פון ווייטקייטן און עס שרייט די אומרו אין איר לייב. דער פאַרדרוס וויקלט זיך ווי האַרט בלעך אַרום איר גוף. וואָס אַזוינס האָט דען פּאַסירט, וואָס האָט אַריינגעטריבן אַזאַ שטילן ווייטיק אין איר? גאָרנישט האָט פּאַסירט. זי האָט בלויז געדענקט, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט מיט אַ צייט צוריק אין דער גרויסער שטאָט... דערביי אויך געדענקט: סאָפאַ טאַנין איז היינט געקומען! זי איז געשטאַנען אין פראָנט-צימער אַ מונטערע, אַ געשטרעקטע. דער מאַנטל אירער איז געווען צע-קנעפּלט, דאָס פּנים — געלייטערט און אויף אירע ליפּן האָט געשיינט שמייכל. ריח פון פּערפום איז אויפגעגאַנגען פון איר. דאָס קול איז געווען לאַכעדיק... נו, איז וואָס? וואָס זשע האָט עס צו טאָן מיט איר? עס האָט יאָ צו טאָן... ווי שאַרף זי האָט עס אַרויסגערעדט: „מיין מאַן!" און איצט — — —

הייסקייט איז אָנגעלאָפן, זיך אַ שפּאַר געטאָן אין ברוסט אַריין, דאָרט שטאַרק ענג געמאַכט, און זי האָט זיך ראַפּטום און מיט שוידער געגעבן אַ זעץ־אויף; האָט געאָטעמט גיך און הייס און מיט אַן אָפן מויל, ווי עס וואָלט איר אויסגעפעלט אָטעם. אַ ווילדע געזעסן און אַראָפּ פון בעט. האָט געמאַכט עטלעכע טריט נאָענטער צו דער טיר און שטיין געבליבן. האָט מיט ביידע הענט אַרומגענומען דעם קאָפּ און אָפּגעצויגן דעם אָטעם: וואָס טוט זיך מיט איר? וואָס וועט זי גיין אין קאָרידאָר? וואָס וועט זי דאָרט טאָן?

איר קול האָט איר געקלונגען פרעמד:

— אַז מיך אַרט נישט! אַז איך וויל גאָרנישט וויסן!

די הייסקייט האָט אָפּגעטרעטן. זי האָט צוריק צוגעשפּאַנט צום בעט און זיך צוריקגעלייגט. האָט דערפילט, אַז ס'איז איר קאַלט, און זיך גענומען וויקלען אין קאָלדרע. איצט האָט דאָס לייב אירס געבענקט נאָך טרערן. האָט זי גענומען העשען מיט וויינענדיק־געפּרעסט קול דורך פאַרקלעמטע ציין: נו, איז וואָס? איז זי פריילעך... זאָל זי זיין... וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט איר? — עס האָט מיט איר גאָרנישט צו טאָן... עס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט איר...

האָט געדריקט די אויגנדעקלעך צו די אויגן, געפילט פייכטקייט אויף די וויעס און ס'איז איר גרינגער געוואָרן. איר לייב איז געוואָרן מיד. די אומרו איז נישט אַוועק, אָבער זי האָט זיך איינגעשטילט און זי האָט אַליין נישט געוואוסט, ווען דער שלאָף איז צו איר געקומען.

אינדערפרי איז זי אויפגעשטאַנען אַ באַרויקטע. די אומרו האָט איבער נאַכט געהאַט אויסגעוועפּט, נאָר אין איר איז געווען מידקייט, ווי זי וואָלט געווען נאָך אַ טאָג פאַסטן... זי איז געלעגן אַ שטיקל צייט וואַך אין בעט. איצט האָט זי אַליין נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי האָט ביינאַכט אַזוי פיל געליטן. זי האָט שטיל געשמייכלט און ס'איז איר גוט געווען פון דעם, וואָס זי האָט געליטן... אין ליידן אַליין איז געווען באַהאַלטן פרייד...

דערנאָך האָט זי זיך לאַנג געוואַשן. זיך געקוויקט מיטן קאַלט וואַסער, געהאַט דאָס געפיל, ווי אירע פולע אָרעמס און בריסט לאַכן שטיל אָן קול, זי איז געוואָרן אָנגעגאָסן מיט דערוואַרטונג אויף עפּעס ליכטיקס, וואָס וועט זיך אַנטפּלעקן... וואָס האָט זי פאַרמישט? זי איז נישט אין דער גרויסער שטאָט און טאַנין איז גאָרנישט פון דאָרט... ער איז אויסגעוואַקסן דאָ, צווישן די בערג, צוזאַמען מיט איר... ביזאַהער בלויז האָט זי עס נישט געוואוסט. ביזאַהער האָט זי אים נישט געזען...

זי האָט זיך אָנגעטאָן. אין איר איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זי געאײַלט, נאָר זי האָט זיך געשטאַרקט און זיך אָנגעטאָן דווקא געלאַסן. האָט זייער אויפמערקזאַם זיך געקעמט די האָר, געקוקט אויף זייער טונקל גאָלד אין שפּיגל. דאָסמאָל האָט זי זיי נישט פאַרפלאָכטן, זי האָט זיי בלויז אַרומגענומען מיט אַ בענדל אויפן נאַקן.

ווען זי איז אַראָפּגעקומען, איז שוין געווען נאָך פריִשטיק. דער אַלטער ווילס איז געזעסן אויפן וויג־שטול און געדרויכערט זיין ליולקע. ער איז געווען אין אַ ווייס זונטיקהעמד, דאָס אײַנגעפאַלענע פּנים איז געווען פריש ראַזירט און ליכטיקער. ער האָט געזאָגט:

— גוטמאָרגן, עליזאַבעט.

— גוטמאָרגן, זיידע.

— ביזט זיך היינט פאַרשלאָפן... וועסט שוין אַליין עסן „ברעקפעסט".

— שוין נאָך „ברעקפעסט"?

— נאָר־וואָס געענדיקט.

— איך בין זיך פאַרשלאָפן.

— ס'איז „אָלרייט"... ס'איז דאָך זונטיק היינט, עליזאַבעט.

— יאָ, זיידע...

איר קול איז געווען שטילער. פאַרטראַכטער:

— אַלע האָבן שוין געגעסן?

— אַלע...

— אַזוי שפּעט איז שוין?
— שוין נאָך צען...

דער אַלטער האָט צונויפגעצויגן די ברעמען. זיין בליק איז געוואָרן שאַרפער, ווייכער און אויפמערקזאַמער, ווי ער וואָלט באַמערקט אין איר עפּעס אַזוינס, וואָס ער האָט אין איר ביז איצט נישט געזען. איר קול איז איצט ענלעך צו דעם קול, וואָס זי האָט שוין אַמאָל געהאַט. אַ?

עליזאַבעט האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן. האָט גע־האַט אַ פּנים פון אַ קינד, וואָס איז אַנטוישט... זי איז אַוועק מיט פוילע טריט אין קיך אַריין.

דער אַלטער האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

דערנאָך איז עליזאַבעט צוריקגעקומען און זיך אַוועקגע־זעצט ביים טיש. זי איז ווידער געווען זייער שטיל. האָט גע־געסן געלאַסן, און אירע אויגן זענען געשטאַנען אויף איין אָרט. פאַרוואָס האָט זי פאַרשפּעטיקט? ער איז דאָ געוויס געזעסן אַ שווייגנדיקער און זיך געוואונדערט. און אפשר נישט? אפשר איז ער געווען צופרידן? סאָפּאַ איז דאָך גע־זעסן לעבן אים.

דערווייל האָט זי דערזען: אויף דער וועראַנדע זענען אַרויסגעקומען טאַנין און סאָפּאַ. איר האַנט איז געבליבן אַ ווײַלע פאַרגליווערט געשטרעקט. ווידער האָט די אומרו אַ געשריי געטאָן אין איר. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט נישט געזען דעם אַלטנס אויגן צו איר געווענדט. מיט געלאַסענע טריט דערשפּאַנט צום פענסטער.

זי איז געשטאַנען ביים פענסטער געבויגן. געזען: טאַנין מיט סאָפּאַן שפּאַנען געלאַסן מיטן וועג, וואָס פירט צום באַרג און וואו עס ליגן שוין גרייט די מאַטעריאַלן פאַר בויען דאָס הויז. זיי זענען געגאַנגען לאַנגזאַם און שטיל. אָט האָט סאָפּאַ געגעבן אַ כאַפּ־אָן זיין אָרעם, אַריבערגעשפּאַנט עפּעס אַ שטיין, וואָס איז געלעגן אויפן וועג, און זיין אָרעם אָפּגעלאָזט.

עפּעס איז אין דער ווײַלע דורכגעלאָפן פאַרביי עליזאַ־

בעטס אויגן און אַ טונקל געטאָן. אין דער רגע האָט זי זיך דערמאָנט, ווי סאָפּאַ האָט לאַכנדיק געזאָגט צום אַלטן:

— באַלד וועלן מיר האָבן אונזער אייגן הויז...

איצט גייען זיי ביידע זען, וואו זייער הויז וועט שטיין. טאַנין וועט איר ווייזן: אָט דאָ... פונדאַנען ביזאַהער וועט דאָס הויז פאַרנעמען... אירע אויגן וועלן אויפלייכטן...

ווילאַנג איז עליזאַבעט אַזוי געשטאַנען ביים פענסטער אָנגעשפאַרט ביידע הענט אויפן אושאַק? עס קען זיין, אַז לאַנג, — און אפשר גאָרנישט לאַנג. אירע בליקן האָבן באַגלייט די צוויי, וואָס האָבן דאָרט רויק געשפּאַנט. אָט זענען זיי שטיין געבליבן. סאָפּאַ רעדט עפּעס, באַוועגט שאַרף מיט אַ האַנט. טאַנין שטייט מיט די הענט אין די קעשענעס פון מאַנטל... אָט שפּאַנען זיי שוין ווייטער.

„מען גייט זען, וואו זייער הויז וועט שטיין".

עליזאַבעט האָט זיך אויסגעגלייכט און ווידער אַ טראַכט געטאָן: זאָלן זיי גיין... וואָס אַרט עס מיך? זאָלן זיי...

ווען זי האָט זיך אָפּגעקערט פון פענסטער, האָט זי זיך אָנגעשטויסן אָן אַלטנס בליקן. זי איז פון זיי לייכט צעטומלט געוואָרן.

דער אַלטער האָט זיך אויפגעשטעלט. צוגעגאַנגען האַרט צו עליזאַבעטן:

— וואָס איז מיט דיר, עליזאַבעט?

עליזאַבעט האָט אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ, אַ שלונג געטאָן און מיט אַ העכער קול:

— גאָרנישט, זיידע...

— ביזט אַ ביסל בלאַסער, עליזאַבעט.

— בלאַסער?

— ביזט עפּעס נישט מיט אַלעמען?

— וואָס פעלט דיר איין, זיידע?

— דיר איז גאָרנישט?

— ניין, זיידע.

זי האָט זיך פאַררויטלט. האָט געפּרוווט שמייכלען. האָט געקוקט דעם אַלטן גלייך אין פּנים אַריין:

— כ׳בין די נאַכט שלעכט געשלאָפן.

— געפילט שלעכט?

— ניין.

— נאָר וואָס דען?

זי האָט געשמייכלט:

— שלעכטע חלומות געהאַט... די שטאָט האָט זיך מיר געחלומט.

דער אַלטער האָט זיך שוין אויך צעשמייכלט. האָט געקוקט אויף איר מיט ליבשאַפט, האָט אַ גלעט געטאָן איר קאָפּ:

— נאַרישקייטן... ביזט נישט מער אין שטאָט.

— כ׳ווייס, זיידע... און מער אין שטאָט וועל איך נישט „גיין"...

— דאָס איז גוט, קינד.

זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, אָנגענומען מיט זיי דעם אַלטנס קאָפּ:

— ביזט אַ גוטער, זיידע!

זי האָט אים אַ קוש געטאָן אין באַק, אויסרופנדיק גלייך:

— זיידע! גיב מיר אַ קוש!

— קינד מיינס!

דער אַלטער האָט זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס. זי געטוליעט צו זיך, אַ פּאָר מאָל געקושט אין קאָפּ. עליזאַבעט האָט זיך געטוליעט צו אים מיט פאַרמאַכטע אויגן. געפילט, ווי טרערן שפּאַרן זיך איר אין האַלדז אַריין.

— אָט האָסטו די־! אין מיטן דערינען אַ קושעניש גאָר!

דאָס איז די אַלט מיסעס ווילס אַריין פון קיך, געשטאַנען און געש ייכלט

— וואָס זשע, לט ? פאַרגינסט מיר נישט?

עליזאַבעט האָט זיך אָפּגעריסן פון אַלטן, האָט אַרומגעכאַפּט די אַלטע און, טוליענדיק זי צו זיך, באַהאַלטן דאָס פּנים אויף איר אַקסל.

די אלטע האָט מיט אויסגעהאָרעוועטע הענט געגלעט דעם אייניקלס פּלייצעס:

— זאָל זיין געזונט, קינד... פאַרענדיק דיין „ברעקפעסט"... מען וועט דאָך דאַרפן באַלד עסן „דינער"...

— גוט, באָבע...

אַלע האָבן געשמייכלט. אין עליזאַבעטס אויגן האָט איצט געגלאַנצט שטילע טרער און אויפן האַרצן איז איר גרינג געוועז, ווי אַ שווערקייט וואָלט זיך פון דאָרט אַראָפּ־געקייקלט...

* * *

טאַנין מיט סאָפאַן האָבן אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. ווען זיי זענען אַריין אין עס־צימער, זענען שוין די ווילס געזעסן ביים געגרייטן טיש און געוואַרט אויף זיי.

— מיר וואַרטן שוין אויף אייך.

אַזוי האָט געזאָגט מיסעס ווילס. האָט דערביי גוטמוטיק געשמייכלט.

מיסטער ווילס האָט זיך אָפּגערופן:

— מאַן און ווייב... האָט מען זיך פאַרשמועסט. נישט אַזוי?

נאָר טאַנינס פּנים איז געבליבן האַרט:

— אַנטשולדיקט...

ערשט דאַן האָט ער זיין בליק אויפגעהויבן און דער־זען עליזאַבעטן. זיין קול איז געווען איינגעהאַלטן און עפּ־וואָס הייזעריקלעך:

— העלאָ! וואָס מאַכט עליזאַבעט?

— „אָלרייט"...

מער האָט ער נישט געפרעגט און צוגענומען זיין בליק פון איר. עליזאַבעט האָט דערפילט זיין בייזקייט; און פאַרוואָס איז איר געפעלן זיין בייזקייט? אפשר דערפאַר, וואָס סאָפּאַ האָט איצט געשוויגן פאַרביסן און באַהאַלטענע בייזקייט האָט געקוקט פון איר פּנים? איצט איז ווידער געווען פערביסנקייט אונטער דער הויט פון איר געזיכט, ווי דעמאָלט, ווען זי איז אַהער צום ערשטן מאָל געקומען. עליזאַבעט האָט געפילט: ביי איר אין האַרצן לייטערט זיך אויס. עס ווערט דאָרט צוריק ליכטיק. אָט אַזוי־ווי עס שיינט אויף דער דרויסן נאָכן רעגן...

ביים טיש איז מען געזעסן שווייגנדיק. עליזאַבעט האָט געזוכט טאַנינס בליק, נאָר ער איז געזעסן און כּסדר געקוקט צום פענסטער. ס'האָט אויסגעזען: ער איז פאַרנומען מיט עפּעס אַזוינס, פון וועלכן ער האָט זיך נישט לאַנג צוריק דערוואוסט. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיינע פאַרשפּיצטע בליקן צוגעטראָגן צו עליזאַבעטס פּנים, נאָר ווען עליזאַבעט האָט זיי דערפילט און אויפגעהויבן די אויגן צו אים, האָט זי שוין זיינע בליקן נישט געטראָפן.

ביים סוף עסן האָט דער אַלטער ווילס געפרעגט ביי סאָפּאַן:

— געווען ביים באַרג?

— געווען.

זי האָט עס געענטפערט אָפּגעהאַקט. דער אַלטער האָט ווידער געפרעגט:

— וואָס זשע? איר זענט אַנטוישט?

— ניין... ס'איז „אָלרייט".

פאַרוואָס האָט עס אין עליזאַבעטן צוריק גענומען זינגען? ס'איז איר אויסגעקומען, אַז דער פאַרגאַנגענער מעת־לעת איז געווען בלויז חלום. נו, זיכער איז טאַנין געערעכט, וואָס ער איז בייז...

— איר פאַרבלייבט לאַנג ביי אונז?

— ניין... איך פאָר היינט צוריק.

אַפילו די אַלטע מיסעס ווילס האָט אויפגעהויבן די אויגן

אויף סאָפּאָן. האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן: „זיך צעקריגט מיטן מאַן...“

עליזאַבעט האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:

— נאָך היינט פאַרט איר?

איר קול האָט אַזוי לויטער אויפגעשאַלט, אַז זי האָט זיך אַליין דערשראָקן. אין האַרץ האָט עס אַ שלאָג געטאָן מיט עטלעכע פלינקע קלעפּ. אין האַלדז האָט עס אַ פּאַרצי געטאָן.

סאָפּאַ האָט געגעבן אַ הייב־אויף דעם קאָפּ. אירע בליקן זענען צוגעפאַלן צו עליזאַבעטס פּנים. עליזאַבעט האָט זיך אָנגעשטרענגט, איר געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. געפילט: רויטקייט באַדעקט איר פּנים. אין קאָפּ האָט עס דורכגערווישט. סאָפּאַס בליקן זענען געוואָרן שמאָלער און שאַרפער — ווי שפּיזלען... די ליפּן זענען געבליבן פאַרשלאָסן. איין ווײַלע — און עפּעס האָט זיך געהאַלטן אין אַנטפּלעקן פאַר איר... נאָר דאָ האָט עליזאַבעט זיך איבערגעשטאַרקט און אַרויסגערעדט, ווי זי וואָלט פאַרענדיקט איר פראַזע:

— וואָס זשע אײַלט איר זיך אַזוי?

סאָפּאַס בליקן זענען אָפּגעטעמפּט געוואָרן. טאַנינס פּנים האָט זיך עטוואָס איינגעלאָשן...

— איך האָב דאָך אַ „ביזנעס“... איך מוז באַלד איינדערפרי עפענען די „ביזנעס“...

אַזוי האָט סאָפּאַ געזאָגט און צוגענומען די בליקן פון עליזאַבעטן. נאָר דער שטערן האָט זיך איר איצט לייכט געקנייטשט. זי האָט געפילט: עס שמעקט עפּעס אַ ריח, נאָר זי ווייסט נאָכנישט פונוואַנען דער ריח קומט.

— און ווען קומט איר ווידער? — האָט די אַלטע געפרעגט.

— דאָס ווייס איך נישט.

— אייך איז אומעטיק דאָ? — האָט דער אַלטער געפרעגט.

— אמת... ס׳איז דאָ אומעטיק אַ ביסל.

טאַנין האָט זיך אָפּגערופן:

— צו פעלדער און בערג דאַרף מען זיך צוגעוואוינען.
— די בערג האָבן נישט ליב קיין פרעמדע — האָט ווילס געזאָגט.
ווען מען איז אויפגעשטאַנען פון טיש, האָט טאַנין געפרעגט ביי סאָפּאַן:
— רעכנסט טאַקע באַלד צו פאָרן?
— געוויס.
זי האָט עס נישט געזאָגט מיט קיין בייזקייט, נאָר מיט אַ-בערגעטריבענער ווירדע. טאַנין האָט זיך לייכט פאַררויטלט אונטער די אויגן:
— וואָלסט געקענט בלייבן ביז מאָרגן.
— אַ דאַנק... איך מוז דאָך זיין באַלד אינדערפרי אין שטאָט?!
— און ס׳איז אפשר גלייכער... אינדערפרי הייבט זיך אָן די אַרבעט... פירן דיך אין שטעטל — וועל איך נישט קענען זיין אויפן פּלאַץ...
— נו, זיכער...
— און איך וועל זיך היינט דערוויל זען אין שטעטל מיט מיסטער מאַגיל... איך וויל זיין זיכער, אַז ער קומט אינדערפרי מיט אַרבעטער...
— וועלן מיר טאַקע באַלד פאָרן.
— ס׳איז דאָך נאָך צייט?
— ווייסט דאָך, דזשעק: איך האָב נישט ליב צו קומען אַהיים שפּעט ביינאַכט... איך וועל נאָר אַרויפגיין אין צימער און זיך פאַרטיק מאַכן.
מיט אַ שעה שפּעטער איז סאָפּאַ אַראָפּגעקומען שוין אָנגעטאָן צום פאָרן. טאַנין האָט אַראָפּגעטראָגן דאָס סעטשל, האָט עס אַוועקגעשטעלט אויף דער ווערענדע און איז אַוועק אויפן הויף אַרויסנעמען די מאַשין. זי האָט זיך געזעגנט מיט די ווילס. ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט עליזאַבעטן, האָבן זיך זייערע בליקן ווידער צונויפגעשלאָגן. עליזאַבעט האָט געפילט: איר איז שווער אויסצוהאַלטן סאָפּאַס בליקן.

אַלע זענען אַרויס פון הויז. ווען סאָפּאַ איז אַריין אין מאַשין, האָט טאַנין צוגעשריגן:

— כ׳וועל געוויס קומען שפּעט אינאָוונט.

און נישט געקוקט צו עליזאַבעטן, וואָס האָט געהאַלטן אָנגעגרייט אַ שמייכל פאַר אים.

ווען די מאַשין איז שוין געלאָפן, האָט סאָפּאַ דווקא שטיל געפרעגט:

— פאַרוואָס וועסטו צוריקקומען שפּעט אינאָוונט?

— כ׳האָב דאָך געזאָגט: איך וויל זיך זען מיט מיסטער מאַגיל.

— מיט דעם „בילדער"?

— נו, יאָ...

געוואוסט האָט ער: ס׳איז נישט דאָס... נאָר וואָס דען? ער וועט צוריקקומען שפּעט און וועט גלייך אַריין צו זיך אין צימער... היינט אַלנפאַלס וויל ער זיך נישט אָנטרעפן מיט עליזאַבעטן. פאַרוואָס? ער האָט עס גענוי נישט געוואוסט. ער האָט בלויז געפילט, אַז ער דאַרף איר היינט אויסמיידן. ער דאַרף אויסמיידן דאָס געשפּרעך, וואָס עס וואָלט זיך היינט פאַרבונדן צווישן זיי... ער האָט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן... און בכלל: וואָס ליגן אים איצט אין זינען אַזעלכע זאַכן? מאָרגן איז דאָך מאָנטיק!

די מאַשין איז געלאָפן. האָט געשניטן מיט העפטיקן כוח. די מאַשין האָט פאַרביסן געשטויסן מיט איר קרעפטיקער ברוסט די ליידיקייט. זי האָט זיך געגליטשט און געצויגן אין זיך אַריין דעם וועג, ווי מען ציט אַ סטענגע אין איין אָטעם.

— וואָס יאָגסטו אַזוי, דזשעק?

— דו ווילסט דאָך היינט אַהיימקומען שפּעט?

— ריכטיק.

סאָפּאַ האָט איצט געפילט: נאַריש בייז צו זיין... נישט בייז דאַרף זי זיין... זי דאַרף בלייבן שטיל און ביי איר ווירדע...

ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער באַן-סטאַציע, זענען שוין אויף דער אָפענער פּלאַטפאָרם געשטאַנען עטלעכע פּאַסאַ-

זשירן. דער צוג האָט באַלד געדאַרפט צוקומען. טאַנין איז אַריי־
אין דער קליינער געביידע, האָט געקויפט פאַר איר אַ בילעט
איז אַרויסגעקומען און געבליבן שטיין לעבן איר. ער האָט איר
נישט געפרעגט, ווען זי רעכנט ווידער צו קומען. און אויך זי
האָט גאָרנישט געזאָגט. ביידע האָבן געפילט: עפּעס איז פאַר־
געקומען צווישן זיי... ס׳איז געשען אַזוינס, אויף וועלכן ביידע
האָבן זיך נישט געריכט. נאָר וואָס דאָס איז — האָבן ביידע
נישט געוואוסט... זיי האָבן בלויז געוואוסט, אַז עס וועט אַנ־
דערש ווערן...

דער צוג איז אָנגעקומען. טאַנין האָט אַרויפגעטראָגן איר
טשעמאָדאַן. האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט:

— „גוד באַי", סאָפאַ!

אומגעריכט פאַר ביידן, האָט זיך טאַנין צו איר צוגע־
בויגן און איר אַ קוש געטאָן. און אָט דער קוש איז געווען
אַזאַ מאָדנער, אַז ער האָט אַריינגעטריבן אַ קעלט אין איר
האַרצן... ער איז אַוועק. און סאָפאַ איז געזעסן אַ פאַרשטיי־
נערטע, געפילט: אין האַרצן הייבט זיך אויף שווער געוויין
און ס׳גאַנצע לייב ציטערט איר...

— — — — — — — — — — — —

צוריקגעקומען איז טאַנין שוין שפּעט אינאָוונט. ער
האָט זיך דורכגעכאַפּט דעם קאָרידאָר און איז אַרויף צו זיך
אין צימער. ער איז געווען צעראַדערט... ער האָט געדענקט,
אַז ער האָט סאָפאַן אַ קוש געטאָן, און האָט זיך געשעמט מיט
דעם... און געוואוסט האָט ער: איצט זיצט ערגעץ סאָפאַ אַ
צעבראָכענע און דערנידעריקטע... און עס האָט אים ווי גע־
טאָן פאַר איר... און וואָס וועט ווערן? און וואָס אייגנטלעך
האָט ער פאַרטראַכט צו טאָן?

ער האָט נישט געוואוסט... ער האָט גאָרנישט געוואוסט...
ער האָט בלויז געפילט, אַז ער איז מיד... אַז ער קען איצט
גאָרנישט טראַכטן... ווילאַנג איז דאָ סאָפאַ געווען? סך־הכל
איין מעת־לעת... נישט מער? און פאַרוואָס האָט עליזאַ־
בעט זיך פון אים באַהאַלטן? און פאַרוואָס איז זי היינט

שוין געוועז אנדערש? ער דאַרף איר פרעגן: „וואָס איז עלי־
זאַבעט?״ ניין. ער דאַרף איר גאָרנישט פרעגן... וואָס איז זי
מחויב אים צו דערציילן? ווי זי האָט זיך עס דאַן דערשראָקן:
„דאָנט! פליז! דאָנט!״

ער האָט זיך צעשמייכלט און אַליין נישט געוואוסט, פאַר־
וואָס ער שמייכלט. און ס׳איז זייער גוט, וואָס ער האָט זי
היינט נישט געזען נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען פון
שטעטל... און מאָרגן! מאָרגן הייבט מען אָן די אַרבעט... מען
דאַרף אויפשטיין פרי... איצט דאַרף מען זיך לייגן...

ער האָט זיך אויסגעטאָן, פאַרלאָשן די ליכט און גע־
שמייכלט:

— ס׳אַראַ נאַרישע „מוּוויס״ מען ווייזט עס אין שטעטל!..
אָך, ווי נאַריש!



צומאָרגנס איז געקומען אַ ליכטיקער טאָג און האָט זיך
צעלאַכט איבער דער געגנט. דאָס לעצטע שטיק גרויקייט אויפן
הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום האָריזאָנט. זון האָט פרייד־
געשריי אַרויסגעלאָזט. ווינט האָט פון צייט צו צייט שאַרף אַ
ריס געטאָן און נאָכגעלאָזט. דער הימל האָט זיך געוואַשן דאָס
פנים, געוואָרן אַלץ ריינער און בלויער. איבער פעלדער און
בערג האָט זיך געגאָסן בלייך גאָלד; די בערגלעך, וואָס האָבן
געהויערט אַרום, האָבן גערויכערט. פאַרע איז איבער זיי
געהאָנגען; זיך געוויגט און געקאָרטשעט. דער ווינט האָט אַלע
ווייל אַ שטויס געטאָן, די פאַרע איז געוואָרן שיטערער, און
האָט זיך עס טאַנינען בלויז גערדאַכט — פרייד האָט הילכיק
געשריגן פון געזונטע ברוסטן אַרויס!

ער איז געווען אויפן פּלאַץ. איז געווען אָנגעטאָן אין „ניקערס" און אין דיקן „סוועטער". די אַרבעטער זענען אָנגעקומען פון שטעטל, טייל אויף אַ „טראָק" און טייל אין אַלטע אויטאָמאָבילן. זיי זענען געווען שווייגנדיק, שוואַרץ, מיט ווינטיקע סקולאַטע פּנימער און שטרענגע, פאַרשטאַרטע שוואַרץ־בליאַסקעדיקע אויגן... ס'איז אָנגעקומען מיסטער מאַגיל אויף זיין „שעווראָלעד". ער איז אַראָפּ פון זיין מאַשין, האָט אויסגעשריגן צו טאַנינען:

— „גוד מאָרנינג, סיר!"

— „גוד מאָרנינג".

טאַנין איז צו אים צוגעלאָפן מיט פרייד, ווי מען באַגעגנט דעם נאָענטסטן, וועמען מען קוקט שוין אַזוי לאַנג אויס. ער האָט געדריקט זיין האַנט:

— וואָס מאַכט איר?

— איך בין „אָלרייט".

— צו דער אַרבעט!

מיסטער מאַגיל האָט עס אויסגעשריגן גלאַט אַזוי זיך. פאַררויכערט אַ דיקן סיגאַר און גלייך גענומען געבן באַפעלן.

די הייב־ און גראַב־מאַשין האָט גלייך גענומען רויכערן. צוערשט מיט גרויען, דינעם רויך, נאָר ביסלעכווייז איז דער רויך געוואָרן דיקער און שוואַרצער. דער קוימען האָט גענומען פּאָכען מיט אַ ריזיק מויל און שפּייען פעטע וואָלקנס. עס האָט זיך דערהערט אַ דין, קוויטשיק זידן פון אַ שאַרף שטראָמעל פּאַרע, וואָס האָט מיט אימפּעט אַרויסגעשאָסן. דער מאָטאָר פון דער טרייב־מאַשין האָט גענומען רינדזשען. אַ ראָד האָט זיך צעלאָזט אין גרויס אימפּעט, האַרטע שנעלן פון אייזערנע, שווערע פינגער האָבן געקלאַפּט ריטמיש. עס איז געוואָרן אַזוי, ווי אַ ריזיקער אָרקעסטער וואָלט זיך געגרייט.

מען האָט זיך גענומען איבערשרייען. מיסטער מאַגיל איז געלאָפן פון פּלאַץ צו פּלאַץ. מען האָט געשלעפּט זעקלעך צעמענט, אייזערנע לאָפּאַטעס האָבן געגרעשט צווישן שטיינדלעך. און דערווייל איז די זון אינגאַנצן אַרויס פון די פּלעקן. דער

הימל איז שוין געווען אויסגעוואַשן און די פּאַרע האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוויקלט פון די בערגלעך. האָט נאָך געשלעפּט נאָך זיך די לעצטע צויטן. די געגנט האָט געהאַט געעפנט גרויסע, פאַרוואונדערטע אויגן. דער באַרג איז געשטאַנען מיט פאַרשטיקט כאָרכלערײַ אין זײַנע געדערעם. איז געוואָרן עפּעס נידעריקער. ווי ער וואָלט זיך אײַנגעבויגן און זיך פאַרקרעמפּעוועט.

און — אָך!

פון טאַנינס לײַב האָט זיך אַרויסגעריסן אַ הילך, וואָס נאָר ער איינער האָט דערהערט. די טרײַב-מאַשין האָט זיך צעשריגן און די עגבערס האָבן מיט האַרטן ליאַרם אַ שטויס געטאָן אין לײַב פון באַרג! דער באַרג האָט זיך צערעוועט. טאַנין איז אויסגעקומען: דער באַרג רעוועט דורך טויזנטער העלדזער. די עגבערס זענען אָפּגעשפּרונגען. דער באַרג האָט זיך ווילד פאַרעקשנט, נאָר די עגבערס זענען נישט אָפּגעטרעטן. דאָס געשרײַ איז געוואָרן געלאָשענער, די הויט פון באַרג האָט זיך אונטערגעגעבן. די עגבערס האָבן ווידער אַ שטויס געטאָן, דאָס געשרײַ האָט ווידער אויפגעליאַרעמט און ווידער געלאָשענער געוואָרן. שטיקער לײַב האָבן געפלייצט פון באַרג. ברייטע שטיקער האָבן זיך געשיילט און אָפּגעשפּרונגען.

די הייב-מאַשין האָט זיך צעשפּיגן מיט פעט-שוואַרצע שטיקער רויך. די ריזיקע לאַפּע, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון אײַזערנעם זשאַרוועל, האָט זיך געגעבן אַ לאָז-אַראָפּ, זיך צע־עפנט, אויסגעשטרעקט ריזיקע פינגער, זײ אַ שאַר געטאָן, אַרײַנגעהאַקט אין דער ערד, אויפגעריסן, זײ ווידער אַ שאַר געטאָן און אָנגענומען אַ פולע ריזיקע פויסט מיט ערד. קנאַקנדיק רענזשען האָט אַ ריק געטאָן און די אײַזערנע פויסט האָט זיך אויפגעהויבן, אַריבערגעטראָגן דעם גייפטל ערד אויף אַן אַנדער פלאַץ.

עס האָט אַ שלאָג געטאָן מיט פעטן ריח פון אויפגעריסענער ערד. דער ריח האָט געטריבן ערדישע קראַפט אין די גלידער, זיך געריסן אין לײַב אַרײַן, אין בלוט אַרײַן. די אַרבעטער זענען געלאָפן הין און צוריק. אײַזערנע רידלס

האָבן געריצט אין שטיינדלעך, זיי געשיט מיט אימפּעטיקן רעש אין אייזערנע טאַטשקעס, געשטופּט די טאַטשקעס צו דער מיש-מאַשין; אַנדערע האָבן געזשוויגעט זעקלעך צעמענט, און די מאַשין האָט זיך געדרייט און געטומלט מיט צעמענט און שטיינדלעך. די הייב- און גראָב-מאַשין האָט געהודזשעט, געפּאָכעט, געקרעכצט און געקריצט, רייסנדיק די ערד אין שטיקער... די ענגבערס האָבן שפּרינגענדיק געדרילעוועט דאָס לייב פון באַרג; דער באַרג האָט געשריגן מיט האַרטע, באַנומענע קולות. די געגנט אַרום איז געווען פאַרבליפט און פאַרוואוגדערט... דער באַרג איז געשטאַנען מיט פאַרלאָפענע גאַלעס.

צווישן געבּרום און ליאַרעם איז געשטאַנען טאַנין אַ הויכער, אַ גלייכער, אַ צעשיינטער. אַלע טראַכטונגען זענען איצט געווען פאַרגעסן. אַלץ, וואָס איז געווען ביז דעם מאָרגן, איז איצט געווען אָפּגעמעקט. זיין לייב האָט מיטגעשריגן מיטן באַרג, מיטגעליאַרעמט מיט די מאַשינען. ער האָט געאָטעמט מיט אַזויפיל גליק, ווי אַן אויסגעדורשטיקטער זופּט אין איין אָטעם קלאָר, געשמאַק וואַסער.

און אין דעם געשריי פון אַרום, אין דעם געשריי פון זיין אייגן לייב, האָט ער געהערט אַ וואונדערלעך געזאַנג. דאָס געזאַנג פון אַרבעט; דאָס געזאַנג פון אַ נײַ לעבן, וואָס גייט-אויף אין אים און אַרום אים!

---

# קאַפּיטל איינס

מיט רעגלמעסיקע, זיכערע טריט, האָט דער מיטלגעוויקסיקער פּאַרמער, דער רויטהאָריקער דזשאַן, געשפּאַנט ביי דער זייט וועג און מיט געזונטער הנאה אַריינגעאָטעמט אין זיך די שאַרפע באַרג-לופט. ער איז געגאַנגען געשטרעקט, מיט גרינג געמיט. געפילט זיינע ברייטע צונויפגעקאָוועטע פּלייצעס; געהערט ווי עס זידן די כוחות אין די גלידער און די שטייפע מוסקולן שפּילן אויפן לייב. זיין פּנים איז געווען פריש געגאָלט און פון קילן דרויסן געראָיטלט. די דריבנע קלייען, וואָס זענען ווי דינע, ברוינע שיפן געדיכט געלעגן אונטער די שמאָלע, אונטערן שטערן פאַררוקטע אויגן און אויפן קורצן, דיקן האַלדז, האָבן זיך קוים אָנגעזען פון פאַררויטלקייט אַרויס. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיינע זונטיק-קליידער, כאָטש ס'איז געווען אַ וואָכעדיקער טאָג. וואָרום: געגאַנגען איז איצט דזשאַן צום אַלטן ווילס און איז געווען זיכער: היינט וועט ער זיך ענדלעך דורכרעדן מיט אים וועגן זיין אייניקל, וועגן עליזאַבעטן.

איז שוין לאַנג אין דעם, זינט דזשאַן טראָגט אין זיך פאַרבאָרגן דאָס טראַכטן וועגן עליזאַבעטן? שוין אַ צייט. ס'איז געווען פאַראיאָרן. אַז פאַראיאָרן אין דער צייט. ס'איז געווען גלייך נאָך „טענקסגיווינג". און דזשאַן איז אַוועק צום אַלטן ווילס: דער פאַרגאַנגענער זומער איז געווען אַ גוטער. דאָס געראַטעניש אויף די פעלדער איז גרויס געווען און דזשאַן האָט נישט געדאַרפט אָנקומען נאָך קיין הילף... ער וואָלט זיך אַליין געקענט אַן עצה

געבן מיט נאָך עטלעכע אַקער... איז אפשר? אפשר וואָלט דער אַלטער ביל פאַרקויפט עטלעכע אַקער לאַנד?

ביל ווילס איז געזעסן שטיל מיט דער ליולקע אין מויל און האָט אים אויסגעהערט. די ליפּן האָבן אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט זייגן די לולקע; די הויטן אַרום די אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען:

— וואָס מיינסטו, דזשאַן?

— אפשר וועט ביל פאַרקויפן אַ פּאָר אַקער לאַנד? אָט וואָס איך מיין.

— פאַרקויפן לאַנד זאָגסטו?

— פאַרוואָס נישט? איך וועל צאָלן „קעש".

— „קעש" ועסטו צאָלן? ווער דאַרף דיין „קעש"?

דעם אַלטנס אויגן זענען געוואָרן שאַרף, שפּיציג. נאָר דזשאַן האָט זיך צעשמייכלט:

— איך פרעג בלויז... איר האָט אַזוי פיל לאַנד.

— נו, איז וואָס, אַז איך האָב?

— האָב איך געטראַכט — — —

די אַלטע איז דערביי געזעסן מיט שטילער זאָרג אויף דעם קײַלעכדיקן, לויטערן פּנים. און ביל האָט אויסגעקערט דעם קאָפּ צו איר:

— דו הערסט, אַלטע? ער וויל דאָך ביי מיר לאַנד קויפן! אַ שטייגער, ווי מיר וואָלטן נישט געהאַט ווענען דאָס לאַנד צו לאָזן! דו הערסט? אָט דאָס הייסט חוצפּה!

דזשאַן האָט אָפּגעהוסט:

— נו... באַליידיקן זיך איז נישטאָ פון וואָס.

דער אַלטער האָט געקוקט דזשאַנען גלייך אין פּנים אַריין:

— זיכער האָב איך אַסך לאַנד... און נאָך וואָס פאַראַ לאַנד! מיין ערד איז פעט און ווייך ווי פּוטער... ס'איז די בעסטע ערד אין דער גאַנצער געגנט! איך אַליין האָב זי מיט מיינע הענט „אויפגעבראָכן"... ווייך געמאַכט...

— דאָס ווייס איך.

— האָב איך עס געטאָן, כדי צו פאַרקויפן? די ערד וועט

בלייבן פאַר עליזאַבעטן... פאַרשטייסט, דזשאַן? פאַר עליזאַבעטן...

— עליזאַבעט איז דאָך אין שטאָט אַוועק? נישט אַזוי?

—אַ ווײַלע איז דער אַלטער געזעסן שטיל, האָט געקוקט צום פענסטער. טונקעלע הויט האָט זיך איבער זיין פּנים איבער־געצויגן. די אַלטע האָט אָפּגעזיפצט. דערנאָך האָט דער אַלטער געזאָגט:

— עליזאַבעט וועט צוריקקומען.

— זי וועט צוריקקומען?

— זיכער... זי איז נישט אַוועק אויף שטענדיק... זי איז „געגאַנגען" אין שטאָט אַריין אויף אַ ווײַל...

— אַזוי גאָר?

— געוויס... עליזאַבעט איז אויסגעוואַקסן דאָ אויף דער ערד... זי האָט ליב די ערד... זי וועט צוריקקומען. און וועט בלייבן אויף דער ערד... פאַרשטייסט? זי וועט בלייבן דאָ.

דער אַלטער האָט זיך צעשמייכלט. געפּרוּווט טרייבן שפּאַס:

— אפשר ווילסטו קויפן דעם באַרג, דזשאַן? האַ?

— דעם באַרג? צו וואָס דאַרף איך אים?

— דאָס ווייס איך נישט... וועסט דאָרט קענען שטעלן אַ הויז. וועסט דאָך מסתּמא אַמאָל חתונה האָבן... נישט אַזוי? וועסטו זיך דאָרט אַ הויז שטעלן. עס וועט זיין פיין אַרויסצוקוקן פון דאָרט דורך די פענסטער און זען די גאַנצע געגנט... נישט אַזוי?

— יאָ... עס וואָלט געווען פיין.

דזשאַן האָט זיך איינגעקוקט אין אַלטנס פּנים און ס'האָט זיך אים אויסגעלייטערט אין קאָפּ:

„אָט וואָס ער מיינט... אַזוי הייסט עס?... איך פאַרשטיי"...

דזשאַן איז אַוועק. פון דעמאָלט אָן טראָגט ער פאַרבאָרגן אין זיך דאָס טראַכטן וועגן עליזאַבעטן. ער האָט שפּעטער דערפון אַסך מאָל געקלערט. געוואוסט: „דעם אַלטן בילס ערד געהער צו עליזאַבעטן"... און ער האָט געוואַרט אויף איר צוריקקומען. ער געדענקט: ס'איז געווען פרילינג שוין און דער אַלטער האָט אים אָנגעטראָפן אויפן וועג. אָנגעזאָגט:

— ווייסט, דזשאַן? עליזאַבעט איז צוריקגעקומען.

— צוריקגעקומען? ווען?

— שוין אַריבער אַ וואָך... זי וועט שוין דאָ בלייבן.

— דאָס איז פיין!

— געוויס איז עס פיין.

דזשאַן האָט געפילט פרייד אין לייב. אין אים האָט עס געשמייכלט און ער האָט געטראַכט: „גוט וואָס עליזאַבעט איז צוריקגעקומען... דעם אַלטן בילס ערד איז די בעסטע אין דער גאַנצער געגנט"...

דזשאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן שפּאַנען. האָט פאַררוקט די הענט אין די הויזנקעשענעס, האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די פעלדער און בענומען אונטערפייפן.

סוף-נאָוועמבער-טאָג איז שטיל און גרוי געהאָנגען פאַרגליווערט איבער פעלדער. די ביימער זענען שוין געווען אָן בלעטער. וואו-נישט-וואו איז אַן עלענט צונויפגעקנייטשט בלעטל געהאָנגען אויף אַ שפּיץ צווייגל. געהאָנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ ווי אַ געשאָכטן אָפּגעפּליקט עוף. די גאַנצע געגנט איז געשטאַנען אָפּן, פאַרחידושט. די ערד איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, געזונקען אין אַנפאַנג פון חלום... אַ טאָג פריער האָט עס כסדר גערעגנט; דינע טראָפּנס האָבן קווער געשמיסן און איבערן הימל האָט זיך געגאָסן שוואַרצע געדיכטקייט. איז היינט די ערד געווען אָנגעטרונקען און פאַרשיכורט. די לאַנקעס זענען געווען איבערגעצויגן מיט גרוי-רויטלעכער הויט, וואָס איז ערטערווייז געווען צעריסן און פון די ריסן האָבן געקוקט גרינע פלעקן. עס האָט געשמעקט מיט שאַרפע ריחות פון גרינסן, וואָס זענען געבליבן אויף די גערטנער. דזשאַן האָט אין זיך אַריינגעצויגן די ריחות, געפילט ווי זיי טרינקען אָן זיין לייב מיט קרעפטיקייט. און די פעטקייט יערט אין דער ערד. די פעלדער ציען זיך ווייט און ברייט... בילס פעלדער... עליזאַבעטס פעלדער!... אָט דאָרט ציען זיי זיך אַראָפּ אין טאָל און ווייטער קלעטערן זיי באַרגאַרויף... אַ שאָד, וואָס צווישן זיינע און עליזאַבעטס פעלדער ליגט אַ פרעמדער פאַס ערד... צו וועמען געהער אָט דער פאַס ערד?

דאָס איז העברעיש לאַנד... ווייטער אַוועק האָט העברי נאָך לאַנד... דאָרט שטייט אויך זיין הויז... ער וואָלט דעם פּאַס ערד פאַרקויפט... זיכער וואָלט ער פאַרקויפט... ער וואָלט געקענט צוקויפן דאָרט, נענטער צום הויז... מען דאַרף אָפּקויפן ביי העברין דעם פּאַס ערד! פאַראייניקן זיין ערד מיט עלי-זאַבעטס און —

גאָט אין הימל! סאַראַ וואונדערלעכער שטח ערד דאָס וועט זיין! אַ גאַנץ קעניגרייך! און ער — דזשאָן — וועט זיין דער קעניג!

די פרייד האָט זיך צעליאַרעמט אין דזשאָנס בלוטן. האָט זיך געריסן פון די הענט און פון די פיס... האָט געשטראָמט איבערן גאַנצן לייב: מיין קעניגרייך!

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דערבלאָנדזשעט זיינע בליקן ביז צום אַלטנס הויז. האָט געשמייכלט. דערנאָך האָבן זיינע בליקן דערגרייכט ביז צום באַרג, זיך פאַרטשעפּעט אָן נייעם הויז, וואָס איז שוין דאָרט געשטאַנען, און אַ טראַכט געטאָן:

„צו וואָס דאַרף איך האָבן דאָ אָט דאָס הויז מיט דעם פרעמדן פון שטאָט? האַ?"

דאָס הויז איז נאָך געשטאַנען אָן פענסטער און אָן טירן. די ווענט אָבער זענען שוין געווען פאַרטיק פון דרויסן: ביז במעט אַ העלפט זענען זיי געווען פון שטיין, און העכער — ווייסגעטונקעוועט. פון טונק אַרויס האָבן געשטאַרצט קליינע, דריבנע שטיינדלעך; האָבן אויסגעזען, ווי אויפגעלאָפענע ברענ-בלאָזן. אויפן דאַך זענען געזעסן אַרבעטער און אים געדעקט מיט טונקל-גרינע דאַכאָוועס.

דאָס הויז איז געווען אַ צווייִשטאָקיקס, אַ ברייטס. ס'איז געשטאַנען פעסט און זיכער, ווי אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד; האָט מיט פאַררעסנקייט און יחוס געקוקט אויף דער געגנט אַרום זיך. מאָדנע: דזשאָן האָט דערפילט שטאַרקן פאַרדרוס. דער פאַרדרוס האָט זיך אין אים אַריינגעריסן, ווי שאַרף-שוואַרצער פלעק אין דער ליכטיקייט, וואָס האָט איצט אויס-געפילט זיין לייב. צו וואָס דאַרף ער דאָ אָט דאָס הויז מיט

דעם פרעמדן? ס׳איז נאָך גוט, וואָס דאָס הויז שטייט ביים באַרג, דאָרט וואו עס ענדיקן זיך דעם אַלטנס פעלדער. ס׳איז אָבער אַ שאָד די ערד, אויף וועלכער דאָס הויז שטייט. ווי-אַזוי האָט עס דער אַלטער פאַרקויפט אַ שטיק גוטע ערד? עליזאַבעטס ערד?

דער פאַרדרוס איז אָבער לאַנג נישט געבליבן אין אים. די פרייד זיינע האָט דעם פאַרדרוס גלייך אַרויסגעשטויסן... און וואָס שטייט ער? האָט ער דען נישט אָפּגערעדט מיטן אַלטן, אַז ער וועט היינט דאָרט זיין? דער אַלטער וואַרט געוויס אויף אים!

ס׳איז געווען מיט אַ וואָך צוריק. ער האָט אין שטעטל אָנגעטראָפן דעם אַלטן און צו אים אויסגערופן:

— העלאָ, ביל!

— העלאָ, דזשאָן! האָסט זיך דערפרייט מיט מיר? וואָס?

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט. דזשאָן וואָלט געשוואוירן, אַז ביל איז אונטערגעוואַקסן. ער האָט געשמייכלט מיט ליכטיקע אויגן:

— ווילסט נאָך אַלץ קויפן ערד?

— איך ווייס: איר וועט נישט פאַרקויפן...

— „יו בעט״!

פון אַלטנס פראַגע האָט זיך דזשאָן דערפילט אַ ביסל צעטומלט; געוואָלט עפּעס זאָגן און אַליין נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס.

דער אַלטער האָט דערווייל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז, דזשאָן? די צונג איז דיר צוגעוואַקסן געוואָרן?

דזשאָן האָט געשמייכלט:

— וואָס מאַכן אַלע ביי אייך?

— „אָלרייט״.

— און אייער אייניקל?

— עליזאַבעט? זי איז גאָר פיין!

— און אין שטאָט אַריין פאָרט זי נישט מער?

— אָ... ניין!

דער אַלטער האָט שאַרף אַ קוק געטאָן דזשאָנען אין פּנים אַריין, אַ טראַכט געטאָן: „אַ גיפּטיקע צונג ביי אָט דעם יונג... מען דאַרף מיט אים נישט איינרייסן..."

דזשאָן האָט געדענקט: „די ערד איז עליזאַבעטס" און געפרעגט:

— מיט אַ וואָגן געקומען?

— ניין... מיט אַן אויטאָמאָביל.

— מיט אַ מאַשין? געקויפט אַ מאַשין?

— וואָס פאַלט דיר איין, דזשאָן? איך וועל שוין קיין מאַשין נישט קויפן... געקומען מיט מיין „באָרדערס" מאַשין.

— וואָס פאַרא „באָרדער"?

— וואָס בויט אַ הויז ביים באַרג.

— אָ... ער בויט אַ הויז... און מיין „קאָמישן"? געדענקט איר, ביל? איך האָב דער ערשטער אייך אָנגעזאָגט: אַ פרעמדער „באַדערט" זיך ביים באַרג, און איר האָט געזאָגט: „אַז ער וועט קויפן, וועט איר קריגן קאָמישן!" געדענקט איר?

— ריכטיק... געזאָגט... ווילסטו דאָ, אין גאַס, דיין „קאָמישן"? דו ווייסט וואו איך וואוין... פאַרוואָס קומסטו נישט אַמאָל?

— אַ?.. איך וועל קומען... די אַנדערע וואָך וועל איך קומען... דינסטיק וועט זיין צומבעסטן... וועלן מיר זיך דורכרעדן וועגן מיין „קאָמישן"...

— „אָלרייט"... וועסט זיין אַ גאַסט.

דער אַלטער האָט דערביי געקוקט אויף אים מיט וואונדער: וואָס זשע? מיינט ער טאַקע ערנסט צו קריגן „קאָמישן"? וואָס האָט ער זיך אַזוי אָנגעכאַפּט? אָבער געזאָגט האָט ער גאָרנישט.

דזשאָן איז געווען שטאַרק איבערראַשט. האָט הויך געלאַכט; פעסט און וואַרעם געדריקט דעם אַלטנס האַנט:

— זיכער... דינסטיק קום איך צו אייך.

לייכט ווינטל איז פאַרבייגעלאָפן. די געגנט האָט אַן אָטעם געטאָן מיט פרישקייט. די פעלדער האָבן אַן עפן געטאָן

די אויגן, אַ קוק געטאָן אויף דזשאַנען מיט היימישקייט און פריילעכקייט; דער ריח פון פעטער ערד האָט געשטראָמט, ווי ליטערער וויין, אין זיין לייב אַריין. דזשאַן האָט גענומען שפּאַנען שנעלער; האָט געאָטעמט מיט אַפּעטיט, די פרייד האָט געריישט אין זיין בלוט:

„באַלד וועט ער זיך דורכרעדן מיט ביל ווילסן!"

שוין זייענדיק לעבן ווילסנס הויז, האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

„און דאָס, וואָס עליזאַבעט איז געוועזן אַוועק אין שטאָט האַ?"

זיינע אויגן זענען אויף אַ קורצער ווײַלע געוואָרן זייער קליין און שאַרף. גלייך אַ טראַכט געטאָן:

„שפּעטער... איך וועל זיך שוין שפּעטער מיט איר רע-בענען..."

און ער האָט דערשפּאַנט צום הויז.

* * *

וועמענס קול קומט פון הינטן? זאָל עס זיין ער? האַ?

עליזאַבעט האָט איבערגעריסן איר שטיל, האַרציק געזאַנג. געבליבן שטיין אַ ווײַלע פאַרן שפּיגל אין איר צימער, מיט דער קאַם אין דער אויפגעהויבענער האַנט. שמייכל האָט אַ פלייץ געטאָן דורך די בורשטינענע אויגן איבער די באַקן, און דאָס קליינע, פיין געשניטענע מויל איז געשטאַנען אָפן... דאָס האַרץ האָט גענומען לויפן שנעלער: ער איז שוין געקומען!

זון האָט אין לייב אויפגעשיינט. זי האָט אַ ווײַלע זיך געקוקט אין די אויגן און אויפן פּנים אין שפּיגל. אַ טראַכט געטאָן: „לאָמיך גיך פאַרפלעכטן די צעפּ". האָט גלייך פאַר-געסן אָן דעם און זיך אָפּגעריסן פון אָרט. אין איר האָט

אויפגעשוימט אַזאַ אימפּעט, וואָס איז געווען שטאַרקער פון איר טראַכטן. זי איז מיט פלינקע טריט געלאָפן אַראָפּ די טרעפּ, איז אַריין אין פראָנט-צימער און געבליבן שטיין ביי דער שוועל ווי אירע טריט וואָלטן זיך אָן עפּעס אָנגעשלאָגן:

— אָ!

דזשאַן האָט זיך אויפגעשטעלט:

— העלאָ, עליזאַבעט!

עליזאַבעטס פּנים איז געוואָרן געלאַשן. זי האָט געקוקט אויף אים אַזוי, ווי זי וואָלט אים נישט דערקענט. דזשאַן האָט זיך פאַרנייגט.

— עליזאַבעט דערקענט מיך נישט?

אָ... העלאָ, דזשאַן!

איר שטים האָט אַ זינג געטאָן מיט זון איבער גרין פעלד. איר בליק איז געווען אַ ביסל פאַרבלאָנדזשעט, זי איז געשטאַנען אַ גלייכע. איז געווען אָנגעטאָן אין אַ גרוי קליידל מיט פאַלדן, און די פאַלדן האָבן אומרויִק געציטערט אַרום איר שלאַנקן גוף. די צעשאָטענע האָר האָבן ווי קופּערשטראָמען זיך געגאָסן איבער אירע אַקסלען...

— „האַו אַר יו"?

— „אָלרייט".

און ווייל דזשאַנס פּנים האָט איצט אַזוי געשמייכלט און די בליקן זיינע האָבן געבלאָנדזשעט איבער איר, האָט עליזאַבעט אַ ביסל פאַרוואונדערט אים אָנגעקוקט. דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— אָ... דאָס זענט איר?

— נישט געריכט זיך, מיך צו טרעפן דאָ? וואָס?

דזשאַן האָט זיך צעלאַכט, באַוויזן ווייסע ציין, און זיי-נע קליינע אויגן האָבן געבלישטשעט מיט געשליפנקייט. ווי וואונדערלעך-שיין עליזאַבעט איז! ווען האָט זי דען אַזוי שיין אויסגעזען? אויך דזשאַן האָט געפילט: זון שיינט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר איידער ער האָט געפונען די ווער-טער, וואָס ער האָט געזוכט, האָט עליזאַבעט אַ זאָג געטאָן:

— „אָלרייט"... איך בין נאָך נישט פאַרקעמט...

האָט זיך געגעבן אַ דריי־אויס אַזוי פלינק, אַז די קופּער־שטראָמען האָבן זיך אַ יאָג געטאָן פון אירע אַקסלען און פאַר־דעקט דאָס פּנים. די פאַלדן פון איר קליידל האָבן אַ שאָרווע געטאָן מיט געלעכטער און צוריקגעפאַלן מיט ליבשאַפט צו איר גוף. עליזאַבעט האָט אַ קוק געטאָן אויפן אַלטן. געזען: ער זיצט מיט קלוגע, שמייכלדיקע אויגן, האָט זי אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געזאָגט:

— געהערט מען רעדט דאָ... איז מיר געווען אַ וואונ־דער: ווער זאָל דאָס זיין?

האָט מיט ביידע הענט אַוועקגענומען די האָר פון אירע באַקן, וואָס האָבן זיך איצט געראָויטלט:

— גיי איך „אָבסטערז״.

און זי איז אַרויס.

דזשאַן איז געשטאַנען אַ פאַרבליפטער, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס געזען אַן אויסערגעוויינלעכע זעאונג. האָט געהערט, ווי פלינק זי לויפט דאָרט איבער די טרעפ, און אים איז ענג געווען אין האַלדז... דערנאָך האָט ער זיך צוריקגעזעצט, האָט אָפּגעהוסט, ווי ער וואָלט געפּרווט, צי ער האָט אַ קול. האָט אויפגעהויבן די אויגן צום אַלטן, וואָס איז אַלץ אַזוי געזעסן, ווי אַ מענטש, וואָס קוקט זיך צו עפּעס צו... און געזאָגט:

— אַ וואונדערלעך מיידל עליזאַבעט.

דער אַלטער האָט באַרימעריש אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ:

— נאָך אַזאַ עליזאַבעט איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ!

— זי איז זייער אַ געראָטענע.

— און האָט גאָלדענע הענט.

אַ ווײַלע איז שטיל געווען. דזשאַן האָט געפילט: איצט איז די צייט צו רעדן, און נישט געוואוסט, וויאַזוי מען הייבט אָן. דער אַלטער איז אַלץ געווען פאַרוואונדערט און נישט גע־קענט פאַרשטיין: עפּעס מיינט ער דאָך, אָט דער דזשאַן... און אויסגעפּוצט איז ער... ער צילט זיך צו עפּעס... איז וואָס זשע אַזוינס מיינט ער? ביז עליזאַבעט איז אַראָפּגעקומען, האָט ער די גאַנצע צייט גערעדט וועגן אַרבעט אויף די פעל־

דער... זיך באַרימט מיט זיין בריהשקייט... האָט דערמאָנט, אַז ער האָט געענדיקט אַ „פּובליק סקול״... האָט געהאַט אין זינען צו גיין אין „האַי-סקול״, נאָר דער פאָטער איז דערווייל געשטאָרבן, און ער האָט געמוזט איבערנעמען דאָס באַלעבאַטישקייט. איז קעגן וואָס דערציילט ער דאָס אַלץ? האַ?

— וואָס זשע שווייגסטו, דזשאַן?

— אַ? וואָס איך שווייג?

דזשאַן האָט געפילט: זיין קערפּער איז אַרומגעכאַפּט פון אַ פלאַם; די היץ שלאָגט פון זיין געזונטן גוף און שטויסט זיך אין קאָפּ אַריין:

— איך טראַכט: שוין אפשר צייט פאַר מיר זיך צו „סעטלען״.

— צו „סעטלען״? וואָס מיינסטו, „סעטלען״?

— איך בין שוין ווייט קיין יונגעלע...

— דאָס זעט מען.

— איך בין שוין געוואָרן דרייסיק... דאָס באַלעבאַטישקייט איז פיין...

— אָ! ווילסט נעמען אַ ווייב, מיינסטו?

— אָט וואָס איך מיין... און אַ ניי הויז וועל איך בויען... און פרילינג וועל איך עס אָנהייבן בויען...

— האָסט דאָך אַ הויז?

— דאָס וועט בלייבן פאַר מיין מאַמען מיט די איבעריקע צוויי קינדער... איך וויל פאַר מיין ווייב בויען אַ ניי הויז... אַ שיין הויז... מיט אַלע איינריכטונגען... און — אַז איך חעל האָבן נאָך לאַנד... און אַן אַרבעטער בין איך אַ גוטער... וואָס וועט אַ ווייב ביי מיר פעלן? האַ? און אַ ווייב, אַ גוטע באַלעבאָסטע... אַ געראָטענע... מיר וועלן זיך דאָך קענען איינאָרדענען און לעבן אַ גוט לעבן אויף דער וועלט... נישט אַזוי?

מיסטער ווילס האָט באַקומען שאַרפן, פאַרשפּיצטן בליק אין די אויגן. האָט אויפגעצויגן דעם קאָפּ, גענומען זיך אָנשטויסן, וואָס דזשאַן מיינט, און דער כּעס האָט שטיל דורכגעבויערט זיין גוף און אַריינגעשלאָגן אין האַרצן... אָט וואָס ער

מיינט... סאַראַ חוצפה! ער מיינט אַזוי־אַרום צו באַקומען זיין ערד...

און אַז דער אַלטער האָט געשוויגן, האָט דזשאָן געזאָגט:

— און עליזאַבעט איז זייער אַ געראָטענע.

געפילט דערביי: דאָס פּנים ברענט אים. די אויגן זע־נען אים הייס.

— אָט וואָס דו מיינסט!? עליזאַבעטן מיינסטו?

דזשאָן האָט זיך געגעבן אַ שטרעק־אויס: דאַכט זיך דאָס אים, אָדער איז עס טאַקע אַזוי? דער אַלטער האָט באַקומען אַ פאַרביסן פּנים; זיינע בליקן זענען געוואָרן שאַרף, שטעכיק:

— דו מיינסט עליזאַבעטן?

— נו, איז וואָס? וואָס וועט איר ביי מיר פעלן? איר וועט גוט זיין ביי מיר...

— אָט וואָס! —

די צוויי ווערטער זענען אַרויס פון אַלטנס מויל שפּי־ציק און מיט שפּאָט.

דזשאָן האָט דערפילט, ווי עס מישט זיך אים אין קאָפּ. איז עס מעגלעך, אַז דער אַלטער מאַכט בלויז אַזאַ אָנשטעל, אָדער מיינט ער עס טאַקע? אין אים האָט זיך געגעבן אַ דרי־לעווע אַריין פאַרביסנקייט:

— וואָס זשע וואונדערט איר זיך אַזוי? וואָס איז? עס שטייט אייך נישט אָן?

מיסטער ווילס האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל. די הויטן אַרום די אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעקאַרטשעט. האָט גענומען אָטעמען הייסער. האָט אַרויסגעבויגן זיין אייבערשטן האַלבן גוף, זיך איינגעקוקט אין דזשאָנען, ווי ער וואָלט גע־וואָלט זען צי דער יונג איז טאַקע ביים זינען. דערביי גע־טראַכט: „מיין ערד פאַרווילט זיך אים... אויב נישט פאַר געלט קויפן, איז אָן געלט באַקומען...” דערנאָך זיך צוריק אויסגע־גלייכט אין שטול און אָפּגעציילט האַרטע ווערטער:

— דו... ווי קומסטו צו איר? האַ?

דזשאָן האָט באַקומען גאָר קליינע אייגעלעך. די בערג־

לעך אונטער די אויגן זיינע האָבן געגעבן אַ געשוויל-אויף. ער האָט דערפילט אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אומגעריכט צע-בראָכן אַ גרויסן, שווערן טאָפּ איבער זיין קאָפּ. אַ ווײַלע האָט ער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסברענגען. דער כּעס האָט ווילד אויפגעקאָכט אין זיינע בלוטן. דער אַלטער האָט ווידער איבערגעחזרט:

— ווי קומסטו צו איר? דו — און עליזאַבעט?

און האָט אַרויסגעלאָזט אַ משונהדיק בייזן לאַך.

אין דזשאַנס אויגן האָט אַ פינסטער-געטאָן. דער קאָפּ איז אים געזונקען צווישן די אַקסלען: הערט ער עס טאַקע די רייד? יאָ... אָט זאָגט זיי דער אַלטער ווידעראַמאָל. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. דער קאָרק איז אים געוואָרן געבויגן:

— עס שטייט אייך נישט אָן?

— ניין... מיר שטייט נישט אָן!

דער אַלטער האָט זיך אויך אויפגעשטעלט. געשטאַנען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.

— און וואָס איז דער יחוס מיט אייער עליזאַבעטן?

— דאָס ווייס איך!

— איך ווייס אויך!

דזשאַן האָט עס אַרויסגערעוועט מיט אַ געשטיקט-קאָכיק קול, זיין פּנים איז געווען געקרעמפּט.

דער אַלטער האָט אַ ווײַלע אָפּגעשוויגן. געפילט: זיינע הענט ווערן אומרויק. דערנאָך געפרעגט:

— וואָס ווייסטו? זאָג: וואָס אַזוינס ווייסטו?

— אַלץ ווייס איך! און איך קען זאָגן אויך!

דער אַלטער איז געוואָרן בלאַס. האָט געפילט: אין האַלדז שטיקט אים. נאָר ער האָט זיך באַהערשט... האָט גע-אָטעמט הייס. נישט געוואוסט, וואָס ער טראַכט. דערנאָך שטיל געזאָגט, אויסשטרעקנדיק די האַנט:

— אָט איז די טיר!

דזשאַן איז געשטאַנען צעמישט. ער האָט געגאַפּט מיט די קליינע אויגן. נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס דאָ איז פאָר-

געקומען. דער קאָפּ איז אים געווען שווער. און ענג איז דאָרט געווען.

ער האָט געפילט די בושה אויף זיינע פּלייצעס, ווי אַ שווערע משא... דער אַלטער האָט געוואַרט מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט.

דזשאָן האָט אָנגעטאָן דאָס היטל, דעם מאַנטל, דערביי געטריבן הייסע פּאַרע פון די נאָזלעכער. דער כעס האָט גע־ברענט אין אַלע גלידער. ס'האָט אויסגעזען: ער קען נישט אָפּרייסן די פיס פון אָרט, וואו ער שטייט.

דאָ — און רעש האָט זיך געגעבן אַ קייקל־צו ביז צו די פענסטער. עס האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ. דער אַלטער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויסגעשטרעקטע האַנט. האָט זיך אויס־געדרייט צום פענסטער און דערזען: אַ מאַשין שטייט פאַרן הויז. האַ? ווער איז עס?

עס האָט געדויערט אַ ווײַלע, ביז ער האָט דערזען: טאַנין פאָכעט צו אים מיט אַ האַנט פון מאַשין אַרויס... דער אַלטער האָט לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ דורכן פענסטער.

דזשאָן האָט זיך דערווייל אַרויסגעשאַרט מיט שטילע, שווערע טריט...

טאַנין איז אַרויס פון מאַשין. ער איז געווען אָן הוט, און די האָר זענען אים געווען צעוואָרפן.

איין פּאַסמע איז געלעגן איבער זיין רעכטן אויער. און גלייך: עליזאַבעט איז ווי אַ ווינט אַרויסגעלאָפן פון שטוב. זי איז אַרויס מיט שרייענדיקער פרייד און די האָר זענען איצט געווען אין צוויי צעפּ פאַרפלאָכטן. פון וועראַנדע אַראָפּ האָט איר קול אַ זינג געטאָן:

— העלאָ!

טאַנין האָט זיך אויסגעדרייט, האָט געגעבן אַ שטרעק אויס זיין רעכטע האַנט. עליזאַבעט איז שפּרינגענדיק צו צו אים. ער האָט אָנגענומען איר האַנט, האָט זי אַ צי געטאָן — און עליזאַבעט איז געבליבן שטיין האַרט לעבן אים:

— גוט, וואָס איר זענט שוין געקומען!

ווי לויטער זיין פּנים איז געוואָרן:

— עליזאַבעט האָט געבענקט נאָך מיר?

— ס'איז געווען אַזוי אומעטיק דאָ...

איר פּנים האָט זיך גערויטלט, זי האָט אָבער די אויגן נישט צוגענומען פון אים. אירע אויגן זענען געווען פול מיט פרייד. דאָס פּנים — אָנגעגאָסן מיט געלעכטער.

טאַנין האָט אויך געלאַכט:

— אומעטיק געווען? אָבער איך בין געקומען צו דער צייט, וואָס איך האָב צוגעזאָגט צו קומען.

— דאָס איז פיין!

— און ווי פילט זיך עליזאַבעט?

— אויסגעצייכנט!

— דאָס איז גוט... זייער גוט...

ביידנס פּנימער זענען געווען העל באַלויכטן.

דזשאַן איז געשטאַנען אָן אַ זייט. געשטאַנען געבויגן מיט פאַרגליווערטע אויגן... ס'איז געווען אַזויווי אַ פאַרהאַנג וואָלט זיך צעריסן, און ער האָט פּלוצלינג דערזען דאָס, אויף וועלכן ער האָט זיך קיינמאָל נישט געריכט... אין אים האָט גענומען אויפקאָכן הייסעס, ברענעדיקס...

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין אָרט; האָט זיי פאַר-בייגעשפּאַנט. שאַרפע, גיפטיקע שפּיזלען האָבן אָנגעריירט צו-ערשט טאַנינס דערנאָך עליזאַבעטס פּנים... אָבער ביידע האָבן עס נישט דערפילט און נישט דערזען.

— „גוד באַי", עליזאַבעט!

דזשאַנס קול האָט אַ כריפּע געטאָן. עליזאַבעט האט גע-געבן אַ קער דעם קאָפּ:

— „גוד באַי".

און גלייך צוריקגעבראַכט די בליקן צו טאַנינען, וואָס האָט נאָך אַלץ געהאַלטן איר האַנט אין זיינער...

# קאַפּיטל צוויי

די הייסע אומגעדולד, וואָס האָט כּסדר געבּרענט טאַנינס לייבּ און געהיצט זיינע בּלוטן, האָט זיך גענומען לעשן און שטילער ווערן אין די ערשטע טעג פון מאָנאַט דעצעמבּער: דאָס הויז איז שוין געשטאַנען מיט אַ טונקל-גרין געדעקטן דאַך, מיט אַריינגעשטעלטע פענסטער און נישטגעוואַשענע שויבּן; געשטאַנען און געשמייכלט מיט נייקייט איבּער דער געגנט. האָט עס אויסגעזען, ווי אַ שטאָטישער, וואָס איז אין דאָרף אַראָפּגעקומען. האָט דאַן טאַנין בּאַשלאָסן: זיך נעמען צוגרייטן צו דער ווייטערדיקער אַרבּעט פון בּרעכן דעם בּאַרג אין דער טיף. אַז ער וועט זיין גוט צוגעגרייט, וועט מען דערנאָך קענען די אַרבּעט אַ טרייבּ טאָן מיט גיכן טעמפּאָ. פאַר די קאַלטע ווינטער-חדשים, ווען ווינטן שניידן די געגנט מיט שאַרפער קעלט, ווען שטורעמס וויקלען ווייסע שניי-פלאַכטעס איבּער פעלדער, פאַר דער צייט וועט מען פאַרענדיקן דאָס הויז פון אינעווייניק: פאַרענדיקן דאָס טונקעווען פון די סטעליעס און פון די ווענט; אַוועקלייגן די דילס; איינריכטן די עלעקטרישע בּעלייכטונג; די בּאַהייצונג, די וואַסער-קראַנען, און דער עיקר: איינאָרדענען די לאַבּאָראַטאָריע. בּיז פרילינג וועט אַלץ פאַרטיק ווערן און פאַר דער צייט וועט ער אָנגיין מיט זיינע עקספּערימענטן. וועט פאַרן אין שטאָט, וועט בּאַקומען אַ „מאָרטגעדזש“ אויפן הויז; וועט מאַכן אַ הלוואה אין בּאַנק, וועט איינקויפן מאַשינען צום אַרומזעגן און אַרומהיבּלעווען די שטיקער שטיין, און ווי נאָר דער פרילינג וועט אָנקומען, וועט זיך אָנהייבּן

די אמתע אַרבעט: ברעכן דעם באַרג אין דער טיף...

ס'איז צוריק שטיל געוואָרן אין דער געגנט. די הייב-מאַשין איז געשטאַנען פאַרוויקלט מיט ברעזענטן און שווייגנדיק גע-דרומלט. די עגבערס זענען געלעגן אין לאַבאָראַטאַריע; די טרייב-מאַשין איז געשטאַנען אונטער אַ דעכל צונויפגעשלאָגן פון ברע-טער און גערוט. די טעג האָבן געשפּאַנט איבער דער געגנט שטילע, גרויע, געריגצלטע און טרוקענע. זיי האָבן געשפּאַנט רעגלמעסיק מיט געקנייטשטע שטערנס, שטאַרק-אויפגעהויבענע ברעמען און ברייטצעפּנטע צעשראָקענע אויגן; געבויגענע פון קעלט און מיט שווערע טריט האָבן זיי געשפּאַנט אין אַ גלייכער שורה טאָג נאָך טאָג... די פעלדער זענען געלעגן אויסגערוטע און אָפּגעדעקטע נאָר מיט פאַרמאַכטע אויגן; האָבן נאָך געהערט דעם אָפּקלאַנג פון אַוועקגעגאַנגענע זוניקע טעג און זיך געשראָקן פאַר די קעלטן, וואָס האָבן שוין איבער זיי געאָטעמט. דער באַרג איז געשטאַנען מיט אַשטיק אָפּגעשיילטן קאָפּ; מיט פאַרקלעמטע ציין און פאַרקילטן רעווע אין די אינגעווייד; געשטאַנען מיט גע-בויגענער פּלייצע און געשוויגן מיט פאַרקאָכטן כעס און בייזער גבורה.

טאַנין איז אָפט געפאָרן אין שטעטל. אַסך מאָל אין שטאָט. יעדעס מאָל ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער מיט זיך מיט-געבראַכט פאַרשידענע זאַכן פאַר דער לאַבאָראַטאָריע. אין די טעג וואָס ער איז נישט געפאָרן, האָט ער פאַרבראַכט אין הויז אָדער ביים הויז: ער האָט צוגעהאָלפן די אַרבעטער. האָט אַליין געפאַרבט די פענסטער, איז אַרומגעגאַנגען מיט שטייפע טריט איבער די ליידיקע צימערן און אָפט געאַרבעט אין לאַבאָראַטאָריע. דאָס איז געווען אַ גרויסער הויכער צימער, וואָס האָט זיך געפונען אין הינטערשטן טייל פון הויז און האָט אויסגעזען ווי צוגעשטעלט. דאָרט איז נישט געווען קיין סטעליע נאָר בלויז דער משופּעדיקער דאַך האָט אַראָפּגעקוקט אַ נישט געפאַרבטער. אַסך פענסטער זע-נען דאָרט געווען און דאָס צימער האָט אויסגעזען ווי אַ סטודיע פון אַ מאַלער. ער האָט זיך געפאָרעט ביי די שטיינער וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ביים הויז. די שטיינער זענען געלעגן אָנגע-

וואָרפן אייגס אויפס אַנדערע. האָבן אויסגעזען מיד, פאַרוואָגלט, ווי פייגל וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון סטאַיע, זענען אַראָפּגע-פאַלן און געבליבן זיצן האַלב-געפרוירענע; האָבן זיי נישט קיין כח אַפילו צו פּישטשען און קוקן בלויז מיט קיילעכדיקע רחמנות-אויגן. טאַנין איז געשטאַנען געבויגן איבער זיי; זיי געגלעט מיט צאַרטע הענט, זיי באַטראַכט, געפּאָרשט; איינצקע אָפּגעלייגט אָן אַ זייט. דערנאָך אָפּגעהאַקט פון זיי שטיקלעך. די שטיקלעך צו-געטראָגן צו די אויגן, זיך איינגעקוקט אין די העלע אָדערלעך וואָס האָבן געצייכנט דיקע און דינערע ליניעס. שפּעטער די שטיק-לעך מיט זיך אַהיים גענומען.

עס האָט געטראָפן:

פלוצלינג האָט זיך די פאַרנומענקייט איבערגעריסן; מאָדנער פאַרהוילענער שאַרף-היימישער ריח האָט אויף אים אַן אָטעם גע-טאָן. האָט ער זיך אויסגעגלייכט, געבליבן שטיין געשטרעקט און שטיל. האָט פאַרגעסן וואָס ער טוט און זיך צוגעהערט צו זיך אַליין: טיף אין זיין לייב האָט עס געריזלט, ווי עס ריזלט קלאָר טייכל אונטער גרין גראָז... זייגע ליפּן האָבן זיך פענאַנדערגע-קלעפּט און שמייכל האָט אויף זיי אויפגעבליט... די שטילקייט אַרום האָט געאָטעמט מיט ריח פון יענער נאַכט ווען ער האָט מיט עליזאַבעטן צום ערשטן מאָל שפּאַצירט און שווערע וואָלקנס האָבן זיך געטראָגן איבער זייערע קעפּ... מיט אַ מאָל איז אים אויסגעקומען, אַז ער הערט טריט. האָט ער זיך אויסגעדרייט, געקוקט אויפן וועג, וואָס ציט זיך ביז מיסטער ווילסנס הויז... נאָר דער וועג איז געלעגן שטיל, פאַרשטייפט און ליידיק... דער ריח איז פאַרגאַנגען און ער האָט זיך צוריקגעבויגן איבער די שטיינער.

ווען דער אָוונט איז צוגעפאַלן און די אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין הויז, זענען אַוועק מיט זייערע „פאָרדלעך“ — האָט ער פאַרמאַכט דאָס הויז און געשפּאַנט איבערן וועג מיט שנעלע טריט. ער האָט געטראָגן אַ לעדערנע קורטקע, וואָס איז געווען אונטערגעבעט מיט פוטער און האָט זיך שטאַרק געטוליעט צום לייב. האָט ער געהאַלטן די הענט פאַררוקט אין די קעשענעס

און אים האָט הנאה געטאָן פון דעם, וואָס ער טראָגט אַזאַ קורטקע, וואָס עס טראָגן בלויז מענטשן ביי דער אַרבעט אין דאָרף... וואָס האָט ער דען צו טאָן מיט דער שטאָט? ער האָט מער קיין פאַרבינדונג נישט מיט דער שטאָט... ער האָט גאָרנישט דאָרטן... גאָרנישט... דאָ איז זיין וועלט און דאָ בויט זיך זיין לעבן... ער האָט הייס געאָטעמט און קילע פינגער האָבן זיך געגליטשט צווישן די פּאַסמעס האָר זיינע; געגלעט זיין שטערן, געפילט: אַ גרויסע בשורה וואַרט אויף אים ביי ווילסן אין הויז... עפּעס אַזוינס פון וועלכן ער חלומט שוין לאַנגע יאָרן... זיינע פיס זענען געוואָרן שטייפער און ער האָט גענומען שפּאַנען שנעלער ווי ער וואָלט די בשורה אַנטקעגנגעגאַנגען. זיינע אויגן האָבן געזען וואָס עס וואַרט אויף אים, כאָטש ס'איז נאָך געווען פאַרבאָרגן אונטער שלייערן...

עליזאַבעט זיצט ביים פענסטער? זיכער! אָט איז זי!

—העלאָ!... עליזאַבעט!

ער האָט געפאָכעט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

עליזאַבעט איז אויפגעשטאַנען. איר פּנים איז געוואָרן ליכטיק. אירע אויגן — פול מיט געלעכטער. זי האָט געשמייכלט צו אים דורך דער שויב. אַמאָל איז זי אַרויס אויף דער וועראַנדע און אַלע מאָל האָט זי פאַרוואונדערט עפּעס געפרעגט:

— העלאָ מיסטער טאַנין! פאַר וואָס אַזוי שפּעט?

—שפּעט? ס'איז נאָך גרויסער טאָג!?

— און איך האָב געמיינט ס'איז שוין שפּעט.

זי האָט געלאַכט מיט בורשטינענע אויגן און מיט ליכטיקע ציין.

— ס'איז דאָך קאַלט... און איר גייט אָן אַ הוט?

— איך האָב ליב די קעלט אין מיינע האָר!

— ס'איז דאָך אָבער קאַלט?

— די קעלט גלעט מיין קאָפּ... איך האָב ליב דאָס גלעטן...

און ביידע האָבן געלאַכט.

— און איר זענט גאָרנישט הונגעריק?

— הונגעריק? יאָ... איך וויל עסן...

— טאַ קומט אַריין!

און מיט געלעכטער אָנגעכאַפּט זיין האַנט, אים אַ שלעפּ געטאָן נאָך זיך אין קאָרידאָר אַריין. זיך אָפּגעשטעלט. אויפגע-הערט לאַכן. געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין. טאַנין האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. געפילט ווי דאָס וואָרט זינגט אין אים נאָר איידער עס האָט זיך אַרויסגעזונגען דורך זיינע ליפּן, האָט עלי-זאַבעט געעפנט די טיר אין פראָנט-צימער אַריין:

— קומט שוין עסן!

— איך וועל זיך נאָר אָרומוואַשן.

טאַנין האָט זיך געאיילט. האָט שטאַרק געאָטעמט און גע-פילט אַזאַ גוטן טעם אין דעם וואַסער, וואָס האָט געקילט זיין פּנים. ווען ער איז אַראָפּגעקומען האָט אים באַגעגנט אַזאַ היימיש-קייט. די אַלטע האָט געקוקט אויף אים מיט משפּחהדיקער וואַ-רעמקייט. דער אַלטער האָט געקוקט מיט קלוגע אויגן און האָט געשמייכלט צו אים. און עליזאַבעטס קול האָט לויטער געזונגען. נאָך יעדער וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגערעדט האָט דאָס געזאַנג זיך אַרומגעטראָגן איבער דעם צימער... נישט בלויז איר קול, אַפילו אירע קופּער-צעפּ, אַפילו דאָס קליידל אירס האָבן געזונגען און די טריט אירע האָבן הילכיק געלאַכט איבער דער שטוב.

איז עס מעגלעך, אַז ער וואוינט דאָ נישט לאַנג? אַז ער איז אַ פרעמדער דאָ אין שטוב? ניין. ער איז נישט קיין פרעמדער...

ער האָט געגעסן מיט אַפּעטיט. האָט דערביי דערציילט וועגן זיינע פּלענער. וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט און אַלע האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און אַלע אויגן זענען געווען גוט און היימיש...

שפּעטער אין אָוונט איז ער געזעסן ביי זיך אין צימער, געזעסן ביים טיש אויף וועלכן ער האָט געהאַט שטיין פאַרשי-דענע שטאָפן, האָט אויך געהאַט אַ ברען-מאַשינקע, וואָס האָט גע-שאָרוועט מיט בלוילעך פייער. איז ער געזעסן, געמישט פאַרשידע-נע פליסיקייטן און אויסגעפּרווט די שטיקלעך שטיין. האָט מיט שמייכל געקוקט ווי די העלע אָדערן אין שטיין ווערן פאַרענדערט. באַקומען אַן אַנדערן קאָליר... די זיכערקייט אין אים איז גע-

וואַקסן און אָנגעפּילט מיט פרייד זיין לייב... אַלץ וועט גע־לונגען...

איז ער אַזוי געזעסן ביי זיינע עקספּערימענטן, ביז ער איז מיד געוואָרן און געהערט ווי זיין גוף בעט זיך רו...

* * *

מיט אַמאָל האָט זיך דער נעפּל געגעבן אַ וויקל־אָפּ און די בשורה האָט זיך באַוויזן אַזאַ ליכטיקע, אַזאַ שיינענדיקע אַז זי האָט אַ פאַרבלענדט־געטאָן טאַנינס האַרץ און מיט הילכיק קול דורכגעזונגען זיין גאַנצן גוף.

פאָרגעקומען איז עס אַזוי:

ס'איז געווען שוין פאַרנאַכט. דער ווינט וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג לייכט געבלאָזן צווישן די בערג, איז ערגעץ אַוועק און אויף זיין אָרט איז גלייך אָנגעקומען אַן אַנדערער ווינט: אַ קרעפּ־טיקער, אַ שאַרפער; האָט געטריבן פרישקייט און געדיכט שעפּ־טשען; האָט געצויגן אַ דין קול, וואָס האָט שטיפעריש אַלע וויילע דורכגעיאָגט די ליידיקייט. די אַרבעטער זענען אַרויסגעקומען פון הויז; האָבן געטרעטן מיט מידע שווערע טריט און די הענט זענען ביי זיי אַראָפּגעהאָנגען ווי וואַגעס פון אַ זייגער... פון זייערע גרויע באַפּלעקטע „אָוועראָלעס" האָט געשמעקט מיט פריש־געהובלט האָלץ, מיט וואַפּנע און ליים. זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו זייערע „פאָרדלעך", האָבן גענומען שלעפּן פון דאָרט זייערע קורטקעס און זיי אָנטאָן. טאַנין, וואָס איז געשטאַנען איבער די שטיינער גע־בויגן, האָט זיך אויסגעגלייכט און געפרעגט:

— שוין אַהיים? איז דען נישט פרי נאָך?

אַן עלטערער אַרבעטער האָט אויף אַ וויילע אויפגעהערט קייען דעם טאַבאַק, האָט אים מיט דער צונג פאַררוקט אין אַ זייט מויל. אויף דער באַנק איז געוואָרן אַ בערגעלע און ער האָט אַרויס־געוואָרפן אַ דיקן רויטן שפּריץ דורך ווינקל מויל:

— דער אָוונט פאַלט צו... און עס שמעקט מיט שניי...

— מיט שניי?

— און ס'וועט אפשר ווערן אַ שניי-שטורם... ביז אַהיים האָבן מיר אַ צען מייל... עס ווערט שוין סיי-ווי נאַכט...

טאַנין האָט אויפגעהויבן די אויגן. דער הימל איז געווען בלוי איבער זיין קאָפּ. נאָר אונטער דער בלויקייט האָבן זיך לאַנגזאַם געטראָגן ראָזע דורכזיכטיקע געוועבן. סהאָט אויסגעזען: ראָזע טיולן שפּרייטן זיך אונטערן הימל און פלאַסטערן ווערנדיק געטריבן פון ווינט. די שטיקער בלוי וואָס זענען געלעגן צווישן די טיולן, זענען געווען שאַרף, בלאַנקענדיק. ביים האָריזאָנט האָבן געהויערט שוואַרצע ריזיקע שטיקער. די שטיקער וואָלקן זענען געלעגן אָנגעוואָרפן איינס אויפס אַנדערע און זייערע ברעגן האָבן געברענט מיט בלוט-רויטקייט. פאַרהוילענער געבריל האָט זיך געוואַקלט פון דאָרט און דערגרייכט אַהער, צווישן די בערג. טויב אָן קול... עפּעס האָט זיך געגרייט. די ראָזע טיולן זענען געוואָרן געלאָשענער און ביים האָריזאָנט האָבן די שוואַרצע בערג נישט אויפגעהערט צו געשווילן.

— און ווען קומט איר מאָרגן?

— ווייס איך?

דער אַרבעטער האָט עטוואָס געקנייטשט דעם שטערן.

— איך וואָלט געוואָלט איר זאָלט מאָרגן קומען אַ ביסל פריער מען וואָלט מאָרגן געקענט פאַרענדיקן מיטן שאָבן די דילן...

— אויב מען וועט קענען קומען מאָרגן אין דער פרי.

— וואָס מיינסטו?

— אויב עס זאָל אויסברעכן אַ גרויסער שטורעם — — — —

— וועט איר אינגאַנצן נישט קומען?

— ס'קען זיך מאַכן...

די אַרבעטער זענען אַוועקגעפאָרן. טאַנין האָט זיי נאָכגעקוקט. מאָדנע: זיי יאָגן זיך אַזוי ווי עס וואָלט געהאַלטן ביים אויסברעכן פון אַ שלאַקס-רעגן. דערנאָך האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט מיטן פּנים צום הויז. אַ טראַכט געטאָן: ס'איז זייער פיין וואָס די פענסטער זענען גרין געפּאַרבט... און — קען, הייסט עס, זיין, אַז מאָרגן וועט מען נישט אַרבעטן?! וואָס-זשע וועט

ער טאָן מאַרגן? ער וועט זיין אין הויז. און — — —

מיט אַמאָל דערפילט דעם ריח פון עליזאַבעטס קול...

דערזען: איר ליכטיק פנים לאַכט... די בורשטינענע אויגן לאַכן, און די קופער-צעפ שעפטשען לויפנדיק איבער אירע גלייכע פּלייצעס.

„עליזאַבעט״!

דאָס הייסע געפיל, וואָס האָט אויפגעפלאַמט יענעם אָוונט, ווען זיינע ליפן האָבן צום ערשטן מאָל אירע באַרירט און דערנאָך זיך איינגעלאָשן. אָט דאָס געפיל איז געבליבן אין אים פאַרבאָרגן, האָט זיך פאַרטוליעט אין ווינקל פון האַרץ און דאָרט איז עס שטיל געוואַקסן, אויסגעוואַקסן און זיך צעיובלט מיט אַזאַ הויך געזאַנג, וואָס האָט איצט דורכגעזונגען דאָס בלוט... ער האָט דערפילט ווי דאָס האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן, איז פאַרטרונקען געוואָרן אין ווייכקייט...

„עליזאַבעט!״

אים איז אויסגעקומען, אַז די געגנט שרייט אויס דעם נאָמען. דער ריח פון איר געלעכטער קיצלט זיין פנים. ער איז געשטאַנען מיט קלאָרע אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך נאָר וואָס אויסגעוויקלט פון אַ שאָלעכץ. דאָס הייסע געפיל האָט איצט געשטראָמט דורך אַלע גלידער... דער גלעט פון אירע פינגער האָט זיך איצט אויפגעכאַפּט אויף זיין שטערן. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט, אַ ווישגעטאָן דעם שטערן ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט אָנטאַפּן. אויף זיינע ליפּן איז געלעגן די באַרירונג פון אירע אין יענעם אָוונט. אין זיינע הענט האָט ער געפילט דעם טעם פון אירע פינגער.—

ער איז געשטאַנען מיט געעפנט מויל. ער וואָלט שווערן, אַז ער האָט זי נאָר וואָס געזען אויפן באַרג... אַז האָט ער דען נישט נאָר וואָס געהערט איר וואונדערלעך קול? ער האָט עס געהערט! אַז ס'איז איר קול!

ער האָט זיך געגעבן אַ דריי-אויס. האָט אַ ווײַלע געפינטלט מיט די אויגן. ס'איז זי! עליזאַבעט ווינקט דאָרט מיט דער האַנט און שפּאַנט מיט שנעלע טריט... איר האַנט איז געשטרעקט, די פינגער באַוועגן זיך:

— אָ-האָ-אָ!

זיינע פיס האָבן זיך גענומען רייסן פון דער ערד:

— עליזאַבעט!

ער האָט עס אויסגעשריגן, האָט אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געלאָזט לויפן איר אַנטקעגן... די פיס האָבן די ערד נישט אָנגערירט, האָבן זיך גרינג געוויגט אין ליידיקייט. עליזאַבעט שטרעקט ווידער די האַנט, פאָכעט מיט איר אין לופטן... ער איז אַביסל געקומען צו זיך און אויפגעהערט לויפן. האָט דערשפּאַנט צו איר מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— עליזאַבעט טייערע!

איר רעכטע האַנט האָט זי צוגעשפּאַרט צו דער ברוסט, האָט זיך געבויגן לאַכנדיק:

— ווי מאָדנע איר זענט געלאָפן...

— גוט עליזאַבעט, וואָס ביסט געקומען.

זי האָט אויפגעהערט לאַכן. איז צוגעקומען שטאַרק נאָענט צו אים. גאָט! אַזעלכע ליכטיקע וואַרעמע אויגן האָט נאָך טאַנין קיינמאָל נישט געזען. אירע באַקן זענען געווען פאַרפלאַמט פון קאַלטן ווינט און די ליפּן אירע — אַזעלכע פולע, זאַפטיקע און דורשטיקע. ווי זיי וואָלטן געווען אָנגעגאָסן מיט פרישן זאַפט פון קאַרשן. זי האָט געטראָגן אַ קליין היטעלע אויפן קאָפּ... ווער האָט געזען נאָך אַזאַ שיין היטעלע? און דער מאַנטל! אַ גרויער און אַ ברייטער. ער זינגט אַראָפּ פון איר...

זי האָט געאָטעמט האַסטיק און פריש. האָט געהאַלטן אירע הענט אין זיינע. זי האָט געשמייכלט:

— וואָס האָט איר געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט: זייער גוט וואָס עליזאַבעט איז געקומען... איך האָב נאָר וואָס געטראַכט פון עליזאַבעטן... און איר ווייסט? —

— וואָס אַזוינס?

— מיר האָט זיך געדאַכט נאָך פריער, אַז איך הער עליזאַבעטס קול... סאַר אַ וואונדערלעך קול איר האָט...

— איר האָט געהערט מיין קול? פאַר וואָס-זשע האָט איר

זיך נישט אומגעקוקטז איך האַלט אין איין רופן און רופן...

— און איך האָב געמיינט: מיר דאַכט זיך בלויז. איך האָב געטראַכט פון אייך.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— כ'האָב געזען די אַרבעטער פאָרן אַוועק... און אייך זעט מען נישט... האָב איך געכאַפּט אויף זיך דעם מאַנטל און אייך אַנטקעגן געגאַנגען.

— אַ דאַנק... עליזאַבעט איז אַזאַ גוטע... אַזאַ טייערע.

— און איר זענט אויך אַ גוטער.

זי האָט אָפּגעגאָסן זיין פּנים מיט צעגאָסענעם בורשטין; האָט מיט דער רעכטער האַנט אָנגענומען זיין אָרעם, זיך געגעבן אַ טוליע צו אים:

— קומט... וועל איך זען ווי די צימערן זען איצט אויס.

עפּעס האָט זיך געשטעלט דיבאָם אין טאַנינס האַלדז און ער האָט שווער אַ שלינג געטאָן. עליזאַבעט האָט אים אַ שטויס געטאָן מיטן אַקסל:

— גערירט זיך!

אוןביידע האָבן גענומען זיך יאָגן מיט שנעלע טריט. אַרום האָט עס געזונגען און געלאַכט. עס האָט געזונגען דער ווינט. עס האָבן געלאַכט די פעלדער. טאַנין אַליין האָט מיטגע־לאַכט און געוואוסט: אַ ליכט איז אין אים אויפגעגאַנגען.

* * *

אין דרויסן איז שטאַרק טונקל געוואָרן. די וואָלקן, וואָס זענען פריער געלעגן ביים האָריזאָנט אָנגעוואָרפענע שטיקער פינסטערניש מיט רויט־צעפלאַמטע בּרעגן, האָבן זיך געהאַט באַהעפט, צוזאַמענ־געגאָסן און די פייערן זענען געווען אויסגעברענט. געדיכטע צונויפגעקאָוועטע שוואַרצקייט האָט איצט געסאָפּעט און זיך גערוקט מיט זיכערקייט פאַרדעקנדיק דעם הימל. דער ווינט איז צעטומלט אַרומגעלאָפן, אַלע ווילע אַרויסגעלאָזט אַ פייערלעך געשריי און געמאַכט אַ וואַרע פאַר דער שוואַרצער פּראָצעסיע... די געגנט

איז געוואָרן שווייגנדיק. באַקומען פרומע פאַרגאַפּונג אויפן פּנים און די פעלדער האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם פון דערוואַרטונג. צו די שויבן פון די פענסטער האָבן זיך צוגעקלעפּט טונקל־דורכזיכטיקע פּאַפּירן. נאָר נישט טאַנין און נישט עליזאַבעט האָבן עס באַמערקט. זיי איז געווען ליכטיק אין די צימערן. עליזאַבעט האָט געהאַט צעקנעפּלט איר מאַנטל, האָט נישט געקענט איינשטיין אויף קיין אָרט, איז געלאָפן איבער די צימערן, איבער די טרעפּ און זיך גאָר נישט געקענט אָפּוואונדערן:

— „דזשי״! ס'איז דאָך אַ פּאַלאַץ!

איר שטים האָט געהילכט קרעפטיק און לויטער. אַלע צימערן זענען אָנגעפּולט געוואָרן מיט איר שטים: און די טירן וועלן טאַקע אַזוי בלייבן טונקל־גרין? די ווענט וועלן בלייבן אַזוי ווייס? גרין און ווייס! ווי גוט עס שמעקט דאָ!

זי האָט אַרומגעפלאַטערט ווי אַ צעהוליעטער פויגל. טאַנין האָט נאָכגעשפּאַנט און עס האָט אים געשמעקט מיט פעלד און מיט פריש־געזוגט האָלץ... מיט ליכטיקער זון און מיט פאַרב... אין אים האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געפריידט... עליזאַבעטס טריט הילכן מיט גיכן ריטם איבער די טרעפּ. זי איז שוין אויוון.

— וואו זענט איר?

טאַנין לויפט אַרויף. ער קען אַזש נישט ענטפערן. איר געזאַנג פאַרטויבט אים, ער איז פאַרכלינעט פון פרייד... זיין אייגן געלעכטער גלעט זיין פּנים און האַרץ.

— און די דילן זענען אַזוי גלאַטיק!

— מען וועט זיי נאָך אָפּוואַקסן...

— וועט מען דאָך דאָ קענען טאַנצן!

דאָס געלעכטער אירס צעשיט זיך אין אַסך זילבערנע רינגעלעך. אַ גליטש איבערן דיל און זי שטייט לעבן אים. איר רעכטע האַנט גיט זיך אַ וויקל אַרום זיין טאַליע, זי גיט אים אַ ציי און דרייט זיך מיט אים: „וואָס שטייט איר אַזוי שווער״?... איר האַנט האָט זיך שוין אָפּגעוויקלט פון אים, זי גיט זיך איינע אַליין אַ לאָז איבערן צימער. דרייט זיך שנעל, דער מאַנטל האָט זיך אויפגעבלאָזן, לויפט אַרום איר ווי אַ צעעפנטער איבערגע־

קערטער פּאַראַסאָל. אירע פּיס דרייען זיך ווילד און די הענט זענען צענומען ווי פליגל. און דאָס פּנים פלאַמט, און די אויגן זענען צעבּרענט, און טאַניך שטייט פאַרשיכורט. די פריידּ היצט זיין לייב און אין האַלדז איז ענג. און דאָס געשריי רייסט זיך אַרויס:

— עליזאַבעט!

ער שטרעקט אויס זיינע הענט. עליזאַבעט כאַפּט זי אָן. איר געלעכטער איז ווי זילבערנער רעגן... אָט גיט זי אַ פאַל־צו צו אים... איר קאָפּ גיט זיך אַ טוליע צו זיין האַרץ. דער ריח פון איר לייב וויקלט זיך אַרום אים מיט ווייכקייט פון פרילינג־ווינט.

— עליזאַבעט טייערע! — — —

זיינע הענט ציטערן. זיין קול ציטערט.

עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ גלייך־אויס. האָט געגעבן אַ קוק אין זיין פּנים. מיט אַמאָל אויסגעשטרעקט אַ האַנט, זי געגעבן אַ הייב אויף און אירע פינגער האָבן זיך אַריינגעקרעמ־פּעוועט אין זיינע ווייכע האָר. זי רייסט די האָר, נאָר ס'איז נישטאָ קיין ווייטיק:

— איר האָט דאָך ליב, אַז מען גלעט אייערע האָר? נישט אַזוי? אַזוי האָט איר דאָך געזאָגט... צי נאָר, אַז דער ווינט עגלט?

זיינע הענט שטרעקן זיך. זיינע אויגן זען אַזאַ ליכטיקייט אַז זיי זען גאָרנישט נאָר ליכט... זיינע פינגער גאָרן ביז ווייטיק... נאָר — עליזאַבעט שטייט שוין ביים פענסטער, קוקט ארויס און זינגט אויס:

— אַ שניי! אַ שניי פאַלט!

זי כאַפּט אָן זיין האַנט:

— גיכער! איך האָב ליב שניי... ס'איז דער ערשטער שניי!

און זי לויפט, נישט אָפּלאָזנדיק זיין האַנט. ער לויפט נאָך איר איבער די טרעפּ:

— עליזאַבעט! מען דאַרף פאַרקנעפּלען דעם מאַנטל!

— דעם מאַנטל?

אירע פינגער לויפן שנעל איבער איר מאַנטל. זי שטייט אַ ווײַלע באַר זי שטייט נישט. זי שפּאַנט אויף אַן אָרט... אירע אויגן האָבן באַלויכטן זיין פּנים, אירע ווייסע ציין בלענדן אַרויס פון צווישן די ליפּן:

— אָ „באַי"! האָב איך ליב דעם שניי... קומט!

דער הימל איז געוואָרן פאַרהוילן. עמעצער האָט אין דער הייך אויפגעשאַרפיעט אַ ריזיקן זאַק מיט פעדערן. און די גאַנצע ליידיקייט איז פאַרשיט מיט ווייסער געדיכטקייט... דער שניי פאַלט אין ברייטע בלימלעך, וואָס פאַלן איינס אויפן אַנדערן, איינס לעבן אַנדערן, און דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט אויף אַ ווײַלע; שטייט אָן אַ זייט און קוקט זיך צו מיט נייגער... די ווייסע בלימעלעך זעצן זיך אויפן פּנים, אויף די ליפּן, אויף די ברעמען. דער אָטעם איז וואַרעם און פריש. עס ריזלט הויך דאָס בלוט. די פיס זענען גרינג און רייסן זיך צום לויפן.

— וואָס שפּאַנען מיר ווי די אָקסן?

עליזאַבעט האָט אָנגעכאַפּט טאַנינס האַנט. פינגער און פינגער האָבן זיך געקרעמפּעוועט. ביידע לויפן און ביידע לאַכן:

— שנעלער!... גערירט זיך!

דער ווינט האָט זיך שטיפעריש געגעבן אַ ריס אַריין אין געדיכטער ווייסקייט, האָט זיך מיט אַ קוויטש אַ יאָג געטאָן, דורכגעכוואַליעט און אַוועקגעטראָגן מיט זיך עליזאַבעטס אויס-געשריי. עליזאַבעט וואַרפט צוריק דעם קאָפּ:

— שטייט נישט אָפּ! אָט אַזוי!...

אָט איז שוין דאָס הויז און זיי האָבן אויפגעהערט לויפן. נאָר די פינגער זענען געבליבן פאַרפלאָכטן. ווער האָט עס געזאָגט אַז טאַנין דערנענטערט זיך שוין צו פערציק? ס'איז אַ ליגן... עס זענען בלויז אַוועק יאָרן וועלכע ער האָט נישט געלעבט... ער איז געבליבן דאָרט ביי עטלעכע און צוואַנציק יאָר און די גאַנצע צייט געוואַרט, כדי אָנצוהייבן ווידער לעבן... איצט האָט ער אָנגעהויבן...

עליזאַבעט האָט זיך פלוצלינג צעלאַכט:

טאַנין! איר ווערט אַלט!

— אַלט? האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— כ'מיין: איר ווערט ווייס... דער גאַנצער קאָפּ איז ווייס.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מיט איר האַנט אָפּגע־שאָרט דעם שניי פון זיינע האָר. ער האָט זיך געמוזט אָנ־שטרענגען, נישט אַריינצוכאַפּן זי אין זיינע אָרעמס. ער האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין האַלדז און האַלב פאַרמאַכט די אויגן... נאָך אַ ווײַלע—און ער וואָלט נישט געקענט באַהערשן זיין בלוט. נאָר דאָ האָט עליזאַבעט געזאָגט:

— דער ייִדע קוקט פון פענסטער.

און זי האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— העלאָ, ייִדעלע!

אויף דער וועראַנדע האָבן ביידע געטופּעט מיט די פיס און געלאַכט. זיך אָפּגעשאָקלט פון שניי, און טאַנין האָט גע־זאָגט:

— ס'איז אַזוי גוט דאָ, עליזאַבעט!

— נאָך „סאַפּער" וועלן מיר ווידער אַרויס אויפן שניי! יאָ?

— זיכער, עליזאַבעט! מיר וועלן אַרויסנעמען די מאַ־שין... יאָ? גוט?

— דער ייִדע וועט אויך פאָרן.

זיי זענען אַריין אין פראָנט־צימער. ביל איז געשטאַנען מיט דער ליולקע אין מויל. דערזען, ווי עליזאַבעט איז צע־בליט, האָט ער אַ ווײַלע געקוקט שווייגנדיק, דערנאָך זיך צעשמייכלט:

— ביזט אַ שטיפערקע, עליזאַבעט.

עליזאַבעט האָט גלייך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל מיט דעם היטעלע. האָט אַ רודער געטאָן מיט די פינגער אויפן קאָפּ און די צעפּ, וואָס זענען געווען פאַרלייגט, זענען גלייך אַראָפּגעפאַלן און געבליבן הענגען איבער אירע פּלייצעס. זי האָט זיך געגעבן אַ דריי־אויס, אָנגעטריבן אַ ווינט אַרום זיך. די צעפּ האָבן זיך אַ יאָג־געטאָן אַרום איר און צוריקגעקומען אויף זייער אָרט. זי איז צו צום ייִדן,

האָט געגעבן אַ לייג־צוביידע הענט אירע צו זיין פּנים, האָט געאָטעמט אויף אים מיט פרישקייט:

— קאַלטע הענט? הא?

— ביזט פריילעך, עליזאַבעט... דאָס איז גוט.

עליזאַבעט האָט אַרומגעוואָרפן די הענט אַרום אַלטנס האַלדז, האָט זיך געגעבן אַ טוליע־צו צו אים, אַרויסגעלאָזט אַ פרייד־געשריי, גלייך אים אָפּגעלאָזט און געזאָגט:

— דאַרפסט זען, זיידע! ס'איז דאָך אַן אמתער פּאַלאַץ! די ווענט זענען אַזוי הייס, ווי דער שניי... און די טירן מיט די פענסטער—גרין, ווי יונגער ווייץ... און די דילן — ווייסע... גלאַטע... ס'איז אַ פּאַלאַץ!

טאָנין איז געשטאַנען, ווי אין חלום. ער האָט איצט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון עליזאַבעטן. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער שטייט אין זיין קורטקע. ביז עליזאַבעט האָט זיך אויסגעדרייט צו אים:

— וואָס זשע שטייט איר? איך שטאַרב עסן!

איז גלייך צו צו אים. גענומען אויפקנעפּלען זיין קורטקע:

— שנעלער!

— איך וואַש מיר גאָר די הענט.

— „האַרי־אַפּ"!

און זי האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן מיט פריילעכע טריט צו דער קיך, שרייענדיק:

— באָבע!.. עסן!..

דער אַלטער איז געשטאַנען מיט קלוגע אויגן און זיינע ליפּן האָבן געשמייכלט. דאָס פּנים זיינס איז געווען ליכטיק. טאָנין וואָלט געשוואוירן: אין אַלטנס אויגן גלאַנצן טרערן...

---

# קאַפּיטל דריי

די נאַכט איז אָנגעקומען מיט שטילע, ווייכע טריט און מיט שטאַרק־אויפגעהויבענע ווייסע וויעס איבער שוואַרצע אויגן. מיטאַמאָל איז אָנגעלאָפן צערייצטער ווינט; האָט זיך אָנגעטראָגן אויף ווייסע, הייס־צעקאָכטע גאַלאָפּירנדיקע פערד; האָט צעריבן די שנייבלימלעך אויף שטויב; זיך צעליאַרעמט און גענומען טרייבן מעל־כוואַליעס איבער דער געגנט. די נאַכט האָט אַראָפּ־געלאָזט די וויעס. די פעלדער האָבן זיך איבערגעדרייט מיט די פּנימער אַראָפּ. די נאַקעטעביימער האָבן פאַרמאַכט די אויגן און געלאָזט פון זיך רייסן די צווייגן. אַלץ האָט זיך אונטערגעגעבן דעם צעהוליעטן שניי־שטורעם. ריזיקע הענט האָבן געוואָכטשעט מיט לאַנגע, ווייסע בייטשן. נאָך יעדן וויאָכטש איז נאָכגעלאָפן לאַנגער, שאַרפער קוויטש און די ווייסע פלאַכטעס האָבן אויפגעציטערט, מיט אימפּעט זיך גענומען וויקלען; אָנגעשלאָגן אָן די ווענט פון הויז, פאַרשיט די פענסטער; זיך געוויקלט איבערן דאַך; זיך גענומען לייגן צו דער ערד. נאָר גלייך האָט ווידער אַ וויאָכטש, אַ שלאָג געטאָן; די כוואַליעס האָבן זיך צוריק אויפגעהויבן און זיך ווידער גענומען וויקלען מיט אימפּעט.

— זיי האָבן אָבער געזאָגט, די אַרבעטער: עס וועט זיין אַ שניי־שטורעם.

אַזוי האָט געזאָגט טאַניִן. ער האָט דערביי געשמייכלט

מיט לייכט צעפּלאָמט פּנים, מיט ליכטיקע אויגן און מיט אַזאַ צופרידנקייט, ווי ער וואָלט שוין לאַנג אַרויסגעקוקט אויף דעם שניי-שטורעם. אים איז געווען גוט פון דעם, וואָס אינדרויסן בושעוועט דער שניי און דאָ אין שטוב איז אַזאַ היימישע, טרוקענע וואַרעמקייט. דער עלעקטרישער לאָמפּ האָט געברענט איבערן טיש, דאָס ליכט האָט פון אונטערן צבאַזשור געפלאָסן מיט רויקן נחת... און ביים טיש איז געמיטלעך; עס שמעקט מיט יום-טוב. און עליזאַבעט זיצט לעבן אים. געזונטער ריח שלאָגט פון איר. זי עסט מיט אַפּעטיט. דאָס פּנים איז איר פאַרפלאַמט. אַלע איברים אירע אָטעמען טיף און לאַכעדיק. זי זעט אויס, ווי געזונט, צעבליט קינד, וואָס האָט זיך נאָר-וואָס אָנגעשטיפט אינדרויסן, איז אַריין אין שטוב מיט פאַרשאַרפטן הונגער און מיט אימפּעט זיך אַ וואָרף-געטאָן צום עסן.

— די אַרבעטער האָבן עס גלייך דערשמעקט, כאָטש דער הימל איז נאָך כמעט ריין געווען.

דער אַלטער ווילס האָט געשמייכלט:

— אונזערע מענטשן דערפילן גלייך דעם שטורעם... מענטשן, וואָס לעבן אויף דער ערד — ווייסן...

— ס'איז גוט צו לעבן דאָ! — האָט טאַנין אויסגערופן.

עליזאַבעט האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף אים. טאַנין האָט דערפילט: שיין איז געפאַלן אויף זיין פּנים.

זי האָט געזאָגט:

— גאָרנישט ווי קיין שטאָטישער רעדט איר.

— וואָס בין איך פאַרא שטאָטישער? מיר דאַכט זיך: שוין יאָרן, אַז איך בין אַוועק פון שטאָט.

— טאַקע?

איר פּנים איז שטאַרק ליכטיק געוואָרן. טאַנין האָט געלאַכט:

— זיכער... מיר דאַכט, אַז איך האָב שוין די שטאָט אינגאַנצן פאַרגעסן; אַז איך בין שטענדיק דאָ געווען... מיר קומט אויס: אָט דאָ בין איך דערצויגן געוואָרן. און וואָס

אייגנטלעך האָב איך צו טאָן מיט דער שטאָט? וואָס האָב איך דאָרט? וועמען האָב איך דאָרט?

עליזאַבעט האָט פאַרגעסן, אַז זי האָלט אינמיטן עסן. זי האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. פון איר פּנים האָט געשטראָמט זוניק גליק. דער אַלטער האָט געשוויגן, עפּעס געטראַכט. מיטאַמאָל האָרט אַ פרעג געטאָן:

— נו, און אַ ווייב? איר האָט דאָך אַ ווייב אין שטאָט?

עפּעס פּאַרשפּיצטקייט איז געווען אין אַלטנס רייד. עליזאַבעט האָט זיך לייכט אַ באַוועג געטאָן, טאַנינס פּנים האָט אויף אַ ווײַלע געגעבן אַ לעש-איין. אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ קורצע ווײַלע. גלייך האָט זיין פּנים צוריק אויפגעלויכטן:

— אַ ווייב?.. זי דאַרף מיך נישט האָבן...

— זי דאַרף אייך נישט?

דעם אַלטנס אויגן זענען געוואָרן שאַרפער. טאַנין האָט זיך גאָר פאַרגעסן, אַז מען קען זיך שעמען, און האָט אויפגעלאַכט:

— וואָס דאַרף זי מיך? זי האָט זיך דאָרט אַן אייגענע „מולנערי-סטאָר”... זי איז אַ שטאָטישע... און איך — איך האָב פיינט די שטאָט... ריכטיק: זי דאַרף מיך נישט...

און ער האָט זיך צעלאַכט. דער אַלטער האָט אויך גענומען שמייכלען. און וואָס איז געשען מיט עליזאַבעטן? אירע באַקן האָבן זיך צערויטלט. אירע אויגן האָבן גענומען לאַכן. טאַנין וואָלט געקענט שווערן, אַז ער הערט, ווי די אויגן אירע לאַכן.

אַ שניי-כוואַליע איז מיט האַרט שפּריצערײַ צוגעפּאַלן צום פענסטער. האָט רעשיק אָנגעשלאָגן אָן די שויבן. עליזאַבעט האָט אויסגערופן:

— ס׳איז אַ שטורעם!

און גלייך מיט באַגייסטערונג:

— איך האָב ליב דעם שניי-שטורעם! ווי פריש און שמעקעדיק דער שניי איז! ער שלאָגט אין פּנים, אין די

אויגן; און די באַקן פלאַמען; און עס איז אַזוי גוט צו לאַכן...
— און איר? —
זי האָט דערבײַ אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף טאַנינס.
— יאָ... ס'איז גוט.
— און אַ „ראַיד" ווילט איר נאָך אַלץ „נעמען"? איר האָט צוגעזאָגט!
זי האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. קיינמאָל האָט זי נאָך אַזוי נישט געקוקט אין זיין פנים. און איר האַנט ליגט אויף זיינער... ניין... זי איז אַריינגעוואַקסן אין זיין האַנט אַריין.
— איך בין גרייט!
— איר מיינט עס? איר האָט נאָכנישט קיין חרטה?
— איך האָב קיינמאָל נישט קיין חרטה!
— קיינמאָל נישט?
— זייער זעלטן...
— און איר וועט אַרויסנעמען די מאַשין אין אַזאַ שניי־שטורעם?
— מיך אַרט נישט... אויב עליזאַבעט וויל...
זי האָט ווידער אויפגעלאַכט:
— טאַקע נישט קיין שטאָטישער!
לאַכנדיק האָט זי זיך אַ בייג געטאָן, אַלץ האַלטנדיק איר האַנט אויף זיינער, איז מיט איר אַקסל צוגעפאַלן צו אים. דער ריח אירער האָט דורכגעהויכט זיין גאַנצן גוף. זי האָט זיך אויסגעגלייכט:
— „אָלרייט"! גייט עס! מיר פאָרן!
האָט צוגענומען די האַנט. זיך גענומען איילן צו פאַרענדיקן דאָס עסן. האָט צו אים צוגעשריגן:
— שנעלער! מאַכט עס שנעלער!
די אַלטע האָט געלאַכט מיטן גאַנצן פנים, וואָס האָט געגלאַנצט פון נחת. אירע העלע אויגן האָבן אויסגעזען, ווי באַשמירט מיט פעטקייט. דער אַלטער האָט געקוקט ערנסט.

ער האָט געקוקט אַזוי, ווי ער וואָלט נאָר-וואָס עפּעס קלאָר דערזען און ווייסט נישט: דאַרף ער זיין צופרידן, אָדער נישט?

— מאַך עס שנעלער, זיידע! וועסט מיטפאָרן... און די באָבע — אויך!

איצט האָט אויסגעזען: אי עליזאַבעט, אי טאַנין זענען ביידע אָנגעגאָסן מיט גליק, ווי קרוגן, וואָס זענען ביזן אויג אָנגעגאָסן מיט רויטן וויין.

עליזאַבעט איז די ערשטע פאַרטיק געוואָרן. זי איז גלייך אויפגעשפּרונגען, אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט טאַנינס אַ האַנט, אים אַ צי געטאָן—און ער האָט זיך אויפגעשטעלט.

— מיר פאָרן!

טאַנין האָט געגעבן אַ קוק צום פענסטער. דער שניי האָט זיך איצט געשיט איבער די שויבן, ווי האַרטע גרייפּלעך. עליזאַבעט האָט געפרעגט:

— איר האָט שוין חרטה אפשר?

— ניין... איך בין גרייט

נאָר דאָ האָט זיך דער אַלטער אָפּגערופן:

— איך וועל מיט אייך נישט פאָרן.

— האָסט מורא, זיידע?

— מורא אָדער נישט מורא... אָבער ווער פאָרט עס אַרויס אין אַזאַ שטורעם? — סיידן אַ משוגענער. דער שניי וועט אייך פאַרשיטן... און די מאַשין — זי וועט נישט גיין.

עליזאַבעט איז צו צום פענסטער, האָט אַרויסגעקוקט, זיך אויסגעדרייט צו טאַנינען:

— זאָלן מיר אפשר טאַקע נישט פאָרן? כ'קען זיין, אַז די מאַשין זאָל בלייבן שטיין אויפן וועג?

— עס איז זייער מעגלעך...

— וואָס זשע זאָלן מיר איצט טאָן?

זי האָט נישט געקענט רוען. גרויס פרייד האָט געשטורעמט אין איר לייב. אָ! ווער קען וויסן, ווי ליכטיק עס איז די בשורה, וואָס האָט זיך צו איר דערטראָגן? זי מוז דאָך עפּעס טאָן... אַ?.. אָט, וואָס זי וועט טאָן!

זי איז צוגעלאָפן צו דער „וויקטראָלע״; האָט זי גלייך אָנגעדרייט, האָט אַרויפגעשטעלט אַ האַרטן, שוואַרצן בלאַט—און גלייך האָט אַן אָרקעסטער אויפגעשפּילט.

טאַנין איז געשטאַנען און זיינע בליקן זענען איר נאָכגעגאַנגען, ווי ליכטיקע פּראָזשעקטאָר-אויגן. איצט איז אַלץ געווען פאַרגעסן: די שטאָט און דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט, וואָס איז געווען ביזאַהער. עליזאַבעט האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין טאַנץ.

אירע יונגע פיס האָבן אַ יובל געטאָן איבערן דיל, דאָס ברייטע קליידל האָט זיך ווי אַ פעכער אַ יאָג געטאָן אַרום איר. אירע פיס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן טעפּיך און זי איז געבליבן שטיין. האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צום טיש. טאַנין איז גלייך צו, האָט איר געהאָלפן אַוועקרוקן דעם טיש אָן אַ זייט. עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ בייג-איין. דאָס קליידל איז אָפּגעפאַלן פוןביידע זייטן פיס און איר גאַנצער גוף האָט אַ געבויגענער נעגעבן אַ בלענד דורכן קליידל. זי האָט גענומען וויקלען דעם טעפּיך. די אַלטע האָט הויך געשמייכלט דורך דער נאָז:

— זי איז משוגע... וואָס טוט זי?

דער אַלטער האָט פאַררויכערט די ליולקע, האָט אַלץ אַזוי געקוקט ערנסט און שמייכלדיק.

עליזאַבעט האָט געאָטעמט הויך. האָט אַוועקגעוויקלט דעם טעפּיך. זיך אויסגעגלייכט און די צעפּ זענען צוריקגעקומען צו אירע פלייצעס. האָבן געציטערט, ווי לעבעדיקע. זי האָט ווידער אָנגעשטעלט די „וויקטראָלע״, אַוועקגעשטעלט די נאָדל ביים אָנפאַנג פון „בלאַט״. דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט — און זי האָט זיך געלאָזט אין טאַנץ.

די יונגע פיס האָבן זיך גענומען דרייען. דאָס קליידל איז געלאָפן אַרום איר. די הענט האָט זי געהאַט צעוואָרפן און זיי זענען געבליבן געשטרעקט. די צעפּ האָבן זיך געיאָגט אַרום איר ליוטערן האַלדז. דער אַלטער איז געווען פאַרגאַפט: פונוואַנען קומט צו עליזאַבעטן אַזאַ טאַנצן? קיינמאָל נאָך האָט

ער איר נישט געזען אזוי טאַנצן. זי האָט זיך אַזוי אימפּעטיק געדרייט, דאָס פּנים האָט געלויכטן, די ציין זענען געווען פאַרקלעמט אונטער לייכט-געעפנטע ליפּן. אינמיטן טאַנצן האָט איר האַנט זיך געגעבן אַ וויקל-אַרום טאַנינס טאַליע:

— טאַנצט מיט מיר!

איין רגע, און אפשר ווייניקער פון אַ רגע, האָט טאַנין צעטומלט אַ קוק געטאָן אויף איר, און — ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט שוין יאָרן נישט געטאַנצט. די צייט איז אינגאַנצן אויסגעמעקט געוואָרן. צוריק איז געווען יענע צייט, ווען ער, אַ גימנאַזיסט, האָט אָפט געטאַנצט מיט גימנאַזיסטקעס אויף אַ באַל. עליזאַבעטס האַנט האָט זיך אָפּגעוויקלט פון אים און זיך געלייגט אויף זיין אַקסל, זיין רעכטע האַנט איז איינגעוואַקסן אין איר טאַליע און מיט דער לינקער האַנט האָט ער אָנגענומען איר רעכטע. פינגער אָן פינגער האָבן זיך געקלאַמערט. זי איז געוואָרן האַרט-נאָענט צו אים. ביידנס בליקן האָבן זיך צונויפגעגאָסן; זייערע אָטעמס האָבן זיך געמישט.

פּנים צו פּנים; פאַרקלעמטע ציין. צעעפנטע, דורשטיקע ליפּן; דורך די הענט האָט געשטראָמט דאָס בלוט פון איינעם אין אַנדערן. ס'איז געוואָרן איין לויף פון ביידנס בלוטן. איין געזאַנג האָט געזונגען דורך ביידנס קערפּערס. הייסער אָטעם האָט זיך געיאָגט דורך ביידנס נאָזלעכער. לייב אָן לייב האָט זיך אָנגעשלאָגן; פיס אין פיס האָבן זיך געדרייט. אירע צעפּ האָבן זיך, ווי ווייכע פינגער, געוויקלט איבער זיין האַלדז. צוגעפאַלן און אָפּגעפאַלן. געדאַכט האָט זיך: זיי זענען זיך אויף אייביק צוזאַמענגעוואַקסן.

זיי האָבן קיינעם נישט געזען. נישט געזען, ווי דער אַלטער זיצט מיט צעוואונדערטע אויגן; נישט געזען, ווי די אַלטע הייבט זיך אַזש כּמעט פון בענקל פון פּלוצלינגער פרייד, וואָס איז איר באַפאַלן. שיכּרות האָט זי געהילט אין פלאַמיקן זייד. עס האָט געברענט ווייסער שטורעם אינדרויסן און רויטער שטורעם אין זייערע לייבער. זיי האָבן זיך געטראָגן אין גע-

ווירבל און די פיס האָבן געברענט. זיי האָבן געסאָפּעט דורך פאַרשטשעמעטע ציין.

די נאָדל האָט דאָרט אַ לאַנגן קריץ געטאָן און דאָס שפּילן האָט זיך איבערגעריסן. עס האָט נאָך געדויערט אַ ווײַלע, ביז זיי האָבן זיך געקענט אָפּשטעלן. עליזאַבעטס ברוסט איז צוגעפאַלן צו טאַנינס. איר צעפלאַמט פּנים האָט געגעבן אַ באַק-צו צו זיין נאַקעטן האַלדז. זי האָט אויפגעלאַכט—און ער האָט זי אָפּגעלאָזט.

ערשט דאַן האָט זיך עליזאַבעט פאַרשעמט. זי איז צו-געלאָפן צום אַלטן, איז צו אים צוגעפאַלן מיט געלעכטער:

— גוט געטאַנצט?

— וואונדערלעך!

זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם אַלטנס האַלדז מיט ביידע הענט, מיט איין באַוועגונג געבליבן זיצן אויף זיינע קני. די שטול האָט זיך אַ וויג-געטאָן. דער אַלטער האָט אַרויסגע-לאָזט אַ קרעכץ און עליזאַבעט — אַ קוויטש. אָבער די שטול האָט זיך צוריק אויסגעגלייכט און עליזאַבעט האָט אַ שויבער געטאָן איר קאָפּ אויפן אַלטנס פּנים. צוריק אויפגעשפּרונגען, געבליבן שטיין און שווער געסאָפּעט.

דער אַלטער האָט שוין איצט געשמייכלט:

— פונוואַנען קענסטו אַזוי טאַנצן, עליזאַבעט?

— ווייס איך? איך ווייס אַליין נישט.

— קיינמאָל דיך נישט געזען אַזוי טאַנצן.

— כ'האָב קיינמאָל אַזוי נישט געטאַנצט...

טאַנין איז געשטאַנען אָן לשון. האָט האַסטיק געאָטעמט און אים איז געווען גוט. קיינמאָל איז אים נאָך אַזוי גוט נישט געווען... האָט געהערט, ווי זיין לייב זינגט, און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

עליזאַבעט האָט זיך צו אים דערנענטערט:

— און ווי מיינט איר?

— וואָס?

— איך קען טאַנצן?

— איר טאַנצט וואונדערלעך!

— טאַקע?

און זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער באָבען, האָט זי אָנגעכאַפּט בייביידע הענט, זי גענומען שלעפּן:

— קום טאַנצן, באָבע! קום טאַנצן.

די אַלטע האָט זיך געוועהרט. אָבער עליזאַבעט האָט איר אויפגעשטעלט, האָט איר אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענט און זיך גענומען דרייען מיט איר. די אַלטע האָט געלאַכט, זיך געריסן פון אירע הענט, און אַז עליזאַבעט איז מיט איר שטיין געבליבן, האָט די אַלטע זי אַרומגענומען, צוגעטוליעט איר קאָפּ צו איר ברוסט און מיט פרייד און מיט גלאַנציקע אויגן אַרויסגעשעפּטשעט תּפילהדיק:

— גאָט זאָל דיך בענטשן...

— — — — — — — — — — — —

יענע נאַכט האָט טאַנין אַפילו נישט געדענקט זיינע עקספּערימענטן. ס'איז שוין געווען נישט פרי, ווען ער איז אַרויף צו זיך אין צימער. ער האָט זיך אויסגעטאָן, און אים איז אויסגעקומען, אַז ער הערט, ווי זיין לייב זינגט... ער הערט מיט די אייגענע אויערן דאָס געזאַנג... ער האָט מיט די אייגענע הענט געגלעט זיין אייגן לייב און געשמייכלט צו זיך אַליין. דערנאָך האָט ער פאַרלאָשן דאָס ליכט, האָט זיך געלייגט און זיך איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע. אינדרויסן האָט געשריגן דער ווינט. דער שניי האָט מיט דינע שפּיזלען געשלאָגן אָן די שויבן. און ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, געפילט אין זיין האַנט דעם טעם פון עליזאַבעטס טאַליע און אויף זיין פּנים — איר אָטעם. האָט געפילט: זיין פּנים איז באַלויכטן און אין האַרצן איז ליכטיק.

ווידער ליגט זיין האַנט אַרום עליזאַבעטס טאַליע. די פינגער פון דער לינקער האַנט טוליען אירע פינגער און ער פילט אויף זיין ברוסט אירע שטייפע בריסט... איר פּנים טוליעט זיך מיט ווארעמקייט צו זיין האַלדז. וויפל יאָר שוין, אַז ער וואַרט אויף איר? שוין אַזוי לאַנג, אַז ער בענקט נאָך

זיין דערליידזונג דורך איר... און עס שיינט די זון, און דאָס גראָז איז ווייך. זיין לייב פילט די ווייכקייט. ליכטיקייט גיסט זיך אין זיין גוף אריין און ער זינקט אלץ טיפער אין ווייכקייט פון גראָז. און — — —

— ווי געפעלן דיר די צימערן, עליזאבעט?

— „דזשו"!.. ס'איז דאָך אַ פּאלאַץ!

— פאַר דיר, עליזאבעט טייערע.

זי איז אין ווייס, דורכזיכטיק קלייד. אירע יונגע שלאנקע פיס זענען באָרוועס. אירע האָר זענען נישט פאַרפלאָכטן. איבער איר נאקן הענגט אַ בינט קופּער צרומגענומען מיט אַ סטענגעלע... דער בינט קופּער ציטערט איבער אירע פּלייצעס. זי לויפט איבער די טרעפּ. ווען זי איז שוין אויבן — דרייט זי אויס דאָס פּנים צו אים, קוקט אַראָפּ און לאַכט. ער לויפט איבער די טרעפּ... און דאָס צימער איז פאַרגאָסן מיט צעלאָזט גאָלד. און ווייסע שניי-בלימלעך פלאַטערן אַרום אין גאָלד... די טירן זענען באוואקסן מיט גרינעם, יונגן ווייץ. און —

— וואו ביזטו, עליזאבעט?

אָט איז זי... זי לאַכט אַן קול און טאַנצט. איר נאַקעטער, שטייפער גוף דרייט זיך אין דינעם קליידל, וואָס איז אַרום איר אויפגעבלאָזן און פאַרשטאַרט. די פיס דרייען זיך אַזוי פלינק... אירע יונגע, שטייפע בריסט לאַכן צעשטיפט... זי טאַנצט אַרום אים. עס בלענדט זיינע אויגן... ער שטרעקט די הענט... די הענט שטרעקן זיך אליין... ווילן זיך פאַרשליסן אַרום איר, אָבער זי האָט זיך שוין אַרויסגעגליטשט... טאַנצט שוין ווידער...

ער איז אָנגעטאָן אין גימנאַזיסטן-קאָסטיום. זיינע הענט רופן איר, בעטן זיך: קום... קום... זי איז אונטער זיין פּלייצע. די פינגער פון אירע הענט פלעכטן זיך אַריין אין זיינע האָר. רייסן די פּאַסמעס, נאָר ס'איז נישטאָ קיין ווייטיק.

ער האָט אָנגעכאַפּט אירע הענט:

— איצט האָב איך דיך געכאַפּט! קיינמאָל וועל איך דיך נישט אָפּלאָזן...

— לאָמיר טאַנצן!

זיי טאַנצן. אירע ווייסע ציין בלענדן די אויגן. איר אָטעם גיסט זיך אין אים אַריין. זיין גאַנץ לייב שרייט איין וואָרט:

— עליזאַבעט!

— — — — — — — — — — — —

פון שלאָף און חלום האָט ער גערופן איר נאָמען. זיינע ליפּן האָבן געציטערט און דאָס וואָרט האָט אַרומגעבלאָנדזשעט אין פינסטערן צימער. און אינדרויסן האָט געשריגן דער ווינט און דינער, האַרטער שניי האָט געשלאָגן אָן די פענסטער...

# קאַפּיטל פֿיר

ס'איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג, ווען אינדרויסן איז שטיל געוואָרן. די פֿענסטער האָבן זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ לייטער־אויס. פֿון די שויבן האָט זיך אָפּגעשיילט אַ הויט און זיי זענען קלאָר און טרוקן געוואָרן. וואַרעמער, פֿרישער אָטעם איז אַריין אין שטוב. אָפּגלאַנץ פֿון שיטער, בלייך גאָלד האָט אַריינגעפּליסט און שטילע פֿרייִלעכקייט האָט זיך צעריזלט איבער ווענט און סטעליע. טאַנין, וואָס איז געזעסן ביי זיך אין צימער, ביים טיש, וואָס איז געווען באַשטעלט מיט פֿאַרשיידענע פֿלעשלעך און סלאָיעקלעך; באַוואָרפֿן מיט שטיקלעך שטיין און אינסטרומענטן — האָט פּלוצלינג דערפֿילט אַ ריח, וואָס איז געווען ווי דער ריח פֿון חול־המועד אין זיין געבורטשטעטל. ער האָט אויפֿגעהערט שמירן דאָס שטיקל שטיין, האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און זיך צעשמייכלט. די שטילע פֿרייִלעכקייט האָט גלייך גענומען ריזלען אין זיין לייב, ער האָט זיך צוגעהערט צום ריזלען, נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז, און דאָך געוואוסט דעם באַטייט... ער האָט זיך אויסגעשטרעקט אין שטול, געקוקט מיט שטאַרק־זעעוודיקע אויגן אין פֿענסטער אַריין און געזען: דער דרויסן איז ליכטיק, די ביימער שטייען שטיל און רוען נאָכן שטורעם. די ווייסע כוואַרייס ליגן אויפֿן פֿעלד געפּאַלענע פֿון אויסגעמאַטערטקייט. די ע יצטע ווינטן זענען אַוועק אויף זייערע פֿערד, טראָגן

זיך ערגעץ ווייט פון דאַנען, און דאָ איז שטיל, לינד, ווייס און ליכטיק. דער הימל האָט אויפגעהויבן זיינע ווייעס, די אויגן זענען איצט שאַרף און בלאָ... די וואָלקן וויקלען זיך אָפּ, שרימפּן אַוועק...

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי עליזאַבעט האָט נעכטן אָפּ־געוויקלט דעם טעפּיך. אין האַרצן איז געוואָרן וואַרעמער. זיסע זאַפטן האָבן זיך צערוישט, ווי איןביימער אָנפאַנג פרי־לינג. ער האָט דערזען, ווי עליזאַבעט שטייט געבויגן, דאָס קליידל איז אָפּגעפאַלן פון ביידע זייטן און אירע שטייפע, גע־טאָקטע פיס שמייכלען דורך די דינע זאָקן... הײנט אינדערפרי, ווען ער האָט איר אָנגעטראָפן, האָט איר קול אַ הייב־געטאָן אויף אים מיט ריח פון יונג גראָז:

— גוטמאָרגן!

און דער שמייכל אין אירע אויגן! ס'איז געווען דער שמייכל, וואָס ער האָט געזען אין חלום... וואָס אַזוינס האָט זיך אים געחלומט? עפּעס איז דער איצטיקער ריח פון דרויסן אויך ווי דער ריח פון חלום.

ער האָט דערהערט: איבער טרעפּ לויפן פלינקע טריט. ווער לויפט עס אַזוי איבער די טרעפּ? די טריט הילכן־דורך דורכן קאָרידאָר, לעשן זיך אויס אונטער דער טיר פון זיין צימער. ווער זאָל דאָס זיין? ס'איז זי! זיכער זי...

מען האָט אָנגעקלאַפּט אָן טיר, און איידער ער האָט באַוויזן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, האָט זיך די טיר געעפנט. עליזאַבעט איז אַריבער די שוועל. עס לויפט פריער איר ריח. דערנאָך קומט זי אַליין צו מיט צעשטיפּטקייט:

— פאַראַן אַ זון אינדרויסן!

— אַ זון?

— יאָ... דער הימל לייטערט זיך... איך האָב זיך אַרויס־געכאַפּט אויף דער וועראַנדע... ס'איז אַזוי פריש און גוט אינדרויסן...

— גייען מיר שפּאַצירן?

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. געקוקט און געזען: איר האַלדז איז באַצירט מיט דעם בורשטין-האַלדזבאַנד, וואָס ער האָט איר אַ מתנה געבראַכט. דעם האַלדזבאַנד האָט ער גע-נומען אין „שאַפּ", וואו ער האָט געאַרבעט... איצט איז מער נישטאָ קיין „שאַפּ"...

— ס'איז דאָ גוט, עליזאַבעט! זייער גוט...

זי האָט זיך לייכט פאַרשעמט: זיין שמייכל האָט זיך געוויקלט אַרום איר האַלדז, געפאַלן איבער די אַקסלען, גע-גלעט אירע באַקן.

— ווי עס איז אָנגעשטעלט ביי אייך אויפן טיש!.. וואָס מאַכט איר דאָ?

— עקספּערימענטן... איך פאַרב די שטיקלעך שטיין...

זי איז געשטאַנען לעבן אים. ער האָט גערעדט אין איין אָטעם. אָט איז דאָס שטיקל שטיין... עליזאַבעט זעט? דאָס איז אַ העלער קאָליר... און אָט דאָס איז נאָך העלער... עס ווערט ענלעך צו גאָלד...

— איר ווילט מאַכן גאָלד?

— יאָ... גאָלד וועל איך מאַכן...

ער האָט זיך צעלאַכט. עליזאַבעט האָט אויך געשמייכלט און אירע אויגן זענען געווען פאַרוואונדערט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט דרך-ארץ. דערנאָך געזאָגט:

— אַלעמאָל, ווען איך רוים-צו דאָס צימער... האָב איך מורא זיך צוצורירן צום טיש...

— מורא?

— איך זאָל עפּעס נישט קאַליע מאַכן.

— אַזוי? דאָס גיט עליזאַבעט אַכטונג אויף מיין צימער?

— איך...

זי האָט געשמייכלט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— איצט פאַרשטיי איך!

— וואָס פאַרשטייט איר?

אירע אויגן זענען איבערגעצויגן געוואָרן מיט דינעם נעפּל.

— פאַרוואָס דאָס צימער שמעקט מיט אַזאַ ריינקייט...
אַז איך קום אינאָווונט אַריין אין צימער — דערפיל איך אַזאַ גוטן ריח.

עליזאַבעט האָט געבלאַנדזשעט מיט די אויגן. איר פּנים איז געווען עטוואָס צעטומלט. דער שמייכל איז געלעגן פאַר־חלשט אויף די ווייסע ציין:

— גייען מיר שפּאַצירן?

— זיכער גייען מיר.

— וואָס זשע שטייט איר? טוט זיך אָן!

— איך ווער גלייך פאַרטיק!

זי האָט זיך געגעבן אַ דריי־אויס, איז צו צו דער טיר:

— איך וועל גלייך זיין „דאַונסטערז".

— „אָלרייט", עליזאַבעט!

אינדרויסן האָט די ערד געאָטעמט מיט וואַרעמקייט דורכן שניי. דער הימל איז געווען בלאָ. נאָר ביים האָריזאָנט זענען געלעגן אָפּגעזעצט די לעצטע כמאַרעס. דאָרט, וווּ די זון האָט געני‌דערט, איז געווען רויכיק, אַ זייער־דין, עטוואָס גרוי געוועב האָט דאָרט פאַרצויגן, און די זון האָט שטיל גע־קוקט פון אונטער דעם געוועב. איז געוואָרן רויטער, גרעסער. האָט אויסגעזען, ווי אַ גרויסע לבנה, ווען זי גייט־אויף אַ שטאַרק־רויטע. דער וועג איז געלעגן אַ ריינער, שטילער, ווייסער. די בּרעגן פון פעלד ביים וועג זענען געווען אָפּגע־דעקט; דער שניי האָט דאָרט אויסגעזען, ווי אויפגעקאָכטע מילך, וואָס האָט גענומען אויסלויפן און איז אינמיטן פאַר־פרוירן געוואָרן. איצט האָט דין ווינטל לינד געצויגן: נאָכ־נישט געווען זיכע־ צי דער וועג איז פריי...

טאַנין מיט עליזאַבעטן האָבן שפּאַצירט אַרויף צום נייעם הויז. טאַנין האָט גערעדט מיט אַ קול, וואָס איז געווען אָנגע־זאַפּט מיט היימישקייט:

ער האָט עס געמיינט נעכטן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט מער נישט צו טאָן מיט דער שטאָט... זיכער האָט ער עס געמיינט... וואָס האָט ער אין שטאָט? און דאָ וועט זיין זיין היים. דאָ וועט ער אַלץ דערגרייכן... ווייסט כאָטש עליזאַבעט פאַרוואָס די „מיסעס" קומט נישט אַרויס אַהער?

עליזאַבעט האָט זיך נענטער צוגערוקט צו אים; האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין. און ער האָט שטיל געלאַכט: ער אַליין האָט זיך פאַרנומען דאָס אויסצומיידן... נאָכוואָס דען איז ער ביזאַהער אָפּט געפאָרן אויף שבת און זונטיק אין שטאָט אַריין? — און ער האָט באַקומען צער אין קול — מענטשן זוכן אַמאָל דאָס גאַנצע לעבן דאָס, צו וועלכן זיי בענקען... מענטשן מאַכן טעותן... און ער האָט אַ סך טעותן געמאַכט... ער האָט אַזויפיל יאָרן געפּטרט אין „שאַפּ"... און נאָכוואָס? וואָס אַזוינס האָט אים דער „שאַפּ" געגעבן? די שטאָט האָט אים קיינמאָל קיין גליק נישט געגעבן... וויל ער מער נישט האָבן צו טאָן מיט דער שטאָט... ער ווערט דער־לייזט פון איר... דאָ איז אים גוט. דאָ וועט ער בלייבן... דאָ קען ער גליקלעך זיין... פריילינג וועט ער נעמען ברעכן דעם באַרג; און עליזאַבעט וועט זען: עס וועט דאָ ווערן פריילעך... זאָל עס נאָר אַוועקגיין, ווי ער האָפט... פון אַלע טיילן פון לאַנד וועט מען קומען אַהער באַוואונדערן זיינע שטיינער... פון אומעטום וועלן אָנקומען באַשטעלונגען. אַ גאַנצע אינדוסטריע וועט זיך דאָ אַנטוויקלען... מען וועט מוזן אַהער צופירן באַן־רעלסן...

אינמיטן רעדן האָט ער דערפילט עליזאַבעטס האַנט אונטער זיין אָרעם. זיין אָרעם האָט געגעבן אַ וואַקס־צו צו איר האַנט, וואָס איז איינגעוואַקסן אין זיין זייט. די ווערטער האָבן זיך איבערגעריסן. ער האָט מיט דער אַנדערער האַנט אָנגענומען אירע פינגער. האָט זיי אַזוי צוזאַמענגעדריקט, אַז זי האָט שטיל אַ קרעכץ געטאָן.

— ס'טוט וויי?

זי האָט בלויז צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— זיי מוחל, קינד.

זי האָט געשמייכלט, ווי עס שמייכלט אַ קינד, ווען מען דערוואַרעמט עס.

ער האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, האָט צוגעלייגט די פינגער אירע צו זיינע ליפּן.

— צו וואָס? אינדרויסן...

— ס'איז דאָ קיינער נישטאָ.

ער האָט דערביי אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק און אויסגערופן:

— ס'אַראַ זון!

ביידע האָבן זיך אויסגעקערט מיט די פּנימער צו דער זייט, וואו די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, און זענען געבליבן שטיין פאַרגאַפט:

קיינמאָל האָט נאָך טאַניע נישט געזען אַזאַ גרויסע זון. זי איז געשטאַנען ביים ברעג האָריזאָנט. איז אויסגעקומען גלייך מיטן וועג, וואָס האָט זיך אַהין געצויגן, און זי איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס'האָט אויסגעזען: זי שטייט אויפן וועג און פאַרשטעלט די גאַנצע ברייט פון וועג. ביי די זייטן וועג זענען דאָרט געוועןביימער און די זון האָט אויך די ביימער פאַרשטעלט. די ביימער און דער וועג זענען געווען דאָרט באַגאָסן מיט בלענדנדיקער ליכט. געררויטלט זילבער האָט דאָרט דעם שטח פאַרגאָסן...

— ס'אַראַ פּראַכט! — האָט עליזאַבעט אויסגערופן.

— אַזעלכעס האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען...

— לאָמיר שפּאַצירן אַהין צו דער זון...

זיי האָבן גענומען שפּאַנען שנעלער. ס'האָט אויסגעזען: זיי האָבן בדעה דערגרייכן ביז אַהין, וואו די זון שטייט אויפן וועג. איצט האָט טאַניע געהאַלטן איר אָרעם. זיינע פינגער זענען ווי ענגע רייפלעך געלעגן אַרום איר אָרעם. זיי האָבן געשפּאַנט שנעל און געשמייכלט מיט פאַרגאַפונג. זי האָט אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק אויף זיין פּנים. ער האָט נישט אָפּגעריסן די

אויגן פון דער זעאונג און זיין הויט איז אַזוי געלייטערט אין די אויגן איז דאָ אָפּגלאַנץ פון דער זון.

ווילאַנג האָבן זיי אַזוי געשפּאַנט? זיי האָבן נישט גע־פילט די צייט, האָבן נישט געזען, ווי זיי זענען פאַרביי וויל־סעס הויז. די פיס האָבן געשפּאַנט גרינג, אימפּעטיק אַנטקעגן דער גרויסער זון.

— אָט איז דזשאָן!

אַזוי האָט עליזאַבעט געזאָגט, און זייערע טריט האָבן זיך גענומען האַמצווען. אַנטקעגן זיי איז דער רויטער דזשאָן געשטאַנען, איז געשטאַנען מיט אַ ביסל צעשטעלטע פיס. ס'האָט אויסגעזען: דאָ איז ער פון מיטן וועג אַרויסגעוואַקסן. ער איז געווען אין אַ גרויער קורטקע, אוןביידע הענט האָט ער געהאַלטן פאַררוקט אין די זייטיק־געשניטענע קעשענעס, וואָס זענען געווען אויף זיין ברוסט. ער איז געשטאַנען מיט פאַרפּרעסטע ליפּן, און די באַקן זענען אים געווען פאַרהאַרטעוועט. דאָרט, וואו עס זענען די קין־שלעסער, האָבן זיך בערגעלעך באַוועגט אונטער דער הויט. זיינע אויגן זענען געווען שאַרף, האָבן געשניטן מיט שאַרפע קלינגלעך. עליזאַבעט האָט דערפילט אומהיימלעכקייט. אויך טאַנין האָט דערשפּירט: פאַרקאָכטע שנאה אָטעמט אויף אים.

— ווער איז דזשאָן?

— ער האָט אַ פאַרם נישט־ווייט פון אונז

עליזאַבעטס קול האָט אונטערגעציטערט.

— איז וואָס זשע? האָסטו מורא פאַר אים?

— מורא? ווער זאָגט?

ווען זיי זענען צוגעקומען נענטער צו אים, האָבן ביי־דע דערזען: פינסטערער כעס קאָכט אין זיין פּנים. ער האָט געאָטעמט הייס און שווער. זיינע פויסטן האָבן זיך געבערגלט אין זיינע קעשענעס.

— העלאָ, דזשאָן!

ווידער האָט עליזאַבעטס קול אַ ציטער געטאָן. דזשאָן

האָט נישט געענטפערט. זיינע בליקן האָבן געשרפעט טאַנינס פּנים: „אָט איז ער! געקומען אַהער און וויל צוראַבעווען דאָס פעלד...“ זיינע ציין האָבן אַ קריץ געטאָן אונטער די פאַרפרעסטע ליפּן. טאַנין האָט צונויפגעצויגן די ברעמען. דזשאַן איז געשטאַנען, ווי ער וואָלט אים דעם וועג פאַרשטעלט.

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט, דזשאַן? האָסט נישט געהערט?

אין עליזאַבעטס קול איז געווען שרעק. טאַנין האָט אָפּגעלאָזט איר אָרעם. דער ברייטביינערדיקער יונג איז געשטאַנען דעם קאָפּ עטוואָס געבויגן. זיין פּנים איז געווען באַגאָסן מיט רויטקייט. זיינע ליפּן האָבן זיך פאַנאַנדערגעקלעפּט, די ציין האָבן חיהש אַ בלאַנק געטאָן. אַ ווײַלע האָט געדויערט ביז די ציין האָבן זיך פאַנאַנדערגענומען. ער האָט אַרויסגעכריפּעט:

— געהערט!

— וואָס זשע ענטפערט איר נישט?

טאַנין האָט עס געפרעגט מיט פאַרדרוס. עליזאַבעט איז בלייך געוואָרן.

דער שייגעץ האָט מער איינגעבויגן דעם קאָפּ. זיינע בליקן האָבן געשרויפט שוואַרץ-רויטע ציגלעך:

— און וועמ ביזטו, וואָס דו מישסט זיך אַריין? ווער, צום טייוול?

טאַנין האָט אים אָנגעקוקט מיט שטאָל אין די גרויע אויגן:

— ווער ווילסטו, זאָל איך זיין? אַז מען הערט — דאַרף מען ענטפערן!

— און ווער פרעגט ביי דיר עצות?

דער שייגעץ האָט אַרויסגעשלעפּט די פויסטן פון די קעשענעס:

— „יו... גאַד דעם דזשו!“

טאַנין איז בלייך געוואָרן. עליזאַבעט האָט אויסגעשריגן:

— דזשאָן! וואָס טוט זיך מיט דיר? דזשאָן!

דער שייגעץ האָט געשפּיגן מיט הייסע שטיקער בליי:

— ווער האָט געשיקט נאָך דיר?.. וואָס ביזטו געקומען אַהער?

— וואָס קער זיך עס אָן מיט דיר?

— עס קער זיך שוין יאָ אָן!

דער יונג האָט עס אַרויסגעשריגן מיט רציחה. האָט אַוועקגעשטעלט צוויי שפּאַן און געבליבן האַרט לעבן טאַנינען:

— וואָס ביזטו געקומען אַהער?

טאַנין האָט זיך געגעבן אַ שטרעק-אויס:

— דאָס איז מיין זאַך!

— און איך זאָג דיר „שוני דזשו": טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!

— און ווער ביזטו, וואָס דו זאָגסט מיר?

— איך בין דזשאָן! דער רויטער דזשאָן!

דער שייגעץ האָט זיך געגעבן אַ זעץ מיט דער פויסט אין זיין ברוסט.

— איז מיר זייער אָנגענעם צו וויסן...

עליזאַבעט איז געווען אינגאַנצן צעטומלט. זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. איז דזשאָן משוגע געוואָרן? וואָס וויל ער? וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט?

— הער מיך אויס „דזשו"! טרעט בעסער אָפּ פונדאַנען... גיי דיר צוריק אין שטאָט אַריין... גיי פונוואַנען ביזט געקומען... אויב נישט...

— וואָס וועסטו מיר טאָן?

— דו זעסט?

ער האָט אים אונטערגעטראָגן אַ פויסט צו די אויגן. די פויסט האָט זיך געטרייסלט. נאָר דאָ — עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ רייס-אַריין צווישן זיי, האָט דזשאַנען אָפּגעשטופּט און זיך צעשריגן:

— טרעט אָפּ! טרעט אָפּ!

דער יונג האָט זיך אויף אַ ווייל פאַרלוירן. האָט גע־אָטעמט שווער, און עליזאַבעט איז צוגעטרעטן האַרט צו אים:

— דו... ביזט משוגע געוואָרן?

— זאָל ער בעסער אָפּטרעטן פונדאַנען!

— קיינער פרעגט דיך נישט!

— ער איז דאָ אַ פרעמדער... און אַ „דזשו" איז ער!

— פאַרמאַך דיין פערדיש מויל!

— איך וועל אים פאַרטרייבן פונדאַנען!

— דו וועסט אים פאַרטרייבן? דו?.. מען לאַכט פון דיר! ווער ביזטו דאָ? וואָס באַפאַלסטו מענטשן אין וועג? וועסט זיך אפשר כאַפּן צו מיר אויך שלאָגן? האַ? וועסט אפשר מיר אויך ווייזן אַ פויסט? — אייזל!

דער שייגעץ האָט ווידער אַ בלאַנק געטאָן מיט חיהשע ציין. האָט געקרעמפּט די ליפּן מיט צערייצטקייט:

— איך זע... דאַרפסט אים האָבן... האַ?

— נישט דיינע חזירישע „ביזנעס"! יאָ... איך דאַרף אים! איז וואָס?

אַ „דזשו" געפעלט דיר?

איז וואָס? טרעט אָפּ! איך דערלאַנג דיר אין פּיסק!

האָט עס אויסגעשריגן אַזוי, און דערביי אַ טופּע גע־טאָן מיטן פוס, אַז דער שייגעץ איז אינגאַנצן צעטומלט גע־וואָרן. ער האָט געסאָפּעט, געשטאַנען אויף די צעשטעלטע פיס און זיך צוריקגעבויגן פון איר.

דאָ האָט עליזאַבעט זיך שאַרף געגעבן אַ דריי־אויס. האָט גענומען טאַנינען אונטערן אָרעם:

— קום, דזשעק!

זיך שטאַרקער צוגעטוליעט צו אים:

— נישטאָ מיט וועמען צו טענהן... און באַליידיקן זיך איז אויך נישטאָ פון וועמען...

ביידע האָבן אַוועקגעשפּאַנט מיט רעגלמעסיקע טריט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס עליזאַבעט האָט אים אָנגערופן ביי זיין ערשטן נאָמען...

— וואָס האָט ער געוואָלט? —

— ווער ווייס אים? זעסט דאָך: אַ פערד אַ צערייצסט...

דער שייגעץ איז געשטאַנען אויף זיין אָרט. דער כעס האָט געדיכט ווי סמאָלע געקאָכט אין אים. האָט מיט היץ געשלאָגן אין קאָפּ אַריין. די אויגן זענען אים געווען פינסטער צעצונדן. ער האָט הייזעריק געברומט:

— מיר וועלן נאָך זען... מיר וועלן נאָך זען...

ער האָט זיי נאָכגעשרפעט מיט קליינע אויגן און פאַרקלעמטע ציין, נאָר זיי האָבן זיך אַפילו קיין איין מאָל נישט אומגעקוקט...

---

# קאַפּיטל פינף

פאַרוואָס איז ער אַזוי צעטומלט געוואָרן? פאַרוואָס איז אים באַפאַלן אַזאַ שרעק, וואָס האָט זיך שווער געלייגט אויף זיין האַרץ און דאָרט אָנגעטריבן קילע טונקלקייט? נישט טאָ-גין האָט עס געוואוסט און נישט ער האָט געטראַכט דערפון. ער האָט בלויז געפילט: דער ריח פון צעקאָכטן כעס, וואָס האָט מיט אַזאַ געדיכטער היץ געשלאָגן פון רויטן דזשאַנס שווערן גוף, וויקלט זיך אַרום אים, ווי קנוילנדיקער רויך; די סמיקע בליקן פון דעם יונג, וואָס האָבן דורכגעבויערט זיינע קליידער, האָבן זיך פאַרשטאָכן אין זיין לייב און דאָרט געבליבן זיצן... ווי קאָנוואולסיוו זיינע ליפן האָבן זיך געקנייטשט, טריפנדיק מיט גרינעם גיפט: „גאָד דעם דזשו"... ווי חיהש זיינע ציי-נער האָבן געבלאַנקט! וואָס זשע אַזוינס איז פאָרגעקומען? וואָס האָט דער יונג געוואָלט פון אים? ווען נישט עליזאַבעט, וואָלט עס געקומען צו אַ געשלעג... האַ? ווי געזונט זיינע פיס זענען עס געווען צעשטעלט!

די פרייד, וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג געריזלט אין אים מיט אַזויפיל ליכטיקע פאַרבן און זון, איז אַנטשוויגן געוואָרן; האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל. זיין פנים האָט זיך איבערגעצויגן מיט טונקעלער הויט, די באַקן — איינגעפאַלן און ער האָט געדיכט געאָטעמט: וואָס זשע אַזוינס דאַרף ער איצט טאָן? עפּעס דאַרף ער דאָך טאָן...

ער האָט דערזען אַזעלכעס, אויף וועלכן ער האָט זיך ביזאַהער איינגאַנצן נישט גערינכט: דער וועג זיינער איז גאָרנישט אַזאַ גלייכער און גלאַטער. סכּנה רוקט זיך פאַרביסן און הייס־אָטעמדיק אויף אים. דאַרף ער זיין צוגעגרייט... אָבער וואָס אַזוינס דאַרף ער טאָן?

דאָס טראַכטן האָט זיך איינגעגעסן אין אים; האָט אָפּגעווישט דעם שמייכל פון זיין פּנים. ביים „סאַפּער" איז ער געזעסן שווייגנדיק; זיינע אויגן — צעגלאָנצטע, שטילע, זענען געווען אָנגעשטעלט אויפן פענסטער. וואָס אַזוינס זעט ער דורך די פענסטער־שויבן? און פאַרוואָס קנייטשט ער אַזוי אָפט די ברעמען? עליזאַבעט איז געווען אומרויק; האָט נאָכגעשפּירט זיין פּנים. פאַרוואָס קוקט ער נישט אויף איר? וואָס איז זי דען שולדיק, וואָס עפּעס אַ נאַרישער יונג האָט אים באַליידיקט?

— וואָס זעט איר דאָרט אין פענסטער?

זי האָט געשמייכלט, אָבער דאָס האַרץ איז איר געווען פאַרקלעמט.

— וואָס איך זע דאָרט?

טאַנין האָט צוגעבראַכט זיינע בליקן צו עליזאַבעטס פּנים, וואָס איז געווען לייכט פאַרשעמט. נאָר געשמייכלט האָט ער נישט.

— וואָס קוקט איר אַזוי צום פענסטער?

— ווייס איך?

דער אַלטער ווילס האָט אויסגעזען: ער הערט זיך צו מיט די קלוגע, וואַכעדיקע אויגן. אויף זיין פּנים איז געלעגן נייגער. ער האָט געדולדיק געוואַרט צו דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף באַלד קלאָר ווערן. די אַלטע האָט אויסגעזען: זי האַלט אָנגעגרייט אַ שמייכל און וואַרט אויף אַ געלעגנהייט אים אַרויסצוברענגען.

— איר זענט נאָך אַלץ צעטומלט?

— צעטומלט?

— עס לוינט זיך נישט.

אָבער טאַנין איז אַלץ געבליבן שטיל. ביים טיש איז

יעדער געווען פאַרזונקען אין זיין טראַכטן. ס'האָט זיך געהערט, ווי אינדרויסן ציט קאַלטער ווינט. די שויבן פון די פענסטער האָבן געשמייכלט מיט שוואַרצן גלאַנץ.

נו, זיכער: טאַנין מוז זיך צוגרייטן. ווי אַ מעשה מאַכט זיך... אָט ווערט ער פאַרטיק ווערן מיטן עסן, וועט ער אַרויף צו זיך אין צימער, און דאָרט וועט אים קלאָר ווערן, וואָס אַזוינס ער דאַרף טאָן... אין אים האָט פאַרהוילן קול געוואָרנט. ער האָט אַלץ געזען, ווי דער יונג שטייט מיט אַזעלכע געזונ־טע פיס, וואָס זענען ווי אַריינגעשלאָגן אין דער ערד... ער האָט געזען די פויסט, וואָס ער האָט אים צוגעטראָגן צו די אויגן... נו, זיכער... ער מוז עפּעס טאָן... ער מוז זיין צוגע־גרייט.

נאָך „סאַפּער” האָט עליזאַבעט זיך אויפגעשטעלט די ערשטע. איר פּנים איז געווען געלאָשן. זי האָט אויסגעשטעלט בעטנדיקע אויגן אויף טאַנינען, נאָר טאַנין איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיין טראַכטן, אַז ער האָט אירע בליקן נישט דערפילט. האָט זי צוגענומען פון אים די אויגן און זיך גע־נומען אַראָפּ־רוימען פון טיש. זי האָט עס געטאָן שווייגנדיק, פאַרעקשנט און זיך געפילט, ווי מען וואָלט איר אומזיסט חושד געווען... דער אַלטער האָט דערווייל פאַררויכערט זיין ליולקע און זיך אַוועקגעזעצט אין זיין וויג־שטול. די אַלטע מיט עלי־זאַבעטן זענען אַוועק אין קיך.

טאַנין האָט צוגעשפּאַנט צום פענסטער, האָט אַרויסגע־קוקט און געזאָגט:

— ווי ווייס ס'איז אינדרויסן... עס ווערט ריכטיקער ווינטער!

דער אַלטער האָט זיך אָפּגערופן:

— מאָרגן וועט די זון אַ וואַרעם טאָן און דער שניי וועט נישט בלייבן.

— דער הימל איז טאַקע אויסגעלייטערט.

— דער ערשטער שניי האַלט קיינמאָל נישט לאַנג.

— און די אַרבעטער וועלן מסתּם קומען אינדערפרי.

— מסתּם.
— וועל איך איצט אַרויפגיין צו זיך אין צימער.
— „אָלרייט".

טאַנין האָט אַריינגעקוקט דעם אַלטן אין פּנים. אים איז אויסגעקומען, אַז דער אַלטער וואַרט אויף דעם, ער זאָל אַוועק צו זיך אין צימער. פאַרוואָס איז עס אים אַזוי אויסגעקומען? עפּעס האָט דער אַלטער מאָדנע אונטערגעכאַפּט מיט זיין „אָלרייט". און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ... וואָס זשע, וויל דער אַלטער רעדן מיט עליזאַבעטן? האַ? האָט עס אפשר צו טאָן מיט דעם, וואָס דער רויטער דזשאַן האָט זיך היינט געוואָלט וואַרפן אויף אים?

טאַנין איז אַרויף צו זיך אין צימער, האָט ליכטיק געמאַכט און — ער וואָלט געקענט שווערן, אַז ער פּילט דאָ עליזאַבעטס ריח... זי איז דאָ היינט געווען... זי האָט דאָ געזונגען אין צימער... דערפאַר שמעקט דאָ אַלץ מיט אַזאַ היימישקייט. און ווי דאָס קישן שמייכלט צו אים פון קלאָרן בעט אַראָפּ! עליזאַבעטס הענט האָבן היינט געגלעט דאָס קישן... זיכער... איר באַרירונג איז געבליבן אויפן קישן. און וואָס איז דאָס? פונוואַנען קומט דאָס בילד איבערן בעט? דאַכט אים: ער זעט עס צום ערשטן מאָל.

ער איז צוגעגאַנגען נענטער. דאָס בילד איז געהאָנגען גלייך, און דאָס גלאָז איז געווען שטאַרק ריין. אַ מיידל — אַ הויכע, אַ שלאַנקע, שטייט פאַרן פענסטער פון איר צימער פאַרן שלאָפן גיין; די האָר זענען צעלאָזט, די נאַקעטע הענט זענען פול מיט געבעט; איין האַנט האַלט דעם פאָרהאַנג אָפּגערוקט פון פענסטער; העלע ליכטיקייט שלאָגט דורך די שויבן... דאָס פּנים פון מיידל איז אָנגעגאָסן מיט דערוואַרטונג. וועמען קוקט זי אויס?

— מיידל מיינס!

ער האָט עס אַרויסגעשעפּטשעט און געפּילט: די פרייד הייבט צוריק אָן אויפגליווערן, אָבער ווידער איז די שרעק אָנגעלאָפן:

„ביזט אַ פרעמדער דאָ! טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!"
וואָס זשע אַזוינס דאַרף ער איצט טאָן?

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין עקספּערימענטן-טיש, איז געזעסן לאַנג און אַלץ געטראַכט דאָסזעלבע: עפּעס דאַרף ער טאָן. ער האָט זיך ווידער געזען אויפן וועג איינעם אַליין און מיטאַמאָל וואַקסט פאַר אים אויס דער רויטער יונג. ער דערנענטערט זיך צו אים, שפּאַנט צו מיט שווערע שפּאַן:

„גאָד דעם דזשו".

איצט איז עליזאַבעט נישטאָ דערביי. דעם יונגס פּנים ברענט פון כּעס. זיינע אויגן דרייען זיך, ווי געשליפן גלאָז... זיינע פויסטן טרייסלען זיך. און אָט פאַרמעסט ער זיך אויף אים, אויף טאַנינען... וואָס זאָל ער איצט טאָן?

„טרעט אָפּ! איך דערשיס דיך, ווי אַ הונט!"

טאַנינען איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן: אָט וואָס ער דאַרף טאָן... ער וועט צופאָרן אין שטאָט אַריין און וועט זיך צוגרייטן... די שרעק האָט איצט אָפּגעטרעטן. ער האָט זיך צעלאַכט: דער שייגעץ איז געוואָרן אָפּהענטיק. אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט... ס'אַרבע אויגענעס ער האָט אַרויסגעוואַליעט. זיין פּנים איז פול מיט שרעק און ער האָט גענומען צוריקטרעטן.

„אַנטלויף, דו אייזל!"
אָט וואָס ער דאַרף טאָן
און ווער לאַכט עס אַזוי?

טאַנין האָט איבערגעריסן זיין טראַכטן, האָט אויפגעצויגן דעם קאָפּ, זיך איינגעהערט. איבער די טרעפּ לויפן טריט. מיט די טריט לויפט געלעכטער. די טיר באַקומט אַ שטויס, עליזאַבעט לאַכט... דאָס געלעכטער רייסט זיך פון איר, ווי פריידיקער שטראָם... איר פּנים איז פאַרגאָסן מיט זון. זי איז צוגעקומען האַרט צו אים. איר אָטעם האָט אים באַהויכט מיט ריח פון פעלד. איר געלעכטער האָט געוואַשן זיין פּנים מיט זון-וואַרעמקייט.

— וואָס לאַכסטו אַזוי, עליזאַבעט?

— ס'איז „פּאָני"... ס'איז אַזוי „פּאָני"...

די פינגער פון איר רעכטער האַנט האָבן פאַרבלאָנדזשעט צווישן די פינגער פון זיינע ביידע הענט. איר פּוס האָט זיך צוגעשפּאַרט צו זיין קני, טאַנינס פּנים האָט זיך געהאַט אויסגעלייטערט, די פרייד איז צוריק אַרויס פון ווינקל, זיך צעגאָסן איבערן הארץ און פון דאָרט געפּלייצט אין אַלע גלידער. דער שטראָם פון עליזאַבעטס געלעכטער האָט זיך אַריינגעצויגן אין איר אַריין און אויפן פּנים בלויז איבערגעלאָזט העלן שמייכל. זי האָט איצט געאָטעמט טיף און גרינג. האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט ביזאהער שטאַרק געלאָפן אַנטקעגן ווינט אינדרויסן.

— וואָס איז „פּאָני", עליזאַבעט?

— איצט איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן.

— וועגן וואָס רעדסטו, עליזאַבעט?

איר פּנים האָט זיך פאַררויטלט. דער בורשטין פון אירע אויגן איז געווען שטאַרק לויטער:

— וועגן רויטן דזשאַן.

— וואָס איז מיט אים? וואָס פאַרשטייסטו?

— ער איז אייפערזיכטיק אויף דיר!

— וואָס? וואָס זאָגסטו?

— איך האָב עס נישט געוואוסט... דער זיידע האָט עס מיר נאָר-וואָס דערציילט.

— וואָס האָט דיר דער זיידע דערציילט?

— ער וויל מיך פאַר אַ כלה!

און זי האָט זיך ווידער צעלאַכט.

— אַזוי איז די מעשה?! פאַר אַ כלה וויל ער דיך? אַט דער דזשאַן?

דאָס, וואָס עליזאַבעט האָט עס פאַר אים דערציילט און דערביי אַזוי געשמאַק געלאַכט, איז געווען אַ בשורה פאַר טאַנינען. זיינע פינגער האָבן מיט דאַנקבאַרקייט געגלעט איר האַנט. ווי ריין ס'איז איר קול: פונוואַנען זאָל עס איר איינפאַלן? זי האָט טאַקע נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס מיט דעם

דזשאַנען טוט זיך... זי ווייסט: דזשאַן האָט אַ שם פאַר אַ פאַרביסענעם יונג... אָבער פלוצלינג באַפאַלן אַ מענטשן אינ-מיטן וועג? און וויאַזוי זאָל עס איר איינפאַלן? אַז זי האָט מיט אים קיינמאָל נישט גערעדט... זי קען אים פון ווייטן... פלעגט אַמאָל פאַרבייפאָרן און באַגריסן... אַמאָל געקומען אין הויז פרעגן אַן עצה ביים זיידן... איז גיי און ווייס... ס'איז דאָך נאָר צום לאַכן... נישט אַזוי? דעם זיידנס ערד געפעלט אים שטאַרק... ער איז שוין אַפילו געקומען אַמאָל קויפן ערד... האָט דער זיידע געלאַכט פון אים... נו... איז ער גע-קומען און געזאָגט: ער וויל מיט מיר חתונה האָבן...

— אַזוי האָט ער געזאָגט?

— יאָ...

— און דער זיידע? וואָס האָט דער זיידע געענטפערט?

— האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים. געזאָגט: „ווי קומסטו צו עליזאַבעטן?"

— פיין!

— איז ער אין כעס געוואָרן... גענומען רעדן שטעכיקע רייד... האָט אים דער זיידע די טיר געוויזן... האָט אים אַרויסגעטריבן...

— אָט אַזוי איז עס געווען?

עליזאַבעט האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— האָסט אַ וואונדערלעכן זיידע, עליזאַבעט!

עליזאַבעט האָט ווידער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. האָט אַ פאָר מאָל אַ שלונג געטאָן, און דער בורשטין פון די אויגן האָט זיך געגאָסן איבער טאַנינס פנים.

— ער האָט דיך זייער ליב, דער זיידע דיינער!

— מיין זיידע... ער איז אַזאַ טייערער... אַלץ אין דער וועלט וואָלט ער געטאָן פאַר מיר... און ער האָט פאַרשטאַ-נען — — —

— פאַרשטאַנען?

עליזאַבעטס אויגן האָבן זיך איבערגעצויגן מיט גאָר אַ דין רויכל:

— יאָ... אַז: ווי קום איך צו אָט דעם רויטן דזשאָן?..

זי האָט גענומען רעדן גיכער:

— איז ער בייז געוואָרן... זעט אויס: זיך נישט געריכט אויף אַזאַ ענטפער... האָט אונז געטראָפן צוזאַמען, איז ער ווילד געוואָרן...

— אָט וואָס!.. בין איך עס זיין קאָנקורענט?

— אפשר...

עליזאַבעט האָט עס נישטווילנדיק אַרויסגעזאָגט; האָט האַלב אַראָפּגעלאָזט די אויגנדעקלעך. טאַנין איז אַלץ אַזוי גע-זעסן דעם קאָפּ אַ ביסל פאַרריסן, געקוקט אויף איר מ״ט צע-עפנטע, דורשטיקע ליפּן; זיין וואַרעמער שמייכל האָט געוויקלט ווייכע סאַמעט-בענדער אַרום איר האַלדז:

— עליזאַבעט!

זיין קול האָט זיך פאַרהאַקט. האָט צוריק אויפגעטויכט. ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט זיך געריסן פון זיין בלוט, פון זיין לייב, נאָר אָנשטאָט דעם האָט ער גאָר געפרעגט:

— דאָס האָסטו די טעג אויפגעהאָנגען דאָס בילד איבער מיין בעט?

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. די אויגנדעקלעך זענען אַלץ געבליבן האַלב-פאַרמאַכט.

— זיס מיידל!

איידער נאָך דאָס לעצטע וואָרט האָט זיך איינגאַנצן אַראָפּגעגליטשט פון זיינע ליפּן און — אירע הענט האָבן אַרומ-געכאַפּט זיין קאָפּ; זי איז צוגעפאַלן צו אים, ווי עמעצער וואָלט זי ראַפּטעם אַ שטויס געטאָן. אירע ליפּן זענען געפאַלן אויף זיינע און מיט איין זופּ זיי אויסגעטרונקען... זיינע הענט זענען ווי רייפן געפאַלן אַרום איר גוף. ביידע אָטעמס האָבן

זיך אויסגעמישט. די הערצער האָבן זיך צעפּליאַרעמט און זיי פאַרטויבט.

ווילאַנג האָט עס געדויערט? אפשר איין רגע און אפשר אַן אייביקייט. עליזאַבעט האָט זיך פּלוצלינג אַ ריס געטאָן פון אים.

— עמעצער גייט!

זי האָט עס אַרויסגעשעפּטשעט און שוין געשטאַנען אָפּ־געריקט פון אים.

דער אַלטער איז אַריין אין צימער. ער האָט נישט אַרויס־געלאָזט די ליולקע פון מויל. זיינע אויגן זענען אַלץ געווען שטאַרק זעעוודיקע. וואָס האָט ער געהערט, וואָס? דער רויטער דזשאַן איז היינט באַפאַלן טאַנינען?

ער איז געקומען וואָרענען טאַנינען: זיך היטן פאַר דעם יונג... ער איז אַ ווילדער „ברוט", אָט דער יונג...

טאַנין האָט געשוויגן. אים איז אויסגעקומען, אַז נישט צוליב דעם איז דער אַלטער אַרויפגעקומען... דערביי האָט ער געדענקט, ווי דער אַלטער האָט אים ביים טיש זיצנדיק אַ פרעג געטאָן:

„איר האָט דאָך אַ ווייב אין שטאָט?"

עליזאַבעט האָט געפרעגט:

— וואָס קען ער טאָן, אָט דער דזשאַן?

— ווער ווייס אים? ער האָט אַ גיפטיקע צונג.

— נו, איז וואָס?

— און ער איז אַ שטאַרקער יונג.

טאַנין האָט זיך צעשמייכלט:

— ס'איז „אָלרייט"... איך שרעק זיך נישט פאַר אים.

דעם אַלטנס אויגן האָבן דורכגעבלאָנדזשעט פון טאַנינס פּנים צו עליזאַבעטס און צוריק... ס'איז נישט געווען צו וויסן צי ער שמייכלט אָדער נישט. עליזאַבעט איז געוואָרן אַ ביסל אומרויק... טאַנין האָט געהאַט אַ לייכט־שרעקנדיק גע־פיל און דערביי געדענקט:

„אַט, וואָס איך דאַרף טאָן...״
— קומט אַראָפּ, מיסטער טאַנין... מיר וועלן טרינקען טיי.
אַזוי האָט דער אַלטער געזאָגט.
— איך קום באַלד.
עליזאַבעט מיטן אַלטן זענען אַראָפּ. טאַנין איז נאָך גע־בליבן זיצן. אים איז געווען גוט צו זיצן אַזוי און פילן דעם ריח פון עליזאַבעטן, וואָס איז געבליבן אַרום אים. אויף זיין קאָפּ איז נאָך געלעגן די באַרירונג פון אירע הענט און אויף זיינע ליפּן — אירע...

---

# קאַפּיטל זעכס

ס׳איז געווען אַזויווי דער אַלטער ווילס האָט געזאָגט: צומאָרגנס האָט די זון אַ וואַרעם-געטאָן פון אַ לויטערן הימל. דער שניי האָט זיך גענומען זעצן, צוגעפאַלן האַרטער צו דער ערד און זיך אָנגעהויבן שמעלצן. פאַרנאַכט — איז די ווייסע צודעק איבער פעלדער שוין געלעגן אַ שטאַרק צעריסענע.

ווידער איז געקומען אַ טאָג מיט טונקל-גרויען הימל איבערן קאָפּ און מיט לינדע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן פון דרום-מערב. אַ גאַנצן טאָג האָבן די כמאַרעס געיורן; געוואָרן שוואַרצער, אויפגעלאָפּענער און זיך געטראָגן אין געדיכטע קאַראַוואַנען איבער דער געגנט. עס האָט געשמעקט מיט פייכטקייט און די פעלדער זענען געלעגן שטילע, אונטערטעניקע. פאַרנאַכט האָט עס אַ שמייס-געטאָן מיט דיקע, שווערע טראָפּן איינמאָל, אַ צווייט מאָל. דערנאָך האָבן זיך די כמאַרעס צוזאַמענגעגאָסן, שטיינגעבליבן און עס האָט גענומען גיסן דינער, געדיכטער רעגן. די דינע שטראָמלעך זענען געלאָפן, ווי גלאַנציקע, גלייכע שפּיזלעך; געלאָפן רעגלמעסיק און איינטאָניק.

ס׳האָט גערעגנט אַ גאַנצע נאַכט און אַ האַלבן טאָג. דער רעגן האָט אָפּגעוואַשן די פעלדער, וואָס זענען איצט געלעגן פאַרשוואַרצטע און איבערגעטרונקענע. נאָך האַלבן טאָג האָט דער רעגן אויפגעהערט. דינער, שאַרפער ווינט האָט דורכגע-

שניטן, דער הימל האָט זיך גענומען לייטערן; די כמאַרעס האָבן זיך געריסן און בלאָע פּאַסן האָבן זיך באַוויזן נאָענט צום האָריזאָנט.

נאָכדעם זענען געקומען קאַלטע, טרוקענע, זוניקע טעג; האָבן זיך צוועקגעשטעלט און אַזוי געשטאַנען ביז איבער „קריסטמעס" און פּראַקטיקע ווינטן האָבן זיך צרום די טעג גע־וויקלט.

טאַנין האָט נישט אָפּגעטרעטן פון נייעם הויז. ער האָט כסדר אונטערגעצאָלט די אַרבעטער. איצט האָט ער געוואַרט מיט אַלע כוחות, דאָס הויז זאָל אינגאַנצן פאַרטיק ווערן. פאַר־וואָס האָט ער אַזוי געאײַלט? דאָס פאַרטיק ווערן פון הויז האָט געהאַט אַ שייכות מיט דעם, וואָס ער האָט זיך דער־וואוסט וועגן רויטן דזשאָן... מיט דעם, וואָס עליזאַבעט אַליין האָט עס אים דערציילט; מיט דעם, וואָס דער אַלטער ווילס האָט אַזעלכע קלוגע, שאַרפע אויגן און איז אַרויפגעקומען צו אים אין צימער, ווען עליזאַבעט איז דאָרט געווען.

— מיסטער מאַגיל! איך וואָלט געוואָלט קריגן נאָך אַ פּאָר מענטשן צו דער אַרבעט.

— וואָס איז דאָס אײַלעניש?

— איך וואָלט געוואָלט וואָס גיכער פאַרטיק ווערן מיטן הויז... קען מען נישט קריגן נאָך עטלעכע אַרבעטער?

מיסטער מאַגיל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דאָס קיי־לעכדיקע פּנים איז געבליבן פאַרגליווערט; ער האָט נישט אויפגעהערט צו קײַען דעם סיגאַר; זײַנע אויגן זענען גע־בליבן תּמעוואַטע. נאָר אונטער דער הויט איז געווען אַ גאָר דין שמייכעלע:

— קריגן קען מען — — —

— נאָר וואָס דען?

— מען וועט דאַרפן צאָלן אַ ביסל טײַערער.

— אַ סך טײַערער?

— קיין סך נישט... נאָר טײַערער.

— דאָס איז „אָלרײַט"... איך וויל וואָס גיכער פאַרטיק

ווערן... איך האָב פיינט שלעפעניש... שיקט מיר צו נאָך אַ פּאָר מענטשן צו פאַרענדיקן די דילן... און אַ צווייטן „עלעק־טרישן"...

— „אָלרייט"... מאָרגן וועלן זיי דאָ זיין... אַז איר ווילט...

אין הויז איז געוואָרן אַן אימפּעטיקער רעש: מען האָט געקלאַפּט, געזעגט, געשאָבן די דילן און „עלעקטרישנס" זענען געקראָכן אויף לייטערס. עס האָט געהילכט איבער די ליידיקע צימערן. עס האָט געשמעקט מיט טערפּענטין און זעגעכץ... טאַנין איז אַרומגעגאַנגען מיט שטייפע פיס און דער רעש איז געווען צו אים געזאַנג. ער האָט זיך געפּאָרעט אין לאַבאָראַ־טאָריע און האָט אויסגעזען, ווי אַ מענטש, וואָס איז אַזוי פאַרנומען מיט זיין גרייטן זיך צו עפּעס, אַז ער איז אַזש רויק. פון צייט צו צייט האָט ער זיך דערמאָנט אָן רויטן דזשאָן... ווי האָט דער אַלטער געזאָגט? „ער איז אַ „ברוט"... „ער איז אַ ווילדער יונג, אָט דער דזשאָן... און שטאַרק איז ער... מען דאַרף זיך היטן פאַר אים..." אַז טאַנין האָט דאָס געדענקט, האָט זיין האַנט זיך געגעבן אַ גליטש איבער זיין זייט, האָט דערגרייכט די הינטערשטע הויזן־קעשענע; האָט אָנ־געטאַפּט אַ האַרטע זאַך און האָט זיך צעשמייכלט: „נישטאָ וואָס מורא צו האָבן..." האָט גלייך פאַרגעסן דעם רויטן דזשאָן; האָט געשפּאַנט איבער די צימערן; אַרויפגעקומען „אַפּסטערז", געקוקט אין די צימערן, וואָס זענען שוין געווען מיט גלאַנ־ציקע דילן, און איז צוריק געווען פאַרנומען מיט זיין וואַרטן, אַז דאָס הויז זאָל שוין אינגאַנצן פאַרטיק זיין...

נאָכן טאָג פאַרבראַכט אין הויז, איז טאַנין פאַרנאַכט אַהיים געגאַנגען מיט געזונטער מידקייט אין לייב. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט קאַלטן ווינט און צעוואַרעמט בלוט. אין הויז האָט ער געטראָפן וואַרעמע היימישקייט, עליזאַבעט איז געווען אָנגעגאָסן מיט שטילער פרייד ביז די ברעגן, ווי אַ גלעזערנע, געשליפענע קרוג, וואָס איז אָנגעגאָסן פול מיט רויטן וויין. טאַנין האָט געפילט: פון איר שלאָגט דער גע־רוך פון פאַרליבטער כלה.

— גוטנאָוונט, עליזאַבעט!
— גוטנאָוונט.
די אויגן אירע זענען שטיל און ליכטיק. דאָס פּנים איז באַהויכט פון ווינט. זי פרעגט אַזוי היימיש:
— ווי איז היינט דורך דער טאָג?
— אויסגעצייכנט!
— און ווי גייט עס מיט דער אַרבעט אין הויז?
— זייער גוט.
— ווען דאָס הויז אינגיכן פאַרטיק ווערן?
— גאָר אינגיכן... איך רעכן: אויף ניי-יאָר.
— דאָס איז פיין...
אויך עליזאַבעט האָט געוואַרט, דאָס הויז זאָל פאַרטיק ווערן.
דער אַלטער האָט געשוויגן. געזויגן זיין ליולקע און אַלץ געקוקט מיט פאַרשנדע אויגן. ס'האָט אויסגעזען: ער הערט מיט די אויגן... אַ סך מאָל האָט טאַנין געהאַט דאָס געפיל, אַז דעם אַלטנס אויגן קוקן אין אים אַריין; זעען אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין אים... אַז דער אַלטער האָט גערעדט צו אים, האָט שמייכל געשיינט פון אונטער זיינע אויגן, אָבער טאַנין האָט נישט געקענט וויסן, וואָס דער שמייכל באַטייט.
די אָוונטן זענען געשטאַנען פראָסטיקע, טרוקענע און שאַרפע. אַמאָל האָט מען פאַרבראַכט אין הויז: דער אַלטער האָט דערציילט פון זיינע ערשטע יאָרן אויף דער ערד... טייל-מאָל האָט מען געלאָזט שפּילן די „וויקטראָלע" און עליזאַבעט האָט געטאַנצט. מאָדנע: טאַנינען האָט זי זעלטן איינגעלאַדן טאַנצן מיט איר. אַמאָל פלעגט זי טאַנצנדיק בלויז אויסרופן:
— איר זענט געוויס מיד!?
טאַנין האָט געשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז ווירקלעך געווען מיד נאָכן טאָג פאַרברענגען אין הויז.
אַמאָל זענען אַלע זיך דורכגעפאָרן אין טאַנינס מאַשין. אַמאָל האָט ער שפּאַצירט מיט עליזאַבעטן. זי האָט אָנגעהאַלטן זיין אָרעם, זיך געטוליעט צו אים. גערעדט און געלאַכט; פאַר-

ציילט פאַרשידענע מעשיות פון געגנט. טאַנין האָט געהערט איר הילכיק קול נישט בלויז מיט די אויערן, נאָר מיטן גאַנצן לייב.

— איך האָב היינט געהאַט אַ גאַסט!

— אַ גאַסט?

— יאָ... אַדרבה: זאָל טאַנין טרעפן ווער דאָס איז... וועסט נישט טרעפן!

— ניין, עליזאַבעט... איך וועל נישט טרעפן... וויאַזוי זאָל איך טרעפן?

— דער רויטער דזשאָן!

עליזאַבעט האָט זיך צעלאַכט. טאַנין האָט אויך געלאַכט:

— וואָס זשע? ער וויל דיך טאַקע פאַר אַ כלה?

— אַ מאָדנער יונג איז ער... זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ אַריין... דרייט זיך אַרום אַרום הויז... היינט איז זי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב... געהאַט צייט און געקלערט: צוגיין צום נייעם הויז... זען, ווי האַלט עס דאָרט... און אָט — ער איז דאָ! ווי פון אונטער דער ערד איז ער אויסגעוואַקסן... וואָס ער האָט געוואָלט?

עליזאַבעט האָט זיך שטאַרקער געטוליעט צו אים:

— ער וועט אויפשטעלן אַ ניי הויז... אַ פּאַלאַץ... ספּעציעל פאַר מיר... וואָס ער האָט אַלץ אָנגערעדט...

— און וואָס האָסטו אים געענטפערט? האַ?

טאַנין האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָנגעקוקט עליזאַבעטן מיט שאַרפע אויגן. עליזאַבעט האָט אירע אויגן אַראָפּגעלאָזט: וואָס האָט זי אים געהאַט צו זאָגן? ביזט זייער „פאָני", דזשאָן... וואָס האָסטו זיך אַריינגענומען אין קאָפּ? וואָס מאַכסטו זיך נאַריש? צו וואָס סטראַשעסט דו וועמען עס איז?.. ווער דערשרעקט זיך דען פאַר דיר?.. זי איז שוין צום נייעם הויז נישט געגאַנגען. האָט אים געזאָגט „גוד באַי" און איז צוריק אַריין אין הויז. איז ער געשטאַנען אַ ווײַלע און איז אַוועק.

— דזשאָן איז אַ שטאַרקער יונג... און צערייצט איז ער...

— ווער האָט דען מורא פאַר אים? — נאַרישקייטן!

עליזאַבעט האָט אויפגעהויבן די אויגן, געזען די אַנט־שלאָסנקייט און זיכערקייט אויף טאַנינס פּנים. האָט זי שוין שטיל געשמייכלט:

— לאָמיר גיין צוריק אין הויז...

— „אָלרייט"... לאָמיר גיין...

ער האָט נישט מורא פאַר דעם רויטן יונג... ער איז צוגעגרייט אים צו באַגעגענען... ער גייט איצט צוריק אין הויז נישט ווייל ער האָט מורא... גאַר פּשוט: ער איז מיד... ער וועט אַרויפגיין צו זיך אין צימער און וועט טראַכטן פון דעם, וואָס דאַרף קומען...

— אַזאַ שטאַרקער איז אָט דער דזשאַן?

— איך ווייס נישט... דער זיידע זאָגט... ער קען באַ־פאַלן אַ מענטשן מיט רציחה...

טאַנין איז געווען אַ ביסל צעטומלט. עליזאַבעט האָט אים געקוקט אין פּנים אַריין. ביידע האָבן געשפּאַנט געלאַסן און טאַנין האָט געזאָגט:

— איך בין גענוג שטאַרק... דאַרפסט זיך נישט שרעקן, עליזאַבעט...

— איך... איך שרעק זיך נישט.

— איז גוט... אַזוי? פאַר אַ כּלה וויל ער דיך? אָט דער אייזל?

ביי זיך אין צימער איז טאַנין אַ ווײַלע געשטאַנען. געקוקט צום טיש מיט די פאַרשידענע שטאָפן און שטיקלעך שטיין. „איך פאַרנאַכלעסיק לעצטנס מיינע עקספּערימענטן..." אָבער די מידקייט שווערט אַראָפּ די אויגנדעקלעך. איז וואָס זשע? זאָל פריער פאַרטיק ווערן דאָס הויז... אין לאַבאָראַ־טאָריע וועט די אַרבעט גאָר אַנדערש אָוועק... וואָס האָט ער דאָ קיין צייט נישט מיט די עקספּערימענטן?

ער האָט זיך געלייגט. געפילט: זיין אייגענער שמייכל גלעט אים דאָס פּנים און די אויגן. געלעגן אַ ווײַלע מיט אָפענע אויגן און געקוקט אין עליזאַבעטס צעליכטיקט פּנים. האָט געוואוסט: עס וועט קומען דאָס, אויף וואָס ער וואַרט.

ער האָט פֿאַרמאַכט די אויגן. אַליין נישט געוואוסט ווען ער איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן. איז געשלאָפֿן די גאַנצע נאַכט מיט געזונטן שלאָף. אינדערפֿרי — זיך אויפֿגעכאַפּט מיט פֿרייד אין האַרצן און מיט ענערגיע, וואָס האָט געריזלט אין אַלע גלידער. האָט ער זיך אָנגעטאָן, אונטערזינגענדיק שטיל; און שפּעטער — אַוועק צום נייעם הויז דערוואַרטן די אַרבעטער...

• •
•

אַ טאָג פֿאַר „קריסטמעס" איז טאַנין געפֿאָרן אין שטאָט אַריין. דאָס הויז איז שוין געווען כּמעט אינגאַנצן פֿאַרטיק, און ער האָט זיך געדאַרפֿט צוגרייטן צו דער ווייטערדיקער אַרבעט; באַקומען אַ „מאָרטגעדזש" אויפֿן הויז; אַ הלוואה אין באַנק, איינצוקויפֿן שנייד־מאַשינען, און טאַקע זיך אַרומקוקן וועגן די מאַשינען. ער האָט אויך אין זינען געהאַט צו קויפֿן אַ ביסל מעבל פֿאַרן הויז און דאָס אַרויסשיקן. און נאָך: אין די „קריסטמעס"־טעג זענען די „ביזנעס" אָפּגעשטעלט אין שטאָט און עס קענען נאָך צו אים אַרויסקומען געסט...

אַרויסגעפֿאָרן איז ער אינדערפֿרי. דער טאָג איז געווען אַ טרוקענער, אַ קאַלטער. די מאַשין איז געלאָפֿן שנעל און גלאַט. דער וועג איז געווען כּמעט ליידיק און ער איז אָנגעקומען אין שטאָט פֿאַר האַלבן טאָג. ער איז גלייך צוגעפֿאָרן צום „ריעל עסטייט"־אָפֿיס, דורך וועלכן ער האָט געזאָלט באַקומען דעם „מאָרטגעדזש". דאָרט האָט ער פֿאַרבראַכט אַ שטיקל צייט: אַרומגערעדט די תּנאָים, אונטערגעשריבן פּאַפּירן. דערנאָך איז ער אַוועק עסן „דינער". נאָך „דינער" איז ער אַוועק אין באַנק און פֿון דאָרט—זיך דורכצורעדן וועגן די שנייד־מאַשינען. אַזוי איז דער טאָג אַוועק. סאַמאַן האָט ער נישט אָפּגערופֿן

און נישט געלאָזט וויסן, אַז ער איז אין שטאָט. ס׳איז אים פּשוט נישט איינגעפאַלן איר אָפּצורופן.

ערשט פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען אין זיין דירה און סאָפאַן אינדערהיים נישט געטראָפן, איז ער דורכגעגאַנגען די צימערן, געפילט אומהיימלעכקייט אין זיי; ס׳איז דאָרט געווען ריח פון נישט-באַוואוינטקייט. ווי די איינוואוינער פון דער דירה וואָלטן לאַנג שוין געהאַט אַוועק און זענען נאָכ-נישט צוריקגעקומען. דאַן האָט ער זיך דערמאָנט: ער האָט דאָך סאָפאַן געקענט אָפּרופן אין „סטאָר”? פאַרוואָס זשע האָט ער דאָס נישט געטאָן? האַ?

הינטער די פענסטער איז דער פאַרנאַכט געשטאַנען אַ פאַרגולדמטער מיט שטייענדיקע, טונקעלע אויגן. די צימערן זע-נען געווען אָן אָטעם. האָט ער אַרויסגעדרייט די עלעקטרי אין עס-צימער, זיך אויסגעצויגן אויף דער קושעטקע, וואָס איז דאָרט געשטאַנען; געפילט, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ האָטעל און זיך דערמאָנט:

די לעצטע צייטן איז סאָפאַ פאַרענדערט; זי רעדט נישט בייז, ווייזט נישט אַרויס קיין כּעס. נאָר אין איר שווייגן איז פאַראַן אַזאַ פאַרשפּיצטקייט, וואָס שרייט אַזוי משונה... זי קוקט אויף אים, און עס זעט אויס, אַז זי זעט אים נישט. אין איר איז רויקע פאַרביסנקייט: אדרבה, לאָמיך זען, וואָס עס וועט ווערן פון דעם... זי זעט כּסדר אויס, ווי זי וואָלט געלאָקערט אויף עפּעס... זי האַלט זיך ווייט פון אים, ווי ער פון איר. נאָר דווקא אָן כּעס. עס טוט אים הנאה און עס שרעקט אים: עפּעס האָט זי דאָך פאַרטראַכט... פאַרוואָס זשע האָט ער איר נישט אָפּגערופן?

ער איז אַזוי געלעגן און געטראַכט, ביז ער האָט דער-הערט, ווי אַ טיר האָט זיך אונטן געעפנט. דערנאָך האָבן זיך געלאַסענע, מידע טריט צעקרעכצט איבער די טרעפּ. דאָס גייט זי... די טריט זענען שווערע... ער האָט געפילט: זיין געמיט ווערט פאַרגליווערט. זיין פּנים איז געווען אַזוי — ווי אַרום

אים וואָלט געוואָרן אַ שטאַרקער טומל און דאָס שטערט אים צו טראַכטן...

סאָפּאַ איז אַריינגעקומען, געבליבן שטיין ביי דער טיר. אין די הענט האָט זי געהאַלטן קליינע פּעקלעך. די אויגן זע־נען איר געוואָרן צעשראָקן־פאַרוואונדערט און בייז. זי האָט אויסגעזען אַזוי, ווי זי וואָלט צוגעקומען צום באַן גרייט צו פאָרן און דערזען: די באַן איז נאָר־וואָס אַוועק.

טאַנין האָט זיך אויפגעזעצט:

- העלאָ, סאָפּאַ!

קעגן זיין ווילן, איז זיין קול אַרויסגעקומען האַרט און פרעמד.

זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף אים. פון פּנים האָט דאָס בלוט געהאַט אויסגערונען. די ליפּן זענען געבליבן צוזאַ־מענגעקלעפּט. די בייזקייט האָט אויפגעקאָכט אין די אויגן, נאָר געבליבן איז זי שטיל:

— העלאָ... ביזט שוין לאַנג דאָ?

— נישט לאַנג... מיט אַ שעה צוריק בין איך געקומען.

— אויף „קריסטמעס” געקומען?

זי האָט אַוועקגעלייגט די פּעקלעך אויפן טיש. די בייז־קייט, וואָס האָט געהאַט אַ זיד־געטאָן אין די אויגן, האָט זיך אַריינגעגאָסן אין לייב.

— „קריסטמעס” אַרבעט מען נישט...

זי האָט זיך צעקנעפּלט דעם מאַנטל. האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה: זאָל זי זאָגן, אָדער נישט... האָט זייער רויק געזאָגט:

— ביזטו, הייסט עס, געקומען, כדי איך זאָל צו דיר נישט קומען? איך פאַרשטיי...

ער האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן:

— וואָס פאַרשטייסטו? איך בין געקומען, ווייל איך האָב אַ סך זאַכן צו דערליידיקן אין שטאָט

— צו דערליידיקן? נו, יאָ...

זי האָט געשמייכלט. איר שמייכל איז געווען אָנגעטרונ־קען מיט ביטערקייט:

— האָסט מורא געהאַט, טאָמער קום איך אַרויסצופאָרן? האַ?

זי האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. פון איר שמייכל האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ און זיינע ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן:

— זאָל זיין... נו, איז וואָס?

— מורא געהאַט, איך זאָל נישט שטערן?

און אַלץ אַזוי געשמייכלט. אין אים האָט עס אַ קאָך געטאָן:

— דריי מיר נישט קיין קאָפּ!

— אַנטשולדיק... איך וויל דיר אָבער זאָגן: האָסט גע־האַט אַ טעות.

— וואָס מיינסטו: אַ טעות?

— איך האָב אַפילו נישט געהאַט בדעה צו פאָרן... אומזיסט זיך מטריח געווען.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט; האָט שוין מער נישט גע־שמייכלט; האָט צונויפגענומען די פּעקלעך און מיט שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ אַוועק צו זיך אין צימער אַריין.

טאַנין איז געבליבן צעטומלט. וואָס אייגנטלעך האָט זי צו אים? און זי? זי דאַרף אים דען? ס׳איז נישט אמת... נישט זי דאַרף אים און נישט ער דאַרף זי... איז וואָס זשע וויל זי? האַ?

אַ פּאָר מאָל האָט ער דורכגעשפּאַנט דאָס צימער. האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט: וואָס טוט זי דאָרט ביי זיך אין צימער? זי האָט זיך זיכער געקליבן צו פאָרן... דער־פאַר איז זי געקומען אַהיים שפּעט און מיט פּעקלעך... איצט וויינט זי שטיל ביי זיך אין צימער. פאַרוואָס זשע האָט ער גערעדט אַזוי בייז און האַרט? ער האָט דאָך געקענט רעדן אַ ביסל ווייכער... ער האָט נישט געוואוסט אויף וועמען ס׳איז זיין רחמנות; אויף סאָפּאַן, וואָס איז אַנטוישט און דערשלאָגן?

אָדער אויף זיך אַליין, וואָס ער דאַרף אויסשטיין פון איר דערשלאָגנקייט?..

שפּעטער איז סאָפאַ אַרויסגעקומען פון איר צימער. אויף איר איז נישט געווען קיין סימן פון דערשלאָגנקייט. זי איז אַרויסגעקומען אַ גלייכע, אַ שטאָלצע, מיט שטילער פאַרביסנקייט. ער האָט באַמערקט: איר פּנים איז לויטערער, פריש געפּודערט; און די ליפּן זענען איר צוגערויטלט. די האָר זענען שוואַרץ און גלאַנציק. זי איז אָנגעטאָן אין אַ נייעם מאַנטל... זייער אַ פיינער מאַנטל... אין האַנט האַלט זי אַ היטעלע. דאַכט זיך: אויך אַ נייס.

און פּונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט; און פּונקט ווי ער וואָלט געווען בלויז אַ באַקאַנטער, האָט זי געפרעגט:

— געקומען אויף לאַנג?

— אויף עטלעכע טעג.

ער האָט באַקומען אַ פּנים פון אַ פאַרנומענעם מענטשן. ער האָט גערעדט רויק: ער דאַרף קריגן אַ „מאָרטגעדזש"... באַקומען אַ הלוואה... דאַרף זיך אַרומקוקן וועגן מעבל... זי האָט אויסגעהערט, האָט דערווייל אָנגעטאָן דאָס היטעלע און געזאָגט:

— „אָלרייט".

— דו גייסט אַראָפּ איצט?

— יאָ.

זי איז אַראָפּ. ער האָט זיך דערפילט גרינגער פון דעם, וואָס זי איז שטאָלץ און פאַרביסן. נאָר עפּעס האָט אים גע-שראָקן: זי האָט עפּעס פאַרטראַכט... וואָס אַזוינס האָט זי גע-קענט פאַרטראַכטן? נאַרישקייטן... זי איז פּשוט ברוגז... דאָס איז פיין... אַדרבה, זאָל זי זיין ברוגז... זאָל זי...

עטלעכע טעג האָט טאַנין פאַרבראַכט אין שטאָט און בסדר אין זינען געהאַט אָנצוהאַלטן דעם ברוגז... סאָפאַ האָט גאָרנישט געטאָן, דעם ברוגז צו מילדערן... זיי האָבן זיך אויס-געמיטן. האָבן כמעט נישט גערעדט. גאַנצע טעג איז טאַנין געווען פאַרנומען, און אינאָוונט, ווען ער איז אַהיימגעקומען און

געטראָפן סאָפּאַן אין הויז, האָט זי ביי אים גאָרנישט געפרעגט, און ער האָט איר גאָרנישט דערציילט. זי איז דווקא געווען רויק און ער האָט כסדר געהאַט אַ בייז פּנים, ווי ער וואָלט געווען באַליידיקט. סאָפּאַ האָט עס נישט באַמערקט, כאָטש זי האָט עס גוט געזען. פאַרקערט, איר האָט הנאה געטאָן זיין בייזקייט.

זי האָט בלויז געפרעגט:

— ווילסט עסן?

— ניין.

— האָסט שוין דען געגעסן?

— שוין געגעסן.

ער האָט געענטפערט אָפּגעהאַקט, אונטערגעשטראָכן זיין בייזקייט, נאָר סאָפּאַ האָט רויק געזאָגט:

— „אָלרייט"...

דערנאָך האָט זי זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל מיטן היטעלע און איז אַוועק פון שטוב. צוריקגעקומען איז זי — ווען ער איז שוין געשלאָפן, אָדער זיך געמאַכט שלאָפנדיק. ווען זי איז אויפגעשטאַנען אינדערפרי — איז ער שוין אין הויז נישט געווען.

און אַזוי איז ער אַוועקגעפאָרן און זיך אַפילו נישט גע־זעגנט. ער האָט בלויז פון גאַס טעלעפאָנירט אין „מולבערי־שאַפּ"; געענטפערט האָט אים אַ מיידל, וואָס האָט דאָרט גע־אַרבעט. ער האָט נישט געבעטן צושיקן סאָפּאַן צום טעלעפאָן. ער האָט בלויז געהייסן איר איבערגעבן, אַז ער האָט אָפּגערופן און געזאָגט, אַז ער פאָרט אַוועק...

* *
*

ווען טאַנין איז צוריקגעקומען אין די בערג און זיך אָפּ־געשטעלט פאַר מיסטער ווילסעס הויז, איז עליזאַבעט דאָסמאָל נישט אַרויסגעלאָפן אים אַנטקעגן. ער האָט געוואַרט אַ ווײַלע, אים האָט עס פאַרוואונדערט. דערנאָך איז ער אַרײַן אין הויז. אין פראָנט־צימער האָט ער איר דערזען. דער אַלטער איז דאָרט געזעסן אויף אַ וויג־שטול און אַלץ געהאַט פאַרשנדע אויגן.

— העלאָ, עליזאַבעט! העלאָ, מיסטער ווילס!

עליזאַבעט האָט אים באַגעגנט אַ שטילע; אָן אויסגעשריי און אָן פרייד. זי איז געווען צערודערט און בלייכקייט איז געווען אין איר געזיכט.

— וואָס מאַכט עליזאַבעט?

— אַ דאַנק... איך בין „אָלרייט".

— עפּעס זעט איר אויס נישט פריילעך?

— נישט פריילעך?

זי האָט אים נישט געקוקט אין פּנים אַרײַן.

— עס האָט עפּעס פּאַסירט, עליזאַבעט?

— פּאַסירט? עס האָט גאָרנישט פּאַסירט...

זי האָט זיך באַמיט צו שמייכלען, נאָר דער שמייכל איז געווען אַזאַ דינער, אַזאַ בלאַסער...

— וואָס הערט זיך אין שטאָט?

דאָס האָט דער אַלטער געפרעגט.

— וואָס זאָל זיך הערן?

דער אַלטער האָט זיך גענומען אויספרעגן אויף דער שטאָט און עליזאַבעט איז דערווײַל אַרויס פון פראָנט־צימער.

טאַנין איז געזעסן לעבן אַלטן. האָט גערעדט און דער־ציילט; וועגן „מאָרטגעדזש", וואָס ער האָט גענומען; וועגן דער הלוואה, וואָס ער וועט קריגן. דערבײַ אַלץ געטראַכט: וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט מיט עליזאַבעטן? עפּעס איז דאָך

פֿאַרגעקומען מיט איר... זי איז דאָך גאַרנישט דיזעלבע... ער האָט איבערגעריסן זיין שמועס מיטן אַלטן:

— איר וועט מיר מוזן מוחל זיין... איך וויל זיך אָרומוואַשן.

— „אָלרייט"... ביטע...

עליזאַבעט איז ווידער אַריינגעקומען. ער איז שוין געשטאַנען גרייט אַרויסצוגיין אין קאָרידאָר. זי איז אַלץ געווען צערודערט. אירע באַוועגונגען האָבן געגליוועט. זי האָט אויסגעשטעלט אויף אים שטילע אויגן, וואָס זענען געווען אָנגעגאָסן מיט גוטסקייט און ווייטיק... איר פּנים איז געווען אַזוי, ווי זי וואָלט זיך געגרייט אויסצושטרעקן צו אים די הענט און געבעטן... דער אַלטער איז אָבער געזעסן אויף זיין אָרט און טאַנין איז אַרויס אין קאָרידאָר.

ער איז מיט געלאַסענע טריט אַרויף אויבן. איז אַריין צו זיך אין צימער, שטיין געבליבן און שטיל אונטערגעקרעכצט: וואָס איז געשען מיט איר פּאַר די פּאָר טעג, וואָס ער איז דאָ נישט געווען? זאָל דער אַלטער עפּעס האָבן גערעדט מיט איר? האַ? איז וואָס זשע אַזוינס האָט ער מיט איר גערעדט? דאָס האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט. ער האָט זיך געוואַשן, זיך לאַנג געווישט מיטן האַנטוך, און זיין פּנים איז געווען אויסגעצויגן און בלייך. די אויגן זענען געשטאַנען קיילעכדיקע, נאַכטיקע: וואָס זאָל עס באַטייטן?

ער איז געבליבן ביי זיך אין צימער. דער אָוונט איז צוגעפאַלן אַ געדיכטער, שווער-שווייגנדיקער. ערגעץ איבערן הימל האָבן געקרעכצט פּעטע וואָלקן. עס וועט געוויס אויספאַלן אַ שניי, זיין ריח איז שוין פאַראַן אין צימער... זי וועט דאָך אַריינקומען... האַ? ער האָט געוואַרט מיט עקשנות און הייסער אומגעדולד.

ס'איז שוין געווען כמעט פינסטער אין צימער, ווען ער האָט דערהערט, ווי די טיר עפנט זיך לאַנגזאַם. ער האָט זיך ראַש אויסגעדרייט. עליזאַבעט האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל.

— עליזאַבעט!

ער איז אויפגעשפרונגען:

— וואָס איז געשען?

דאָס מיידל האָט געשוויגן. דער קאָפּ איז איר געווען אַ ביסל געבויגן. זי האָט בלויז אויפגעהויבן די אויגן. איצט זענען זיי געווען פול מיט ווייכקייט און געבעט.

— עליזאַבעט! אויף מיר בייז? האַ?

זי האָט לייכט אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן. אויפגעבלייכט דעם קאָפּ:

— בייז? פאַרוואָס דען?

— זענט איר נישט בייז? האַ?

— זאָל גאָט היטן.

— וואָס זשע דען? עפּעס איז דאָך?

אַ ווײַלע נאָך האָט זי געשוויגן. דערנאָך שטיל געזאָגט:

— ער האָט זיך צוגעטשעפּעט... ס'איז נישט אָפּצוטשעפּען זיך פון אים.

— פון דזשאַנען?

— נו, יאָ...

— ער איז ווידער געווען דאָ?

ער האָט מיך אָפּגעוואַרט אינדרויסן.

— ווען איז עס געווען?

— נעכטן... איך האָב זיך דורכשפּאַצירט, איז ער מיר אַנטקעגנגעקומען.

— איז וואָס?

טאַנין האָט געזען, ווי עליזאַבעט האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט נישט פאַרשטאַנען:

— ווען אַרט עס? ער וועט זיך אַזוי לאַנג טשעפּען, ביז ער וועט זיך אָפּטשעפּען.

— ער האָט אַ גיפטיקע צונג, אָט דער דזשאַן...

— וואָס זשע? ער האָט דיך באַליידיקט? האַ?

עליזאַבעט האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט שווער אַ שלונג געטאָן און אַ טרער האָט זיך צעגאָסן איבער די אויגן:

— ער האָט גערעדט בייזע רייד... גראָבע רייד... ער האָט געסטראַשעט...

— ווער האָט דען פאַר אים מורא?

טאַנין האָט באַקומען אַ בייז פּנים. האָט צוזאַמענגע־קנייטשט די ברעמען, געשוויגן אַ ווײַלע און אַלץ נישט פאַר־שטאַנען:

— וואָס זשע איז זיך דאָ פאַראַן צו שרעקן?

— איך ווייס אַליין נישט... נאָר זײַן צונג! ווער ווייסט, וואָס ער קען אַלץ אָנרעדן?

— אָנרעדן?

— ער איז אַ פאַרביסענער יונג.

— אָבער ווער מען קען דאָס אָרן? צו וואָס זיך צוהערן צו זײַנע רייד?

— ער האָט מיר וויי געטאָן.

— נאַרישקייטן! דעם יונגס רייד און דאָס בילן פון אַ הונט — איז פּונקט דאָסזעלבע.

— „דעטסרייט" — האָט זי אונטערגעכאַפּט.

— נאַריש קינד...

זײַן האַנט איז געפאַלן אויף איר אַקסל. זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— טאַקע נאַריש.

און זי האָט געגעבן אַ שפּאַר־צו איר פּנים צו זײַן ברוסט. זײַן האַנט האָט אַ גלעט געטאָן איר פּלייצע:

— און איך האָב געמיינט: עפּעס בין איך שולדיק...

— אָ... ניין! ווי קען דאָס זײַן?

זי האָט צוגענומען איר פּנים פון זײַן ברוסט:

— קומט עסן... „סאַפּער״ איז גרייט... איך בין דאָך גע-
באַנגען אייך אַראָפּרופן...

— איך גיי.

אין קאָרידאָר האָט ער געזאָגט:

— נאַריש, ליב קינד! פון וואָס מען נעמט זיך עס צום
האַרצן? ווער הערט זיך עס צו צו די רייד פון עפּעס אַ
„ברוט״?

עליזאַבעט האָט אויפגעלאַכט:

— כ׳פאַרשטיי טאַקע נישט...

און די פרייד האָט צוריק אויפגעזונגען אין איר.

---

## קאַפּיטל זיבן

די מאַשין האָט זיך רעגלמעסיק געגליטשט איבערן וועג און דער ווינט האָט געצויגן קוויטשערייען אויף צוריק. דער שניי, וואָס איז נעכטן, ערב ניי־יאָר, אויסגעפאַלן, איז איצט געלעגן אַ דינע, טרוקענע שיכט איבער פעלד און וועג. געלעגן שטאַרק שטיל, ווי ער וואָלט אַ מידער אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. איבער הימל האָבן זיך גע־שטופּט העלע שטיקער כמאַרע, זיך געשטופּט איינס אין אַנ־דערן, און טאַנין איז געזעסן ביים רעדל אַ שיינענדיקער מיט יום־טוב־געמיט אין לייב. ס'איז גוט צו אָטעמען פריש־קייט פון שניי; ס'איז גוט, וואָס עליזאַבעט זיצט האַרט לעבן אים און פון איר שלאָגט דער ריח פון צייטיקן ווייץ. און ס'איז זייער גוט, וואָס דער אַלטער ווילס גייט נישט אין „טשווירטש"... אַ „קריסטמעס"־בוים שטייט טאַקע אין הויז; ער שטייט אין פּראָנט־צימער ביים פענסטער, איז באַהאָנגען מיט פאַרשידנפאַרביקע עלעקטרישע לעמפּלעך. נעכטן ביינאַכט האָבן זיי אַלע געברענט און געוואונקען מיט טונקל־בלאָע, רויטע, געלע און גרינע אויגן דורכן פענסטער. אָבער אין „טשווירטש" גייט ער נישט... אָט איז היינט ניי־יאָר און: —

— וואָס זשע? איר גייט גאָרנישט אין „טשווירטש"?

אַזוי האָט ער היינט פאַר „דינער" געפרעגט ביים אַלטן. אין שטוב האָט עס געשמעקט מיט יום־טוב. מאָדנע: טאַנין

האָט דערפילט דעם ריח פון פסח ביי זיי אינדערהיים אין קליינעם שטעטל.

דער אַלטער האָט געענטפערט:

— ניין... וואָלט דאָ געווען אַ „טשוירטש", איז אפשר... אָבער פאָרן אין שטעטל אַריין?

— ס'איז דען אַזוי ווייט?

— ביי מיר איז יום-טוב, אַז איך זיץ אין הויז...

דער אַלטער האָט זיך אַפילו צעשמייכלט.

ס'איז זייער גוט, וואָס דער אַלטער גייט נישט אין „טשוירטש"... וואָס אייגנטלעך איז אים דער אונטערשיד? ס'איז אים יאָ אַן אונטערשיד... ער האָט אויסגעקערעוועט די אויגן צו עליזאַבעטס פנים. זי איז געזעסן שטיל. די באַקן זענען איר געווען פאַרפלאַמט און דער מאַנטל איז געווען צעעפנט אַ ביסל, אַזוי, אַז עס האָט זיך אַרויסגעזען איר קלאָרער האַלדז. זי האָט דערפילט טאַנינס בליק, האָט אויך אויסגעקערעוועט צו אים אירע אויגן, האָט זיך לייכט צעשמייכלט.

— עליזאַבעט.

און ער האָט אָפּגעהאַקט. נישט געוואוסט וויאַזוי עס צו פרעגן, אָבער עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ טוליע-צו צו אים מיט איר אַקסל:

— וואָס איז?

— עליזאַבעט וועט מיר אַנטשולדיקן... איך וויל פרעגן — — —

— וואָס אַזוינס, דזשעק?

— עליזאַבעט... טראָגסט אַ צלם?

אירע אויגן האָבן זיך אַ גליטש געטאָן איבער אייגענעם דעקאָלטע. זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— ניין... אַמאָל האָב איך געטראָגן... נאָר — — —

— נאָר? — האָט ער איבערגעפרעגט.

געוואָלט האָט זי זאָגן: „נאָר זינט איך בין געווען אין שטאָט", אָבער געזאָגט האָט זי:

— נאָר די לעצטע פּאָר יאָר טראָג איך נישט.

— דו גלייבסט אין גאָט?

אַ ווײַלע האָט זי געקוקט אויף אים מיט פאַרבלאָנדזשע־טע אויגן; האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט איצט צום ערשטן מאָל אַ טראַכט געטאָן דערפון. זי האָט געזאָגט אַ ביסל פאַר־שעמט:

— קיינמאָל נישט געטראַכט פון דעם... איך ווייס נישט.

— נאָר קיין צלם טראָגסטו נישט?

— ניין...

און מיטביידע הענט געגעבן אַ צענעם איר מאַנטל, אים באַוויזן אַ לויטערן דעקאָלט:

— איך טראָג נישט.

— נעם צונויף דעם מאַנטל, עליזאַבעט... ס'איז קאַלט.

ער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ געטרייִשאַפט, אַז עליזאַ־בעט האָט מיט ביידע הענט געגעבן אַ כאַפּ־אָן זיין רעכטן אָרעם, האָט זיך געגעבן אַ בייג־צו צו אים און די ווייסע ציין האָבן געלאַכט אָן קול. גלייך אָפּגעלאָזט זיין אָרעם און צונויפגענומען דעם מאַנטל.

דאָ האָט טאַנין זיך געגעבן אַ בייג־צו צום רעדל, האָט ראַפּטעם געגעבן אַ טרעט־אָן אויף די „געז", און די מאַשין האָט זיך אַ ריס־געטאָן מיט אימפּעט, זיך אַוועקגעטראָגן און געצויגן דעם וועג אין זיך אַריין. טאַנין האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, און דער ווינט האָט דאָס געשריי גלייך אַוועקגעכאַפּט. עליזאַבעטס אויגן האָבן געלויכטן, ווי שטיקער בלענדנדע זון.

אין שטעטל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף דער הויפּט־גאַס, נישט ווייט פון „מוווי"־הויז, און זענען אַרויס פון דער מאַשין.

די גאַס איז געלעגן אַ שטילע, אַ יום־טובדיקע. די קראָמען זענען געשטאַנען שווייגנדיקע, פאַרמאַכטע, נאָר אין די פענסטער האָבן געברענט די לעמפּלעך אויף די „קריסטמעס"־ביימער. די טראָטואַרן זענען געלעגן ריינע, טרוקענע. אויף די ראָגן זענען געשטאַנען יונגען מיט מיידלעך, האָבן זיך גע־

חכמהט און געלאַכט. קיין שפּאַצירנדע האָט מען נישט געזען. עס איז אויסגעקומען: דאָס שטעטל שלאָפט. ווידער האָט טאַנין געפילט דעם ריח פון יום־טוב אין זיין געבוירט־שטעטל.

ער האָט אַלץ געשמייכלט. זיינע גלידער זענען געווען שטייף. ער האָט געפירט עליזאַבעטן אונטערן אָרעם, נאָר אין עליזאַבעטס פּנים איז געווען פאַרבאָרגענע שרעק; זי האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן, ווי זי וואָלט דערוואַרט עפּעס אומאָנגענעמעס.

— וואָס איז, עליזאַבעט?

— וואָס זאָל זיין?

— עפּעס צערודערט?

— ניין...

זיי זענען אריין אין „מוווי"-הויז. ביים אַריינקומען איז זיי דאָרט געווען אַזוי פינסטער, אַז זיי האָבן גאָרנישט געקענט זען. מען האָט בלויז געפילט: אין הויז זענען פאַראַן אַ סך מענטשן; עפּעס אַן אַנטציקונג כוואַליעט איבערן הויז. אָט ברעכט־אויס אַ געלעכטער: אויפן לייוונט שטייט אַ פּאַרשוין און דאָס גאַנצע פּנים זיינס איז באַדעקט מיט אַ שטיק „פּאַי".

— לאָמיר זיך זעצן גלייך דאָ!

אַזוי האָט טאַנין געזאָגט און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף איינע פון די ערשטע רייען שטולן נאָענט צום אַריינגאַנג.

וואָס איז דער אונטערשיד, וואָס מען ווייזט אויף דער לייוונט? - נישט טאַנין, נישט עליזאַבעט האָבן פאַרשטאַנען, וואָס אויף דער לייוונט טוט זיך. מען האַלט דאָרט אין איין לויפן... שטיקער „פּאַי" פליען און קלאַפּן אין פּנימער... איינער פאַלט איבערן אַנדערן... דאָס טעאַטער שטורעמט אַלע ווײַלע אויף מיט געלעכטער. אויך טאַנין לאַכט; עליזאַבעט לאַכט. זיי ווייסן אַליין נישט, ווען זייערע פינגער פון די הענט האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן. זייערע קעפּ זענען געבויגן איינער צום

אנדערן. טאַנין טרינקט דעם ריח פון אירע האָר, און זי פילט: זיין אָטעם גליעט איר באַק און האַלדז.

מיטאַמאָל איז ליכטיק געוואָרן. זיי האָבן זיך אויסגע־גלייכט אין די שטולן. מענטשן שטייען אויף פון די בענקלעך. טריט שאַרן געדיכט. מען שפּאַנט אַרויס מיט צופרידנקייט...

עליזאַבעט דערהערט:

— אָט איז זי דאָך...

זי האָט אַ ציטער געטאָן. האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן, פונקט ווי זי וואָלט נישט געהערט. דער שמייכל אויף איר פּנים איז געוואָרן פאַרפרוירן. טאַנין האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און האָט אים דערזען. ס׳איז געווען דער רויטער דזשאָן. זיין פּנים איז געווען האַרט, ווי אויך די הויט וואָלט געווען ביין. טאַנין זעט: אַ צווייטער יונג האָטביידע הענט אָנגעשפּאַרט אָן דזשאָנס אַקסלען און שטופּט אים צום אַרויס־גאַנג.

אַ? וואָס האָט ער דאָרט געזאָגט? טאַנין האָט דערפילט: שטילע היץ האָט צוגעשלאָגן צו זיין קאָפּ. דאָס האַרץ האָט אויפגעציטערט פון כּעס. ער ברענגט צוריק די אויגן צו עליזאַבעטן:

— עליזאַבעט...

— וואָס?

ווי זי וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף. אירע אויגן זענען ווידער פול מיט ווייטיק און מיט געבעט.

— עליזאַבעט שרעקט זיך?

זי שלינגט שווער אַראָפּ, ווי איר וואָלט אויסגעפעלט אָטעם:

— ס׳איז געווען ער? דזשאָן?

— יאָ... איז וואָס?

עליזאַבעט שווייגט. קוקט אַלץ אויף טאַניצן, און ער זעט, זי איז בלייך געוואָרן. זי איז צעטומלט:

— ער איז שוין אַוועק?

— און אַז ער איז נישט אַוועק, איז וואָס?
— ער האָט אַ גיפּטיקע צונג.
— און וואו בין איך? איך בין דאָ!

ער האָט עס אַרויסגערעדט מיט אַזאַ פעסטקייט, אַז עליזאַבעט האָט ווידער אָנגעהויבן שמייכלען. נאָר די שרעק טרעט אַלץ נישט אָפּ פון אירע אויגן און פון געעפנטן מויל.

עס איז דערווייל געוואָרן צוריק פינסטער. עליזאַבעט האָט זיך צוריק צוגעבויגן צו אים, נאָר אין איצטיקן צובייגן זיך איז געווען עפּעס אַזוינס, פון וועלכן טאַנין האָט געפילט: זי זוכט שוץ ביי אים. ער האָט גענומען איר האַנט אין זיינער:

— איך בין דאָ, עליזאַבעט... זאָל ער נאָר פּרובירן אָנ־הייבן...

זי האָט געשוויגן. נאָר אין איר איז געווען ציטער. טאַנין האָט געטראַכט: וואָס האָט זי אַזוי מורא פאַר אים? וואָס באַטייט די שרעק אין איר? ער האָט געגלעט איר האַנט. האָט אַפילו איינמאָל צוגעלייגט זיין פּנים צו אירן:

— ער איז שוין אַוועק...
— ער קען אונז אָפּוואַרטן אינדרויסן.
— אַזוי? זאָל ער...

אין טאַנינען האָט זיך צעברענט הייסער ווילן אים צו טרעפן. וואָס וועט זיין, אַז ער וועט אים טרעפן? וועט ער אים איצט טרעפן, וועט עליזאַבעט מער נישט דאַרפן מורא האָבן... אין אים איז געוואַקסן די אומגעדולד: אַרויסגיין גלייך און זיך טרעפן מיט אים. זאָל עליזאַבעט זען, אַז ס'איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן... ער האָט געקוקט אויף דער לייוונט, געזען: מענטשן באַוועגן זיך... לאַכן, טאַנצן... ברעכן זיך די הענט און וואַליען אַרויס גרויסע, דערשטוינטע אויגן... אויגן זענען אָנגעגאָסן מיט פינצטערע שרעק ביז צום צע־פּלאַצן... וואָס עס קומט פאַר, האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— עליזאַבעט, אפשר זאָלן מיר שוין אַרויסגיין?
— לאָמיר וואַרטן ביז די „פּיקטשור" וועט זיך ענדיקן.

ער ווייסט: אויב עליזאַבעט פאָלגט נישט נאָך דאָס, וואָס עס קומט פאַר אויף דער לייוונט, פאַרוואָס זשע וויל זי נאָך וואַרטן? זי האָט מורא, טאָמער טרעפט מען אָן דזשאַנען אינ־דרויסן... אָבער ער וויל אים טרעפן... אַדרבה: וואָס וועט ער טאָן, אָט דער דזשאַן?

ענדלעך איז געוואָרן ליכטיק. טאַנין האָט זיך אויפגעשטעלט. זיין פנים איז געווען פאַרשטאַרט. ציין צו ציין האָבן זיך געדריקט. מאָדנע: ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, ווי דזשאַן האָט געזאָגט: „אָט איז זי...״

— גייען מיר?

עליזאַבעט האָט אויסגעשטעלט די אויגן אויף אים. אַלץ דיזעלבע אויגן... ער האָט איר געהאָלפן אָנטאָן דעם מאַנטל. איר גענומען אונטערן אָרעם. זיין האַנט איז צוגעוואַקסן צו אירער. האָט געאָטעמט הייס, און עליזאַבעט האָט געשוויגן.

ס'איז נאָך געווען ליכטיק, ווען זיי זענען אַרויס פון „מוווי״-הויז. עליזאַבעטס טריט האָבן זיך ווי אָנגעשלאָגן אָן עפעס. טאַנין האָט גלייך דערזען: נישט ווייט פון אַרויסגאַנג שטייט דזשאַן. ער שטייט אַ פעסטגעבויטער, אַ צעפעסטער. אַרום אים — שטייען עטלעכע יונגען, און אַלעמענס אויגן זענען צעבערענט פון נייגער. דזשאַן רויכערט אַ „סיגאַרעט״. ער יאָגט שטאַרק דעם רויך דורך די נאָזלעכער... אַז ער האָט זיי דערזען, האָט ער זיך אַ וויג-געטאָן; געקלערט צו מאַכן אַ פאָר טריט אַנטקעגן זיי, נאָר זעענדיק, אַז זיי גייען אין דער ריכטונג, וואו ער שטייט, איז ער געבליבן אויף זיין אָרט.

איצט האָט טאַנין נישט געקוקט עליזאַבעטן אין פנים אַריין. ער האָט פעסט געהאַלטן איר אָרעם, און זיינע אויגן, וואָס האָבן איצט אויסגעזען, ווי גרוי שטאָל, זענען געווען איינגעשטאָכן אין דזשאַנען...

דזשאַן האָט מיט אַ שפיי אַרויסגעוואָרפן דעם סיגאַרעט פון צווישן די ליפן און אַרויסגעכריפעט.

— אָט איז זי... מיט דעם נייעם!

טאַנין האָט זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט:

— וואָס איז? וואָס כריפּעסטו?

עליזאַבעט איז געבליבן, ווי פאַרשטיינערט. זי האָט גע-וואָלט זאָגן טאַנינען, מען זאָל אַוועקגיין, נאָר די ווערטער זע-נען געבליבן פאַרשטעקט אין האַלדז.

דזשאַן האָט אַ באַוועג-געטאָן די ברייטע אַקסלען. זיינע אויגן זענען געוואָרן קליין און שפּיציק, האָבן זיך צונויפגע-שלאָגן מיט טאַנינס האַרטן שטאָל... אַ ווײַלע האָבן די בליקן זיך געדריל־עוועט איינער אין אַנדערן. די אָטעמס האָבן געקאָכט, ווי זודיקע פּאַרע. די יונגען האָבן שטיל געריבן די הענט. געקוקט מיט צעברענטע אויגן.

— ווילסט וויסן, וואָס עס איז?

דזשאַן האָט משונה געשמייכלט. עס האָט אויסגעזען: שוים קאָכט אויף זיינע ליפּן. ער האָט טיפער אַראָפּגעזעצט דעם קאָפּ אין די אַקסלען אַריין:

— אָט וועל איך דיר דערציילן, „גאָד דעם שיני“...

האָט ווידער געשמייכלט מיט פינסטערקייט:

— פרעג איר! איז דער, מיט וועמען זי איז אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין, אויך געווען אַ „דזשו“? פרעג איר! זי וועט דיר זאָגן!

די יונגען האָבן זיך שטיל צעכיקעט.

— זי איז דאָך שוין געווען אין שטאָט... זיך אַרומגע-וואַלגערט מיט אַנדערע... און דו מיינסט, ביזט ביי איר דער ערשטער?

עליזאַבעט האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, זיך אַ בייג געטאָן, נאָר באַלד זיך אויסגעגלייכט.

טאַנין האָט אַ ציטער געטאָן. האָט אָפּגעלאָזט עליזאַבעטס אָרעם און אויסגעשריגן מיט געפּרעסט קול:

— הונט! פאַרמאַך דעם פּיסק!

דזשאַן האָט געמאַכט אַ טריט נאָענטער; געבליבן שטיין מיט זיכערקייט און געשיפּעט:

— דו... מיט וועמען האָט זי זיך שוין נישט אויסגעוואָלגערט?.. איצט כאַפּסטו די מציאה?.. דו... נאַרישער „שיני"...

טאַנינס האַנט האָט זיך אַ הייב געטאָן און מיטן גאַנצן כוח האָט ער אַ וואָרף געטאָן זיין פויסט. ס'האָט שווער אַ זעץ געטאָן אין דזשאַנס אונטערשטן טייל פּנים. ציינער האָבן זיך צעקלונגען. דער יונג האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, צעשטעלט די פיס און — טשאַך! אַ זעץ האָט אים אַ שלאָג געטאָן אונטערן רעכטן אויג — און ער איז געפאַלן אויף אַ קני.

צווישן די יונגען איז געוואָרן אַ טומל:

— פעסט!

— גוט דערלאַנגט!

— דזשאָן! וואָס שווייגסטו?

טאַנין האָט שווער געאָטעמט. געזען, ווי דער יונג שטעלט זיך אויף. אָטעמט מיט הייסער רציחה; געזען, ווי אונטערן אויג ליגט ביי אים טונקעלע בלאָקייט. דזשאַן האָט זיך גענומען פאַרמעסטן.

— דערלאַנג אים!

— לייג אים אַוועק!

נאָר דאָ האָט טאַנין אַ באַוועג געטאָן מיט דער האַנט— און אין האַנט האָט אַ גלאַנץ געטאָן אַ ווייסער רעוואָלווער:

— טרעט אָפּ, הונט!

דזשאַן האָט זיך צוריקגעבויגן. געבליבן שטיין, ווי פאַרגולמט. זיינע צעקאָכטע גלידער האָבן געפרוירן. די אויגן זענען געוואָרן גרעסער און דאָס מויל איז געשטאַנען אָפן...

— ווי אַ משוגענעם הונט וועל איך דיך דערשיסן!

גלייך אָנגענומען עליזאַבעטס אָרעם מיט דער אַנדערער האַנט:

— קום, עליזאַבעט.

און ער איז מיט איר אַוועק צו דער מאַשין...

— — — — — — — — — — — —

די מאַשין איז געלאָפן איבערן וועג. דער דרויסן האָט

געטונקלט. טאַנין האָט די גאַנצע צייט שווער געאָטעמט. גע־קוקט פאַר זיך. עליזאַבעט איז אַלץ געזעסן, ווי פאַרשטיינערט, ווי זי וואָלט אינגאַנצן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאָר־געקומען. אין האַרצן האָט ביטערקייט געשטויסן אין אַלע זייטן. מיטאַמאָל איז זי צו זיך געקומען... האָט אַלץ פאַרשטאַנען און טרערן האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן אין די אויגן אַריין... טאַ־נין האָט דערהערט אַ קרעכץ, דערזען די טרערן, האָט ער גלייך אָפּגעשטעלט די מאַשין:

— עליזאַבעט טייערע... וואָס טוט זיך מיט דיר?

דאָס מיידל האָט זיך צעוויינט.

— וויין נישט, עליזאַבעט!.. וויין נישט!

— איך האָב אָבער געוואוסט...

— וואָס האָסטו געוואוסט?

— ער האָט עס פריער געזאָגט... אַז... אַזוי וועט ער טאָן...

— ווער גלייבט אים דען? וואָס אַרט עס דיך, וואָס אַ הונט האַווקעט?

זי האָט אויסגעשטעלט אויף אים אירע וויינענדיקע אויגן:

— איך וועל דערציילן... איך וועל דעם גאַנצן אמת דערציילן...

— נישטאָ וואָס צו דערציילן!.. מען דאַרף גאָרנישט דערציילן... ווע מען אַרט עס, וואָס אַזאַ איינער פּלאַפּלט?.. עליזאַבעט טייערע... ליבע... מען דאַרף גאָרנישט דערציילן...

זיין רעכטע האַנט האָט איר אַרומגענומען. זי איז צו־געפאַלן מיטן פּנים צו זיין ברוסט. האָט געוויינט שטיל און טיף... ער האָט זי געטוליעט צו זיך:

— באַרויק זיך, קינד... מען דאַרף נישט וויינען... ליב קינד... מען דאַרף נישט... איך בעט דיך...

אירע הענט האָבן אָנגענומען זיין לינקע האַנט. זי גע־טוליעט צום פּנים. אירע ליפּן האָבן זיך וואַרעם געקלעפּט צו די פינגער זיינע. וויינענדיק האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט:

— ווי גוט דו ביזט...

— אָבער באַרויק זיך... מער וועסטו שוין נישט דאַרפן מורא האָבן... ער וועט שוין מער נישט וואַגן...

עליזאַבעט האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף אים. זיי זענען געווען אַזוי פול מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט, אַז טאָנין האָט געהערט, ווי זיינע בלוטן לאַכן אין אַלע איברים זיינע.

מיט דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן דאָס רעדל און ווייטער געטריבן די מאַשין, און מיט דער רעכטער — האָט ער זי געטוליעט צו זיך...

# קאַפּיטל אַכט

טאַנין איז געווען אין זיין נייער לאַבאָראַטאָריע; איז געזעסן ביים לאַנגן טיש און געווען פאַרזונקען אין זיינע עקספּערימענטן. געדיכטע פאַרטראַכטקייט איז געלעגן אויף זיין עטוואָס לענגלעכן, מאַטן פּנים. מיטאַמאָל האָט זיך די פאַרטראַכטקייט איבערגעבראָכן און די אומרו, וואָס איז אין אים געוואַקסן די לעצטע וואָכן, האָט זיך אין אים היים צעשריגן. ער האָט זיך געגעבן אַ גלייך אויס. זיינע הענט זענען געבליבן ליגן פאַרגליווערטע אויפן טיש, די ליפּן האָבן זיך אים פאַנאַנדערגעקלעפּט און דאָס געהער זיינס איז געוואָרן אָנגעשטרענגט. עליזאַבעטס קול האָט אים דערגרייכט. אַלע זיינע איברים האָבן שאַרף דערפילט דעם טומל פון איר געזונטער פרייד און די גאַרונג צו איר האָט ווי ליכט-שטראָם דורכגעציטערט זיין גוף. ס'איז געווען אַזוי, ווי דאָס געוועב, אין וועלכן זיין גאַרונג איז געווען פאַרהילט ביזאַהער, האָט זיך נאָר-וואָס צעריסן און די גאַרונג האָט געגומען היים שטראָמען איבערן גאַנצן לייב.

געקומען איז עס אפשר דערפון, וואָס דער דרויסן האָט זיך געהאַט צעאָטעמט מיט אויפגאַנג פון פרילינג. וואָרום: געווען איז עס אַ טאָג אינמיטן חודש מערץ; די דינע כמאַרעס, וואָס האָבן אין פרימאָרגן זיך געצויגן, ווי שיטערער רויך, זענען איצט אינגאַנצן געווען צעגאַנגען. בלאָער הימל האָט אַראָפּ-

געוואַנדערט פון דער הויך. לאַכעדיקע, יונג-צעבליטע זון האָט געליכטיקט דעם דרויסן; עס האָט געשמעקט מיט וואַרעמקייט, מיט ווייכן ווינט, און פֿישטשערייען פון פֿייגל האָבן אָנגעזאָגט די בשורה: די ערד האָט אויפגעוואַכט; יונגע גראָזן שטעקן זייערע צאַרטע שפּיצן קעגן זון; די זאַפטן האָבן זיך צע-שפּילט אין לייב פון די ביימער.

טאַנין האָט זיך אויפגעשטעלט און זיינע פיס זענען גע-ווען אומרויק. אַ? זאָל ער איצט לויפן צום הויז און אריינ-קוקן עליזאַבעטן אין פּנים אריין? — זיינע הענט האָבן זיך געריסן פון אים, זיך געשטרעקט צו איר... און ווי פּאַרטייעט און היימיש עליזאַבעטס אויגן קוקן לעצטנס אויף אים. ער דערפילט זיי איידער-נאָך ער דערזעט זיי. ווילאַנג איז שוין זינט ער האָט געהאַט דעם צוזאַמענשטויס מיט דעם רויטן דזשאַן? וואו זענען אַהינגעקומען די אַלע טעג און וואָכן? פון דעמאָלט אָן איז עליזאַבעט אַנדערש געוואָרן: די לעצטע שרעק איז אַוועק פון איר... דאָס לעצטע ביסל נעפּל, וואָס האָט איר פון אים פאַרהוילן, איז זיך צעגאַנגען. זי איז געוואָרן אַזוי דורכזיכטיק קלאָר... זי דאַרף מער גאָרנישט זאָגן! ער ווייסט אַלץ, וואָס זי טראַכט וועגן אים. און ווי וואונדערלעך איר גוף האָט אויפגעזוונגען... פון דעמאָלט אָן בלאָנדזשעט שטענדיק איר געזאַנג איבער די צימערן. אַז ער קומט אריין צו זיך אין צימער — שמעקט איר פרייד פון אַלע ווינקלען.

וואונדערלעך קינד! זי האָט זיך געשראָקן. מורא געהאַט פאַר דעם רויטנס צונג... וואָס האָט זי זיך אַזוי געשראָקן? און וואָס אַזוינס האָט זי געוואָלט פאַר אים דערציילן? ווי האָט זי עס געזאָגט? „איך וועל דערציילן... איך וועל דעם גאַנצן אמת דערציילן..." עטלעכע מאָל, אַז זי האָט געוואָלט דערציילן, און ער האָט מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— נישטאָ וואָס צו דערציילן... מען דאַרף גאָרנישט דערציילן...

זי איז געווען אַ שטיקל צייט אין שטאָט... נו, איז וואָס?

איז דען וויכטיק, וואָס מיט איר האָט אַמאָל פּאַסירט? אַ שאָטן איז געפאַלן אויף איר ליכטיק לעבן און דער שאָטן האָט אויסגע-וועפּט. איר לעבן איז איצט אינגאַנצן זויבער, דורכגעליכטיקט... און — האָט ער דאָך געהאַט אַ ווייב אין שטאָט? זי איז נאָך איצט זיין ווייב...

מאָדנע: ווי קומט צו אים אַ ווייב? האָט ער דען נישט דאָס גאַנצע לעבן געוואַרט אויף עליזאַבעטן? זיכער האָט ער דאָס גאַנצע לעבן געבענקט און געוואַרט אויף איר.

— עליזאַבעט! איז מעגלעך, אַז מיר האָבן זיך ווען עס איז נישט געקענט?

— איך גלייב עס נישט.

— מיר קענען זיך דאָך פון זינט מיר זענען אויף דער וועלט געקומען... נישט אמת?

— איך דענק אויך אַזוי...

— זיכער איז עס אַזוי.

— זעט אויס אַזוי.

— און דו האָסט זיך געשראָקן פאַרן רויטן דזשאַן... וועסט זיך מער נישט שרעקן פאַר דעם „ברוט"?

— ניין, דזשעק... קיינמאָל נישט.

טאַנין ציטערט-אויף. ער זעט עליזאַבעטס אויגן. וואו זענען פאַראַן אַזעלכע גוטע, געטרייע אויגן? נישטאָ נאָך אַזעל-כע אויף דער וועלט.

— אויס מיט דזשאַנען! ער ווייזט זיך דאָך נישט מער?!

— ער האָט מורא זיך צו ווייזן.

עליזאַבעטס געלעכטער וויקלט זיך אַרום אים, ווי די וואונדערלעכסטע פעלד-ריחות:

— ס'איז גוט, וואָס ביזט געקומען אַהער.

אירע אויגן האָבן זיך פאַררויכערט, ווען זי האָט עס געזאָגט.

— יאָ... ס'איז זייער גוט, עליזאַבעט.

ס'איז געווען אינדרויסן און טאַנינס האַנט האָט געהאַלטן איר אָרעם, זי צוגעצויגן שטאַרקער צו זיך.

— און וועסט שוין דאָ כּסדר בלייבן?
— זיכער, עליזאַבעט.
זי האָט זיך געטוליעט צו אים, געקוקט אים גלייך אין די אויגן אריין. אירע ליפּן זענען געווען צעעפנט און די ציין צוזאַמענגעשלאָסן. אונטער די אויגן איז געלעגן רויטקייט און זי האָט געאָטעמט הייסער, אָפּגעהאַקטער. נאָר דעם אַלטנס אויגן האָבן געוואַכט איבער זיי... דער אַלטער אַליין איז דערביי נישט געווען, אָבער זיינע אויגן זענען יאָ געווען. זיי האָבן געקוקט אויף טאַנינען אַזעלכע קלוגע, גוטע און מיט פּאָטערלעך געבעט.
דער זיידע איז אויך צופרידן, וואָס דו געפינסט זיך דאָ.
— טאַקע?
— דער זיידע האָט דיך ליב...
אין די אָוונטן איז דער אַלטער ווילס שטענדיק אין הויז. ער וואַרט געדולדיק. ווען זיי טאַנצן אַ מאָל, שמייכלט ער; קוקט אויף טאַנינען מיט אַזאַ היימישקייט; זינגט דעם צוזאַמענשטויס מיט דזשאַנען — קוקט דער אַלטער אויף אים מיט כּאָטערלעכער ליבשאַפט. אַז זיי גייען אַרויס אינאָוונט שפּאַצירן, וואָרנט דער אַלטער:
— גייט נישט אַוועק ווייט פון הויז... היט זיך פאַר דעם יונג!
— ער ווייזט זיך שוין נישט! — רופט אויס עליזאַבעט.
— אַ פאַרביסענער איז ער!
ס'איז „אָלרייט"... פאַרלאָזט זיך אויף מיר, מיסטער ווילס.
— אמת, זון... מען קען זיך פאַרלאָזן אויף דיר... אָבער היטן דאַרף מען זיך...
זיינע אויגן קוקן אַלץ אַזוי פריינטלעך און מיט פאַר־הוילן געבעט.
און שלאָפן גייט דער אַלטער דער לעצטער. ער שלאָפט אויפן צווייטן שטאָק נאָענט צו טאַנינס צימער. טאַנין האָט דאָס געפיל: דעם אַלטנס אויגן וואַכן די גאַנצע נאַכט. אַמאָל

הערט ער, ווי דער אַלטער שפּאַנט דורך דעם קאָרידאָר באַ־
נאַכט.

האָס טראַכט ער, דער אַלטער? האַ?

אָבער ער איז גוט צו טאַנינען.

היינט אינדערפרי, ווען טאַנין איז אַרויס פון הויז, האָט
ער זיך אַרומגעקוקט, צוגעשמייכלט צו עליזאַבעטן, וואָס איז
געשטאַנען ביים פענסטער. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט
און דערזען: דער אַלטער שטייט לעבן שטאַל. שטייט מיט
דער ליולקע אין מויל און איין האַנט איז אים אָנגעשפּאַרט
אָן מיסט־גאָפּל. פאַר דער שטאַל איז געלעגן פריש־אונטערגע־
נומען מיסט. עס האָט פון דעם געשלאָגן אַ פּאַרע, ווי פון
פריש־אויפגעאַקערטער, פעטער ערד. דער פעטער ריח פון מיסט
האָט טאַנינען דערמאָנט זומערדיק פעלד און ער איז צוגע־
גאַנגען:

— גוטמאָרגן! איר נעמט אונטער דאָס מיסט?

— גוטמאָרגן! איך גיי היינט פירן מיסט... ס׳איז אַ
שיינער טאָג.

— יאָ... עס שמעקט מיט לינדקייט... ווען די זון זאָל
נאָך אויפשיינען.

— די זון?

דער אַלטער האָט פאַרריסן דעם קאָפּ. אַ ווילדע בע־
קוקט צום הימל:

— אַ זון וועט אויך זיין... און טאַקע באַלד.

— עס שמעקט מיט פרילינג.

— שוין אינמיטן מערץ... און וואו גייסטו איצט?

— צו מיר אין הויז.

— האָב זשע אין זינען... גיב אַכטונג.

— ווידער וועגן דזשאַנען?

— ווידער... דו ביזט אַ פיינער מענטש... אַן איידעלער...
ווייסטו נישט, ווי שלעכט אַן אַנדערער קען זיין... דזשאַן איז
אַ „ברוט״... ער קען זיך פאַרגנבענען... אומגעריכט אָנפאַלן...

עפּעס אָפּטאָן... אַזעלכע, ווי דזשאָן, פאַרשווייגן נישט... מען דאַרף זיך היטן...

דער אַלטער לויבט אים אָפּט. דערפאַר טאַקע פילט ער שטענדיק דעם אַלטנס אויגן וואַכן איבער אים... וואָס זשע מיינט ער, דער אַלטער? און וואָס האָט ער אין זינען מיט זיין שטענדיקן וואַכן איבער אים? און וואָס אַ שטייגער קען דערפון אַרויסקומען?

די גאַרונג האָט נישט אויפגעהערט שרייען אין זיין לייב. איצט ווייסט ער: זינט דעם צוזאַמענשטויס מיט דזשאָנען ריזלט די גאַרונג אין זיין בלוט. עליזאַבעט קוקט אויף אים גאָר מיט אַנדערע אויגן, אירע ליפּן זענען שטאַרק דורשטיק און איר אָטעם איז הייס. ער טראָגט כסדר אויף זיין פּנים די הייסקייט פון איר אָטעם. דאָס האַרץ ציטערט, פאַרגייט זיך, ווי איינגעקעקשנט קינד... און אָט קוקן אירע אויגן מיט וואונדער... ווייסט זי דען נישט, אַז דעם אַלטנס אויגן וואַכן? האַ?

די אומרו האָט אים נישט געלאָזט איינשטיין; האָט ער גענומען שפּאַנען איבער די צימער'ן, זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון זיינע טריט. איצט זענען געווען אויסגעוועפּט די טראַכטונגען וועגן די עקספּערימענטן. בלויז הייסע גאַרונג האָט געהיצט זיין בלוט.

ער איז אַרויף „אַפּסטערז", איז אַריין אין גרויסן, ליכטיקן צימער, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט פענסטער פון אַלע זייטן. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען דאָס מעבל, וואָס ער האָט געהאַט איינגעקויפט פאַר אָט דעם צימער. דאָס מעבל איז נאָך געשטאַנען פאַרפּאַקט. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַ טראַכט געטאָן: מען דאַרף זיך נעמען אויספּאַקן דאָס מעבל... אינדרויסן שמעקט מיט פרילינג... אינגיכן וועט מען ברענגען די שנייד-מאַשינען און די אַרבעט וועט זיך אָנהייבן... דאַרף ער זיך דאָך איינגאַנצן איבערציען אַהער...

ווידער האָט ער אַ טראַכט געטאָן: מען וועט דאַרפן בעטן עליזאַבעטן, וועט זי מיט אים צופאָרן אין שטעטל אָדער

אין שטאָט, וועט מען איינקויפן בעטגעוואַנט, פאָרהאַנגען און פאַרשידענע זאַכן, וואָס מען דאַרף האָבן אין אַ הויז, אין וועלכן מען וואוינט... פריער פון אַלץ וועט מען איינאָרדענען אָט דאָס צימער. דאָס וועט זיין זיין אינטים צימער.

— דו קענסט אַלץ איינאָרדענען לויט דיין אייגענעם געשמאַק... ווי דאָס וואָלט געווען פאַר דיר אַליין...

אָט אַזוי וועט ער זאָגן עליזאַבעטן. ער האָט זיך צע־שמייכלט פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז אין אים געווען פאַר־הוילן און שטאַרק קלאָר.

ס'איז זייער גוט, וואָס עס שמעקט שוין מיט פרילינג... די פעלדער ליגן אויפגעוואַכטע, אויסגערוטע. זעען אויס, ווי זיי וואָלטן זיך נאָר־וואָס אויפגעכאַפּט פון בייטאָגעדיקן שלאָף. די פעלדער שמייכלען מיט פרייד פון אייגענע כּוחות. דער וועג איז אַזאַ ריינער, טרוקענער...

אָט איז דער אַלטער!

טאַנין איז געשטאַנען האַרט ביים פענסטער, האָט געזען:

פון הינטער דעם אַלטנס הויז פאָרט אַרויס דער וואָגן מיסט. די צוויי טונקל־ברוינע פערד שפּאַנען געלאַסן מיט אַ ביסל געבויגענע העלדזער. זיי שטעלן ריטמיש די פיס. דער וואָגן שלעפּט זיך אַן איינגעדרימלטער. עס גלאַנצן די פערדישע לייבער און דער גלאַנץ ברעכט זיך, לויפט אַרום, ווי טונקעלע גאָלד־פלעקן איבער די רוקנס און זייטן. זון ליגט אויף זיי, ליגט אויפן מיסט. דער מיסט־גאָפּל איז אַריינגעשטעקט קרימ־לעך. אָט ציט זיך שוין דער וואָגן איבערן טרוקענעם, געלב־לעכן וועג. דער אַלטער שפּאַנט ביי דער זייט, האַלט די ליולקע אין מויל. דער שוואַרצער הונט לויפט פאָרויס. וואו־אַהין פירט ער איצט דאָס מיסט? אַ? אָט־אַהער! —

נישט ווייט פון נייעם הויז זענען אויפן פעלד שוין גע־לעגן קופּקעס מיסט און זיך געבאַקן אויף דער זון. אַהאַ! טאַנינען איז אויסגעקומען, אַז דאָס, וואָס דער אַלטער פירט מיסט נאָענט צו זיין הויז, האָט אַ שייכות מיט דעם, וואָס ער

היט אים כסדר... וואָס פֿראַ שייכות האָט איינס צום אַנ־דערן? ס׳האָט יאָ אַ שייכות.

די פֿערד האָבן געשפּאַנט און דער אַלטער האָט גע־שפּאַנט מיט פֿאַרלייגטע הענט אויפֿן רוקן. ס׳האָט אויסגעזען: ער טראַכט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט צו טאָן מיטן טראַכטן פֿון אויפֿגעאַקערטער ערד; מיטן וואַקסן אויף די פֿעלדער. ס׳איז אַ טראַכטן, וואָס ציט זיך שוין פֿון לאַנגע יאָרן, פֿון זינט ער האָט מיט זיינע הענט גענומען „אויפֿברעכן" די ערד דאָ... און פֿאָרויס לויפֿט דער שוואַרצער, קודלאַטער הונט. אָט דער הונט, וואָס שווייגט שטענדיק אַזוי קלוג; וואָס לאָזט זעלטן אַרויס אַ האַווקע, נאָר ער וואַכט און היט כסדר... איצט לויפֿט ער מיט געבויגענעם קאָפּ, שמעקנדיק נאָכאַנאַנד צו דער ערד. פּלוצלינג באַפֿאַלט אים ווילדע פֿרייד; גיט ער זיך אַ דריי־אויס צו די פֿערד, גיט אַ שפּרונג־אונטער און לאָזט אַרויס אַ קוויטש. די פֿערד גיבן אַ פֿאַררייס די קעפּ, טרייס־לען די מאָרדעס... דער הונט שפּרינגט ווידער אונטער, ביז ער דערזעט דעם אַלטנס בליק, דרייט ער זיך צוריק אויס און נעמט ווידער לויפֿן מיט אַראָפּגע־לאָזן קאָפּ און אַראָפּהענגענדי־קע אויערן.

נישטווייט פֿון טאַנינס הויז האָט דער אַלטער זיך אָפּ־געשטעלט. די פֿערד האָבן זיך אַ קערעווע געטאָן אויפֿן פֿעלד אַרויף...

דאָס פֿעלד איז געלעגן באַרג־אַרויף. דער וואָגן איז מיטאַמאָל זייער שווער געוואָרן. האָבן די פֿערדישע קערפּערס זיך גענומען שטייפֿן; די מוסקולן אויף די הינטערשטע פֿיס האָבן גענומען ,ויפֿן, ווי האַרטע קישעלעך, אונטער דער פֿעל. די פֿיס האָבן זיך געשטרעקט, אָנשפּאַרנדיק זיך פֿעסט אָן דער ערד; די פֿאָדערשטע פֿיס האָבן זיך שאַרף געבויגן, די רוקנס האָבן זיך אָנגעשפּאַנט, די מאָרדעס זענען געוואָרן אויסגעצויגן אין אַ גלייכער ליניע מיט די העלדזער. ביז — די פֿאָדער־שטע פֿיס האָבן זיך געגעבן אַ גלייך־אויס און דער וואָגן איז

אַרויף. די פערד האָבן איצט געשפּאַנט שנעלער אַראָפּ אין טאָל.

דער אַלטער איז געשטאַנען ביים ברעג פון פעלד. ער האָט געהאַלטן דאָס פּנים צום נייעם הויז. האָט געקוקט מיט אַזאַ פאַרגאַפונג, ווי ער וואָלט דאָס הויז איצט צום ערשטן מאָל דערזען. די ברעמען האָבן זיך אים אויפגעצויגן, דער שטערן האָט זיך איינגעקנייטשט און אַזוי געבליבן. די ליול־קע איז געבליבן איינגעפּרוירן צווישן זיינע ליפּן.

דער הונט איז געבליבן שטיין פון ווייטן, האָט געזשמוי־רעט די אויגן. געזען, ווי דער אַלטער שטייט פאַרטראַכט, איז ער צוגעקומען נענטער, זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטער־שטע לאַפּעס, בלייבנדיק שטיין אויף די פאָדערשטע. האָט גע־האַלטן אָפן דאָס מויל, און די רויטע צונג איז ווייך אַרויסגע־האַנגען ציטערנדיק. געוואַרט גלייך אויפצושפּרינגען, נאָר זעענדיק, אַז דער אַלטער שטייט נאָך אַלץ, האָט ער אויסגע־צויגן אויך די פאָדערשטע לאַפּעס און געבליבן רויק וואַרטן.

די פערד זענען צוגעקומען צו אַ שאַרפן באַרג־אַרויף אויפן פעלד און זענען שטיין געבליבן. דערפילנדיק, אַז דער אַלטער איז נישטאָ ביי זייער זייט, האָבן זיי גענומען בייגן די העלדזער, און די נאָזדרעס האָבן גענומען פלאַטערן, דער־פילנדיק דעם ריח פון יונגע גרעזלעך, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געשטרעקט פון ערד אַרויס. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, גענומען באַשמעקן דאָס פעלד, יאָגנדיק הייסע שטראָמען ווינט דורך די נאָזדרעס. האָבן אויפגעדעקט גרויסע ציין, גע־נומען צופּן דאָס גראָז, רייבנדיק די ציין אָן דער ערד... אַזוי צופּנדיק האָבן זיי אַלע ווייל־ע געמאַכט אַ שפּאַן, ביז — דער וואָגן איז אויסגעקומען מיט דער זייט צום שאַרפן באַרג־אַרויף.

טאַנין איז אַלץ אַזוי געשטאַנען ביים פענסטער אינדער־הייך. נאָר דער אַלטער האָט אים נישט געזען. זעט אויס: ער האָט געקוקט צום הויז און געווען שטאַרק פאַרטראַכט. וואָס זשע אַזוינס טראַכט ער, דער אַלטער?

אינמיטן טראַכטן האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דער־

זען, ווי די פערד שטייען, האָט ער אַפּויערגעבראַכט די הענט פון רוקן. אין דער רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בייטש און ער האָט זיך געלאָזט מיט שנעלע טריט צו די פערד. דער הונט איז אויפגעשפרונגען מיט פרייד-האווקעריי און זיך געלאָזט לויפן.

דער אַלטער ווילס האָט איצט דערפילט בייזקייט. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פונוואַנען די בייזקייט קומט צו אים... די פערד זענען געווען תאווהדיק פאַרטון אין צופּן די גראָזן. דער אַלטער ווילס האָט אויפגעהויבן די בייטש, שטאַרק אַ באַוועג געטאָן די האַנט, די בייטש איז מיט הילכיקן וויאָכטש געפאַלן איבער די פערדישע געבויגענע העלדזער. די פערד האָבן אויפגעציטערט, זיך געגעבן אַ ריס פון אָרט מיט אימפעט. זענען ראַפּטעם אַרויף העכער אויף דער באַרגיקייט און אַ שלעפּ געטאָן דעם וואָגן מיט אַזאַ כּוח, אַז דער וואָגן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן.

דער אַלטער ווילס האָט געגעבן אַ שפּרונג-צו, געוואָלט מיטן אַקסל געבן אַ שפּאַר-אונטער דעם וואָגן, נאָר ער האָט עס נישט באַוויזן; דער וואָגן האָט זיך שאַרף אַ בייג-געטאָן, געגעבן אַ זעץ אין זיין זייט. ער איז געפאַלן און דער וואָגן אויף אים... דאָס מיסט האָט געגעבן אַ וואַליע-אַרויס און אים איינגאַנצן צוגעדעקט... דער הונט האָט אַרויסגעלאָזט אַ גריל-צעדיקן וואָיע... די פערד האָבן זיך ווידער אַ ריס געטאָן, האַסטיק אַ שלעפּ געטאָן דעם וואָגן, וואָס איז געלעגן אויף אַ זייט און אים אַרויפגעשלעפּט.

— — — — — — — — — — — —

טאַניען איז גלייך אַרויס פון הויז, איז געלאָפן און דערווייל געזען: דער אַלטער רירט זיך נישט. ער ליגט אונטערן מיסט און איז איינגאַנצן פאַרדעקט. פון מיסט גייט נאָך אויף לייכטע פּאַרע און די פערד שטייען דאָרט אויפן באַרג-אַרויף, שטייען שטילע, ווי זיי וואָלטן איינגעדרימלט. דער הונט בלויז האָוקעט אין איין אָטעם און שאַרט מיט די הינטערשטע פיס דאָס מיסט...

טאַנין איז צוגעקומען אַהין אָן אָטעם. איז געבליבן שטיין און אַ ווײַלע נישט געוואוּסט, וואָס צו טאָן. ער האָט דערזען דעם מיסט-גאָפּל, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרט פון מיסט, האָט ער אים אַרויסגעשלעפּט און, האַלטנדיק אים אין האַנט, גענומען שרייען:

— ווילס! מיסטער ווילס! מיסטער ווילס!

אים האָט זיך געדאַכט: ער האָט געהערט אַ קרעכץ. ער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם מיסט-גאָפּל, זיך אײַנגעבויגן און גענומען שאַרן דאָס מיסט מיט די הענט. ערשט איצט האָט ער דערזען: פון דער אַנדערער זײַט שטאַרט אַרויס אַ האַנט. ער איז צוגעלאָפן, האָט מיט זײַנע ביידע הענט אָנגעכאַפּט די האַנט, האָט אַ ציי געטאָן, נאָר ער האָט גלייך דערפילט, אַז ער קען גאָרנישט מאַכן. האָט ער זיך ווידער אײַנגעבויגן און גענומען שאַרן דאָס מיסט.

ער האָט געאַרבעט שנעל. דער הונט איז געשפּרונגען אַרום אים און געהאַוועט. ענדלעך האָט ער אָפּגעדעקט מיסטער ווילסעס פּנים. ער האָט געזען: דאָס פּנים איז אין קאָנוואולסיע... ער האָט אָפּגעשאַרט דאָס מיסט פון פּנים. מיסטער ווילס האָט געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט. טאַנין האָט ווידער גענומען שרייען:

— מיסטער ווילס! ווילס! ענטפערט! ענטפערט אַ וואָרט!

דער אַלטער האָט געעפנט די אויגן. האָט אַ קוק געטאָן מיט צעמישטן בליק:

— אַ?

— דאָס בין איך!.. טאַנין!.. איך בין דאָס!..

דער אַלטער האָט אָפּגעזיפצט. ס'איז געווען אַ שווערער לאַנגער זיפץ. ער האָט אַרויסגעברומט:

— דאָס ביזטו?

— יאָ... איך... טאַנין!.. דאָס בין איך!

— שלעפּ מיך אַרויס, זון...

דער אַלטער איז געלעגן אויף דער לינקער זײַט. האָט טאַנין זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען, האָט פאַרלייגט ביידע הענט אונטערן אַלטנס רעכטער האַנט, האָט געפּרוווט אַ שלעפּ

טאָן. נאָר דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט אַזאַ שוידערלעכן אָכץ, אַז טאַנין האָט גלייך אויפגעהערט.

— ס'טוט שרעקלעך ווי... מיינע ריפּן...

ער האָט ווידער אָפּגעזיפצט. געשוויגן אַ ווײַלע... גע־האַלטן פאַרביסן די ליפּן... דערנאָך געזאָגט:

— זון מיינער... פּרוּו, רוק אַרונטער דיין האַנט אונטערן לינקן אָרעם...

איצט איז דאָס קול איינגאַנצן געווען פאַרענדערט. ס'איז נישט געווען מיסטער ווילסעס קול.

טאַנין האָט דורכן מיסט געריקט זיין האַנט, ביז ער האָט פאַרכאַפּט מיסטער ווילסעס לינקן אָרעם. האָט זיך געזעצט גע־בויגן, פאַרשפאַרט די פיס אָן דער ערד און גענומען שלעפּן.

דער אַלטער האָט געקרעכצט, האָט געגרעוועט מיט פאַר־שטשעמעטע ציין, ביז זיין גוף האָט זיך גערירט.

טאַנין האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דעם באַרג מיסט.

מיסטער ווילס האָט זיך געפּרוּווט אויפהייבן, אָנשפּאַר־דיק זיך אָן לינקן עלנבויגן; ער איז אָבער צוריקגעפאַלן.

— נישט גוט, זון מיינער! איך האָב מורא: מיינע ריפּן זענען צעבראָכן.

ער האָט די ווערטער אַרויסגעקרעכצט.

— וואָס זשע טוט מען איצט?

אַזוי האָט טאַנין אַ פרעג געטאָן. געפרעגט האָט ער דאָס ביי זיך אַליין, טראַכטנדיק אויפן קול, און באַלד זיך אַליין געענטפערט:

— מען דאַרף אייך ברענגען אַהיים.

דער אַלטער האָט געשוויגן, האָט בלויז געקוקט מיט דאַנקבאַרע אויגן אויף טאַנינען. דאַן האָט טאַנין געזאָגט:

— איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן... וואַרט אַ ווײַלע.

ער איז אַוועקגעלאָפן צו זיך אין הויז, האָט פאַרכאַפּט זיין לענגערע לעדערנע קורטקע און איז באַלד צוריקגעקומען. האָט פון אַלטנס פּנים און האָר אָפּגעשאַרט דאָס לעצטע מיסט.

האָט אויסגעשפּרייט די קורטקע, האָט זיך אָנגעשטרענגט אונ־טערצוהייבן דעם אַלטן. דער אַלטער האָט געביסן די ליפּן, האָט זיך אונטערגעהויבן, האַלטנדיק די לינקע האַנט אַרום טאַנינס האַלדז. טאַנין האָט אונטערגעלייגט די קורטקע און דערנאָך דעם אַלטנס קאָפּ און פּלייצעס אַוועקגעלייגט אויף איר.

— איצט וועל איך לויפן און ברענגען מיין מאַשין.

דער אַלטער האָט געקוקט אויף אים מיט געקנייטשט פּנים פון ווייטיק. האָט מיט שוואַך קול און מיט געבעט גע־זאָגט:

— שרעק נישט איבער עליזאַבעטן.

— עליזאַבעטן?

— זאָג: ס'איז אַ לייכטער קלאַפּ.

— „אַלרייט"...

און ער איז גלייך אַוועק.

ער איז געלאָפן גיך. געהערט, ווי דאָס האַרץ האַמערט שטאַרק אין אים. געטראַכט: מען דאַרף בלייבן רויק... עליזאַ־בעט קען זיך דערשרעקן... ער האָט גענומען גיין געלאַסענער. עליזאַבעט האָט אים דערזען דורכן פענסטער, דערזען, ווי ער איז אויסגעשמירט אין מיסט; זיינע האָר זענען ווילד צעשוי־בערט און ער סאָפּעט שווער. איז זי אַרויס צו אים מיט קיי־לעכדיקע אויגן און מיט בלייכקייט אין פּנים:

— וואָס האָט פּאַסירט?

ער האָט זיך באַמיט צו שמייכלען. אין אים איז ווירק־לעך געווען שמייכל... נאָר אַרויסגעקומען איז דער שמייכל אַ צעקרומטער.

— גאָט מיינער! וואָס איז געשען?

טאַנין האָט שווער געאָטעמט:

— שרעק זיך נישט, עליזאַבעט... ס'איז גאָרנישט...

— זיך געשלאָגן מיט דזשאַנען? ענטפער!

— ניין... מיטן זיידן האָט אַ קליינער „עקסידענט" גע־טראָפן... דער וואָגן מיסט האָט זיך אומגעקערט... ער האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן... נישט געפערלעך...

– האָט זיך שטאַרק צעקלאַפּט?

– ניין... בלויז אַ קלאַפּ זיך געטאָן אין זייט... איך האָב אים אָפּויערגעשלעפּט פון אונטערן מיסט... איצט בין איך געקומען נאָך דער מאַשין... מען דאַרף אים אַהיימנעמען...

אַ ווײַלע האָט עליזאַבעט אָפּגעשוויגן. זי האָט זיך דווקא נישט פאַרלוירן. זי האָט בלויז געפרעגט:

– ער ליגט אויפן פעלד?

– יאָ... ער ליגט אויף מײַן קורטקע.

– אין אַ זייט האָט ער נעכאַפּט דעם קלאַפּ?

– אין אַ זייט.

– וואָס זשע וועסטו מאַכן מיט דער מאַשין? ער וועט נישט קענען זיצן...

– טאַקע גערעכט... וואָס זשע דען טוט מען?

– דער וואָגן איז גאַנץ?

– שײַנט מיר, אַז יאָ.

– וועלן מיר אים ברענגען מיטן וואָגן... נעם אַרויס די מאַשין.

עליזאַבעט איז אַרײַן אין הויז. טאַניִן, אַ פאַרסאָפּעטער, אַ מידער, איז אַוועק הינטערן הויז און אַרויסגעפירט די מאַשין. עליזאַבעט איז אַרויסגעקומען. זי האָט מיט זיך פאַרכאַפּט עטלעכע דינע קאָלדרעס און זיי אַרײַנגעוואָרפן אין מאַשין. אַליין האָט זי זיך געזעצט לעבן טאַניִנען. די מאַשין איז געלאָפן, ביידע האָבן געשוויגן. זיי זענען צוגעקומען צום פעלד. עליזאַבעט איז די ערשטע צוגעלאָפן צום זיידן:

– זיידע! וואָס איז דיר?

דער אַלטער האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות צו שמייכלען:

– שרעק זיך נישט... איך בין „אַלרייט"... אַ קלאַפּ געכאַפּט.

טאַניִן מיט עליזאַבעטן האָבן אויפגעשטעלט דעם וואָגן. די פערד זענען געשטאַנען שטילע, זינדיקע. האָבן בלויז געפינטלט מיט די גרויסע אויגן. מען האָט אויסגעבעט דעם וואָגן מיט די דינע קאָלדרעס; דאָס הינטערשטע ווענטל האָט

מען אַרויסגענומען, כדי עס זאָל זיין גרינגער דעם קראַנקן אַרויפצוליייגן. עליזאַבעט האָט זיך געפּאַרקעט ביי די פערד, האָט אַוועקגעשטעלט דעם וואָגן אין אַ געהעריקער פּאָזיציע.

דער אַלטער איז געלעגן שטיל. נאָר זיינע אויגן זענען געווען גרעסער, קינדערישער, בעטנדיקער... טאַנין האָט זיך געשטעלט אויף די קניען. האָט אַרונטערגערוקט די הענט אונטער דעם אַלטנס לינקער זייט, האָט אים פאָרזיכטיק אונטערגעהויבן:

— נעמט אַרום מיין האַלדז!

דער אַלטער האָט אַרומגעוויקלט זיינע הענט אַרום טאַנינס האַלדז. דערנאָך האָט טאַנין אַראָפּגערוקט די הענט נידעריקער צום קושיזש, האָט זיך געלאָזן געגומען אויפשטעלן, הייבנדיק מיט זיך דעם אַלטן. דער קראַנקער האָט דערביי געביסן די ליפּן, זיך געשטיקט מיט זיין ווייטיק. דאָס פּנים איז אים געוואָרן בלאָ און געשרומפּן, נאָר קיין איין קרעכץ האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט. ווען טאַנין איז שוין געשטאַנען אויף די פיס אַ געבויגענער, האָט עליזאַבעט אונטערגעהויבן דעם אַלטנס פיס און מיט גרויס שוועריקייט האָבן זיי אים אַרויפגערוקט אויפן וואָגן.

טאַנין האָט געסאָפּעט. זיין קערפּער איז געווען באַגאָסן מיט פייכטער היץ. דער אַלטער האָט צוריק אָפּגעצויגן דעם אָטעם און צוריק געעפנט די אויגן:

— פאָרט געלאָזן...

דעם גאַנצן וועג איז דער אַלטער געלעגן רויק. האָט געקוקט צום בלאָען הימל, און ס'האָט אויסגעזען: ער דרימלט מיט אָפענע אויגן. ער האָט נאָר פון ווייל צו ווייל אַ קנייטש געטאָן דאָס פּנים. עליזאַבעט האָט אָנגעטריבן די פערד און טאַנין איז נאָכגעגאַנגען.

ווען זיי זענען צוגעקומען צום הויז — איז די אַלטע אַרויס אים אַנטקעגן. זי איז מיט ביכע, דריבנע טריט אַראָפּ פון וועראַנדע. האָט פאַרבראָכן די הענט. איר פּנים האָט פאַרלוירן די ליכטיקייט. די אויגן זענען ביי איר געוואָרן אַזוי,

ווי זי וואָלט דערזען, אַז דאָס הויז ברענט פון אַלע זייטן און אַלע טירן זענען פאַרשלאָסן... זי האָט אָנגעהויבן קרעכצן און אַרויסגעיאָמערט:

— וואָס האָסטו מיט זיך געטאָן, ביל? וואָס האָסטו פון זיך געמאַכט?

עליזאַבעט האָט געזאָגט שאַרף מיט שטיל קול:

— הער אויף!.. זאָלסט אויפהערן...

ווען מען האָט דעם אַלטן גענומען אַראָפציען פון וואָגן, האָט ער שטאַרק פאַרקלעמט די ציין. די ווייטיקן זענען געוואָרן אַזוי שאַרף-ברענענדיק, ווי שאַרפע מעסערס וואָלטן דאָס לייב געשניטן. דער ווייטיק האָט זיך געשטופּט דורך די פאַרקלעמטע ציין... די אָנגעשטרענגטקייט זיינע האָט זיך גענומען צערייסן. אָט באַלד — און ער וועט זיך ווילד צערעווען.

אַז מען איז געקומען צו די טרעפּ, האָבן דעם אַלטנס הענט זיך אַזוי געקלאַמערט צו טאַנינס האַלדז, אַז זיי האָבן אים געשטיקט. טאַנין האָט שווער געאָטעמט און זיך געהויבן אַלץ העכער, טראָגנדיק די שווערע משא. דורך דעם אַלטנס ציין האָט זיך געזייט אַ געשטיקט רעווען. ווען זיי זענען שוין געווען אויבן, האָט דער אַלטער אַרויסגעלאָזט אַזאַ געשריי, ווי די אינגעווייד וואָלטן זיך צעריסן אין אים.

מען האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ בעט. מען האָט זיך לאַנג, פאַרזיכטיק געפּאָרעט, ביז מען האָט פון אים אַראָפּגעצויגן די פאַרקויטיקטע בגדים. דאַן איז דער אַלטער געבליבן ליגן שטיל, האָט געאָטעמט שנעלער. די אויגנדעקלעך האָבן זיך געדריקט צו די אויגן און אין צימער איז געווען אַזאַ שטילקייט, ווי אַלע וואָלטן געוואַרט אויף אַ שווידערלעכער פּאַסירונג.

דערנאָך האָט דער אַלטער געעפנט די אויגן. האָט בעקוקט אויף טאַנינען, דערנאָך אויף עליזאַבעטן. האָט אַפילו געפּרוווט שמייכלען:

— ווי פילסטו, זיידע?

— מיר איז איצט גרינגער.

אָפּגעשוויגן און צוגעגעבן:

— אַ דאַנק דיר, זון מיינער... — ער האָט געקוקט מיט אַ סך גוטסקייט אויף טאַנינען — ווען נישט דו... וואָלט איך שוין איצט נישט געלעבט... איך וואָלט געווען דערשטיקט געוואָרן.

עליזאַבעטס אויגן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף טאַנינס פּנים. ער האָט דערפילט: ליכטיקייט האָט זיך צעשיינט אין האַרצן און פון האַרצן שטראָמט די ליכט אין אַלע איברים אַריין. נאָך האָט ער דערפילט: ס'איז נאָך עפּעס געשען... פאַרמאַכטע טויערן האָבן זיך געעפנט פאַרא וואונדערלעכער זון...

— און איך וועל צולויפן אין שטעטל...

— אין שטעטל?

— כ'וועל ברענגען אַ דאָקטאָר.

אַזוי האָט טאַנין געזאָגט און איז גלייך אַרויס פון צימער.



# קאַפּיטל ניין

ס'איז שוין געווען אָוונט, ווען טאַנין איז צוריקגעקומען און געבראַכט מיט זיך אַ דאָקטאָר פון שטעטל. דער דאָקטאָר איז געווען אַ דאַרער, געהאַט אַ לענגלעך פּנים מיט פאַר־טראַכטע, בלאָע אויגן. ווען ער איז אַריין אין צימער, האָט דער קראַנקער געעפנט די אויגן, האָט הילפלאָז אַ קוק געטאָן אויף אים. און געווען איז אין דעם קוק געבעט: — העלף מיר! דער ווייטיק איז גרויס.

דער דאָקטאָר האָט געשוויגן. ער איז געשטאַנען אַ גע־שטרעקטער. ס'האָט זיך געדאַכט: ער רעדט קיינמאָל נישט. ער איז אַזוי פאַרנומען מיט זיין טראַכטן, אַז ער האָט קיין צייט נישט צו רעדן. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין קליינע וואַליז, האָט אויסגעטאָן דעם שוואַרצן הוט. עליזאַבעט האָט אים צוגערוקט אַ שטול; ער האָט לייכט אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ און זיך געזעצט. אַ ווײַלע שטיל געקוקט אויפן קראַנקנס פּנים:

— ס'טוט שטאַרק וויי?

— ס'טוט וויי...

דערביי האָט דער קראַנקער אַ קנייטש געטאָן דאָס פּנים.

דער דאָקטאָר האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צו טאַנינען, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים:

— וויאַזוי איז עס פאָרגעקומען?

טאַנין האָט שטיל דערציילט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען. דער דאָקטאָר איז געזעסן, ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו ווייטן קלאַנג. דערנאָך האָט ער געזאָגט: „אהא!" — און זיך צוגעבויגן צום קראַנקן. ער האָט אָפּגעשאַרט פון אים די צו־דעק. האָט אויפגעדעקט די רעכטע זייט, געבויגן דאָס פּנים און זיינע אויגן זענען שאַרפער געוואָרן. די זייט איז געווען פאַרלאָפן מיט טונקעלער בלאָקייט, ווי אונטער דער הויט וואָלט זיך טינט אויסגעגאָסן. ער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער זייט—און דער קראַנקער האָט פאַרקוועטשט די אויגן, גע־נומען ציטערן. דעם דאָקטאָרס פינגער האָבן געטאַפּט דאָס לייב; מיטאַמאָל האָט דער אַלטער אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן רעווע.

— דאָ איז דער ווייטיק?

דער אַלטער האָט נישט געקענט ענטפערן. דער דאָקטאָר האָט ווידער געפרעגט, אָנרירנדיק אויפן זעלבן אָרט מיט אַ פינגער:

— אָט דאָ איז דער ווייטיק?

— יאָ־אָ־אָ! — האָט דער קראַנקער אַרויסגעציטערט.

דער דאָקטאָר האָט גענומען טאַפּן נידעריקער. דער אַל־טער האָט ווידער אַרויסגעלאָזט אַ שווערן אָכץ דורך פאַר־שטשעמעטע ציין.

עליזאַבעט האָט געהאַלטן אַן עלעקטריש לעמפּל אין האַנט, האָט צוגעלייכט. דאָס פּנים אירס האָט זיך געקנייטשט יעדעס מאָל, ווען דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. זי האָט געפילט: יעדער געשריי ציטערט־דורך איר לייב. דער דאָקטאָר איז אַלץ געווען פאַרטראַכט און שטיל, ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו ווייטן גערויש.

דערנאָך האָט זיך דער דאָקטאָר אויסגעגלייכט, מיט איין האַנט אַרויפגעצויגן די צודעק אויפן קראַנקן. ער האָט אַלץ געשוויגן.

— דאָקטאָר! וואָס זאָגט איר?

אזוי האָט עליזאַבעט געפרעגט. זי האָט געקוקט מיט בעטנדיקע אויגן.

— דערווייל איז קיין געפאַר נישטאָ.

— ס'איז נישט קיין געפאַר?

— דערווייל נישט... ער הוסט?

— ניין... דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט ווידער אָפּגעדעקט דעם קראַנקנס זייט, אויפן אַלטנס פּנים האָט זיך שרעק צעוויינט... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— בלייבט רויק... איך וועל אייך גאָרנישט טאָן.

ער האָט בלויז צוגעלייגט דאָס אויער, זיך צוגעהערט צו דער זייט. דערנאָך צוריק זי פאַרדעקט:

— איך וואָלט געראָטן, מען זאָל דעם קראַנקן נעמען אין שפּיטאָל.

טאַנין האָט געפרעגט:

— רעכנט איר, אַז דאָס איז נייטיק?

— אומבאַדינגט נייטיק... מען מוז אים נעמען אין שפּי-טאָל... עטלעכע ריפּן זענען שטאַרק צעשלאָגן... דער קלאַפּ, זעט אויס, איז געווען אַ שווערער... מען דאַרף אויף אים גוט אויפּפּאַסן... דאָס קען מען טאָן בלויז אין שפּיטאָל. יאָ, מען מוז אים נעמען אין שפּיטאָל.

דעם אַלטנס פּנים, וואָס איז נאָכן דאָקטאָרס אונטערזוכן גע-וואָרן רויקער, געלאַשענער, — ער איז בלויז געלעגן שטאַרק מיד און געאָטעמט גיך, ווי נאָך שווערער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט, — איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק אומרויק, ווען ער האָט דערהערט, אַז מען דאַרף אים פירן אין שפּיטאָל. ער האָט אויפּסניי דערפילט די שאַרפקייט פון ווייטיק און שרעק האָט דורכגעבויערט זיין לייב; זיך צעגאָסן איבער זיין געזיכט:

— מען מוז אין שפּיטאָל?.. מוז מען?..

— זיכער... וואַרשיינלעך וועט מען דאַרפן „קעסטן" די זייט... דאָרט וועט איר ווייניקער ליידן און שנעלער געזונט ווערן...

— הייסט עס: מען מוז... און מען וועט מיר מוזן אראָפּ-טראָגן... פירן... און די ווייטיקן — — —

ער האָט אַ זיפץ געטאָן מיט פאַרהוילן געוויין.

— מען וועט דאַרפן קריגן דעם אַמבולאַנס פון שפּי-טאָל... דער אַמבולאַנס איז גוט איינגעאָרדנט... אַראָפּטראָגן וועט מען אין אַ טראָג-בעטל.

— ווען?

דער דאָקטאָר האָט אַ ווײַלע אָפּגעשוויגן, עטוואָס צו-נויפגעצויגן די ברעמען:

— כ׳רעכן: מאָרגן... נישט רירן זיך איבער נאַכט... אָבער גלייך אינדערפרי מוזט איר זיין אין שפּיטאָל.

ס׳האָט אויסגעזען: דעם אַלטנס שרעק איז געלאָשענער געוואָרן. טאַנין האָט זיך דאַן אָפּגערופן:

— איך וועל אייך אָפּפירן, דאָקטאָר... וועל איך שוין בלייבן דאָרט און באַזאָרגן, דער אַמבולאַנס זאָל דאָ זיין באַלד אינדערפרי...

— „דעטסרייט״... דערווייל —

דער דאָקטאָר האָט נישט פאַרענדיקט די פראַזע. ער האָט זיך איינגעבויגן, געעפנט די וואַליז, האָט פון דאָרט אַרויס-באַקומען אַ פלעשל מיט פליסיקייט און נאָך אַ פלעשל מיט ספּירט. ער האָט זיך נאָך אַ שטיקל צייט געפּאָרקעט ביי דער זייט. האָט זי אָפּגעוואַשן מיט ספּירט, דערנאָך מיט דער פלי-סיקייט געשמירט. נאָכדעם האָט ער אַרויפגעלייגט אַ גרויסן פלאַסטער. האָט אָנגעזאָגט, מען זאָל אים לייגן קאַלטע קאָמ-פּרעסן. דאָס וועט פאַרלייכטערן דעם ווייטיק... האָט זיך אויפ-געשטעלט, און שוין אָנטוענדיק דעם מאַנטל, האָט ער לייכט אַ שמייכל געטאָן צום קראַנקן:

— נאָר נישט געשראָקן זיך און נישט געזאָרגט! איר וועט זיין „אָלרייט״...

דער קראַנקער האָט געקוקט אויף אים מיט גוטע אויגן:

— אַ דאַנק, דאָקטאָר.

— נאָר בלייבן רויק און זיך נישט ערגערן... אין שפּי־טאָל וועט מען אייך אויסהיילן.

אויסגעקערט זיך צו טאַנינען:

— מיר פאָרן?

— גלייך, דאָקטאָר.

טאַנין האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף עליזאַבעטן:

— איך וועל גלייך באַגינען קומען מיטן אַמבולאַנס.

זייערע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און זיך גליייך צעשיידט, ווי ביידע וואָלטן זיך פאַר עפּעס פאַרשעמט.

טאַנין מיטן דאָקטאָר זענען אַרויס פון צימער. עליזאַ־בעט איז געשטאַנען אַ ווײַלע, ווי פאַרגליווערט. זי האָט זיך צוגעהערט צו זיך אַליין, געהערט, ווי עס צייטיקט זיך אין איר אַ ווילן, וואָס וואַקסט אין איר שוין אַ צייט...

— — — — — — — — — — — —

ס'האָט זיך געצויגן אַ שווערע, לאַנגע נאַכט. דער אַל־טער איז געלעגן שטיל. ס'האָט אויסגעזען: ער טראַכט נישט פון זיין ווייטיק, נאָר פון עפּעס אַנדערש. עליזאַבעט האָט אַוועקגעשיקט די באָבען שלאָפן און אַליין איז זי געבליבן מיטן קראַנקן, אום איבערצובייטן די קאָמפּרעסן. זי איז אויך געווען פאַרטראַכט און שטיל. דער אַלטער האָט אָפט געקוקט אויף איר מיט געזשמורעטע אויגן. געזען: דעם מיידלס פּנים איז פאַרגליווערט אין חלום:

— עליזאַבעט!

דאָס מיידל האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים צום זיידן, האָט געוואַרט אַ ווײַלע, נאָר דער אַלטער האָט גאָרנישט גע־זאָגט. האָט זי זיך אויפגעהויבן פון שטול, צוגעגאַנגען צום בעט:

— האָסט עפּעס געוואָלט זאָגן, זיידע?

— הא?.. זאָגן?.. איך האָב דיך געוואָלט בלויז פרעגן: פון וואָס טראַכסטו אַצינד?

— פון וואָס איך טראַכט?

זי האָט עס איבערגעפרעגט און איר פּנים איז לייכט צע־טומלט געוואָרן. נאָר גלייך האָט זי געזאָגט:

— פון דיר, זיידע... איך טראַכט פון דיר.

— פאַר מיר זאָלסטו נישט זאָרגן... איך וועל זיין „אָל־רייט"... נישט דאָס ערשטע מאָל, אַז איך כאַפּ אַ קלאַפּ.

— אָבער די ווייטיקן דיינע?!

— נישט אַזוי שרעקלעך.

— איך וועל דיר איבערבייטן דעם קאָמפּרעס.

— און אינדערפרי וועט מען מיך נעמען אין שפּיטאָל...

דער אַלטער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט נישט געהאַט די ווערטער פאַר דעם, וואָס ער האָט גע־פילט. האָט ער שוין אָפּגעשוויגן.

עליזאַבעט האָט אים איבערגעביטן דעם קאָמפּרעס, האָט אים צוגעדעקט. זיך צוריקגעזעצט אויף דער קושעטקע, וואָס איז געשטאַנען אין צימער, און זיך צוגעשפּאַרט צום וואַנט.

דער אַלטער האָט ווייטער געצויגן זיין פאַרהוילן טראַכטן, ביז אים איז אויסגעקומען, אַז ער האָט געפונען די ווערטער, וועלכע ער האָט געזוכט:

— עליזאַבעט!

עליזאַבעט איז אויפגעשפּרונגען:

— וואָס איז, זיידע?

— דו ביזט שלעפעריק, קינד?

— ניין... איך בין נאָכנישט שלעפעריק.

— און איך וואָלט געוואָלט: דיר זאָל גוט זיין, עליזאַבעט...

— איך ווייס עס, זיידע...

דער אַלטער איז ווידער שטיל געוואָרן; נישט געוואוסט, ווי אויסצופּלאָנטערן זיינע טראַכטונגען. זיי זענען געווען, ווי אַ פאַרפּלאָנטערטע מאָטקע פאָדעם. ער האָט גענומען רעדן פון באַלעבאַטישקייט:

— איך ווייס דאָך נישט וויפל איך וועל זיין אין שפּי־טאָל... און דאָס באַלעבאַטישקייט בלייבט אָן אַ באַלעבאָס...

װעט מען דאַרפֿן צוריק צונעמען די, װאָס אַרבעטן בײַ אונדז אַלע יאָר...

ער האָט אָנגערופֿן נעמען פֿון אָרעמע פּאַרמערס פֿון דער געגנט, װאָס פֿלעגן זיך צו אים פֿאַרדינגען אויף אַרבעט... האָט געזאָגט, װאו מען דאַרף נאָך אַקערן... װאָס מען דאַרף פֿאַרזייען... װיפֿל קאַרטאָפֿל מען זאָל פֿאַרזעצן... נאָר עליזאַבעט האָט אים אינמיטן רעדן איבערגעשלאָגן:

— צו װאָס די אַלע רייד איצט, זיידע?

— איך װעל דאָך דאָ נישט זיין, קינד?

— פֿאַרלאָז זיך אויף מיר. איך װייס אַלץ... און אַז מען װעט דאַרפֿן, װעל איך קומען צו דיר און פֿרעגן.

די שעהן האָבן זיך געשלעפּט, װי מידע, בלינדע בעטלער איבער בלאָטיקן װעג. דער אַלטער האָט אַלץ געטראַכט װעגן עפּעס אַזױנס, װאָס ער האָט דערפֿון געװאָלט רעדן מיטן אייניקל, און פֿאַרשטאַנען: ער װעט מיט איר נישט קענען רעדן דערפֿון... דאַן האָט ער װידער אַ רוף געטאָן:

— עליזאַבעט!

דאָס מיידל, װאָס איז געלעגן אָנגעלענט אָן קושעטקע, האָט לייכט געדרימלט. זי האָט אַ ציטער געטאָן:

— אַ?

— ביזט מיד, עליזאַבעט... פֿאָלג מיך און גיי שלאָפֿן...
ס'איז שוין נאָך האַלבער נאַכט...

— אָבער... די קאָמפּרעסן...

— מען דאַרף נישט... איך פֿיל זיך בעסער... איך אַליין װעל אויך איינשלאָפֿן.

עליזאַבעט האָט אים איבערגעביטן דעם קאָמפּרעס, און דער אַלטער האָט געזאָגט:

— גיי שלאָפֿן, קינד... איך שלאָף גלייך איין.

עליזאַבעט האָט געפֿאָלגט. איז אַרויס פֿון צימער. נאָר דער אַלטער איז נישט איינגעשלאָפֿן. איצט, אַז ער איז געבליבן אַליין, האָט ער גענומען קרעכצן. מאָדנע: װאָס מער ער האָט געקרעכצט, אַלץ שאַרפֿער האָט ער געפֿילט דעם װייטיק.

ער האָט פאַרקלעמט די ציין און ביסלעכווייז איז ער געוואָרן פאַרטאַיעט. ער האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן. זיך אָנגע־שטרענגט צו בלייבן שטיל — און נישט געקענט. נאָר געדאַכט האָט אים: נישט ער קרעכצט, נאָר ער הערט, ווי עמעצער אַנדערש קרעכצט.

ערשט פאַרטאָג איז די אַלטע אויפגעשטאַנען און איז אַריינגעקומען צו אים אין צימער. זי האָט אויפסניי גענומען אים לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן. דערביי האָט זי גערעדט מיט געטריי־טרייסטנדיק קול:

— נישט געזאָרגט, ביל... דו ביזט אַ שטאַרקער מאַן... אַ ריכטיקער מאַן... דו וועסט איבערטראָגן... יאָ... געדענקסט, ביל? האָסט אַמאָל ערגער געליטן... ביזט געפאַלן און אַ שווערער וואָגן איז דיר אַריבער איבערן פוס... האָסט געחלשט... געלעגן אָן באַוואוסטזיין... כ'האָב געמיינט: ביזט שוין פאַר־ביי... און דו ביזט געזונט געוואָרן... וועסט איצט אויך איבער־טראָגן... מען וועט דיך נעמען אין שפּיטאָל... דאָרט היילט מען גיך אויס...

ס'האָט שוין געשאַרעט אויף טאָג. די פינסטערניש, וואָס איז געלעגן אויף די שויבן, האָט גענומען גרויען. קילקייט האָט פון ערגעץ געשטראָמט. דעם אַלטן האָט זיך געדאַכט: ער הערט פּישטשערייען פון פייגל, וואָס כאַפּן זיך אויף פון שלאָף. דער קראַנקער האָט געטראַכט: ער דאַרף עפּעס אָנזאָגן דער אַלטער. וועגן אייניקל דאַרף ער איר אָנזאָגן... נאָר גע־דיכטע וואַרעמקייט וויקלט זיין גוף. דער ווייטיק איז געוואָרן אָפּגעטעמפּט, די אויגנדעקלעך זענען געפאַלן שווער אויף די אויגן. ער האָט גענומען זינקען אין נעפּל... און איבער דעם פעלד שטייט הייסע זון... און די זאַנגען שאָקלען זיך מיט געלעכטער... פון צווישן די זאַנגען שרייט אַ פויגל שאַרף גע־שריי.

די אַלטע האָט באַמערקט, אַז ער איז איינגעשלאָפן. האָט זי אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל, האָט זיך שטיל אַוועקגע־זעצט אויף דער קושעטקע. האָט געקוקט אין פענסטער, געזען,

ווי דער דרויסן גרויט, און געטראַכט: ער וועט זיין „אַלרייט״. מיין ביל... ער וועט איבערטראָגן... ער איז אַ קרעפטיקער מאַן, מיין ביל...

— — — — — — — — — — — —

דער אַמבולאַנס איז אָנגעקומען גלייך ווי דער טאָג האָט אויסגעבראָכן. מיטן אַמבולאַנס זענען געקומען צוויי שפּיטאָל-דינער. טאַנין — אין זיין מאַשין. טאַנינס פּנים איז געווען בלייך, אַ ביסל אויסגעצערט. ס׳האָט אויסגעזען: ער איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

אויף דער ווערענדע האָט זיך באַוויזן עליזאַבעט. זי האָט אויסגעזען פריש. דאָס פּנים איז איר געווען קלאָר. די האָר פריש-פאַרקעמט. נאָר מאָדנע צערודערטקייט האָט טאַנין אין איר געטראָפן. אַזאַ צערודערטקייט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען אין איר. שטאַרקע ליכטיקייט איז געווען אין דער צערודערטקייט.

— ווי פילסטו, עליזאַבעט?

— ווייס איך?

זי האָט קוים געשמייכלט. אויף דער שמייכל איז געווען אַ מאָדנער.

— ווי איז דורך די נאַכט?

— דער זיידע האָט שטאַרק געליטן... פאַרטאָג האָט ער איינגעדרימלט.

— אין שפּיטאָל וועט אים גרינגער זיין.

— לאָמיר האָפן... איך וועל גיין זען צי ער שלאָפט נאָך.

זי איז אריין אין הויז. איז מיט שנעלע טריט אַרויף די טרעפּ. זיך אַריינגעשאַרט אין צימער. דער אַלטער האָט זיך שוין געהאַט אויפגעכאַפּט; דאָס קרעכצן פון מאָטאָר פון אַמבולאַנס האָט זיין דרימל איבערגעריסן. ער האָט איצט אויסגעזען אַ סך רויקער. עליזאַבעט האָט געפרעגט:

— ווי פילסטו, זיידע?

— אַ? בעסער... איך בין געשלאָפן, זעט אויס.

— יאָ... אַ ביסל געשלאָפן.
— דער אַמבולאַנס איז שוין דאָ?
— נאָר-וואָס אָנגעקומען.
— און טאַנין?
— אויך געקומען.
— ער איז זייער אַ פיינער, איידעלער מענטש...
עליזאַבעט האָט אָפּגעשוויגן. דער אַלטער האָט ווידער געטראַכט און געזאָגט.
— וועסט אַזוי גוט זיין, עליזאַבעט... גיי אַראָפּ און העלף-צו דער באָבען צוגרייטן די זאַכן, וואָס איך דאַרף מיטנעמען... וועסט פרעגן ביי די, וואָס זענען געקומען מיטן אַמבולאַנס, וואָס מען דאַרף מיטנעמען... און טאַנינען שיק אַרויף צו מיר.
— גוט, זיידע...
ווען טאַנין איז אַרויפגעקומען, האָט דער אַלטער אויסגעשטרעקט צו אים די לינקע האַנט:
— גוטמאָרגן.
טאַנין האָט אָנגענומען די האַנט. דעם אַלטנס פינגער האָבן זיך וואַרעם געטוליעט צו זיינע:
— ביזט בלאַס... ביזט פאַרמאַטערט...
— דאָס מאַכט נישט... ווי פילט איר איצט?
— מיר איז לייכטער... אַ ביסל לייכטער.
— און דער ווייטיק?
— נאָך שטאַרק.
— אין שפּיטאָל וועט אייך גרינגער זיין.
— ס'קען זיין...
דעם אַלטנס בליקן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט וואַרעמקייט און מיט שטיל געבעט... ער האָט טאַנינס האַנט נישט אָפּגעלאָזט:
— עליזאַבעט איז אַ טייער קינד... אַ גאָלדן קינד...
— איך ווייס, מיסטער ווילס.
— און דו ביזט אַ גוטער... אַ פיינער מענטש... וויל איך דיך בעטן: —

האָט אָפּגעשוויגן אַ ווײַלע. אַלץ געקוקט מיט געבעט טאַנינען אין פּנים אַרײַן און אויסגעלאָזט:

— זאָלסט זי מיר אָפּהיטן... זי איז מײַן אײנציק קינד... בלײַבט אַלײן... היט זי מיר אָפּ...

טאַנין האָט געשוויגן מיט פרום פּנים.

— זאָגסטו מיר צו?

— „אָלרײַט", מיסטער ווילס.

— און דער רויטער דזשאָן איז אַ „ברוט"... אַ שלעכטער הונט און אַ ליגנער... גלייב נישט זײַנע רייד...

— ווער הערט זיך צו צו זײַן האַווקען?

— „דעטסרײַט"... ס'איז פּונקט ווי אַ הונט בילט... אָבער געדענק: היט זיך פאַר אים. איך קען אים בעסער און איך ווייס: דאַרפסט זיך היטן... און היט מיר אָפּ עליזאַבעטן... אויף דיר פאַרלאָז איך זיך... אַז דו ביזט דאָ מיט איר, בין איך רויק...

— איר מעגט רויק זײַן, מיסטער ווילס.

— דאַנק איך דיר.

זײַנע פינגער האָבן שטאַרקער אַ דריק-געטאָן טאַנינס האַנט. האָבן זי אָפּגעלאָזט—און זײַן פּנים האָט זיך אויסגעלײַטערט...

— — — — — — — — — — — —

מיט אַ שעה שפּעטער האָבן די שפּיטאָל-דינער אַראָפּגעטראָגן דעם אַלטן; האָבן אים מיטן בעטל אַרײַנגעשטעלט אין אַמבולאַנס. דער אַלטער האָט זיך ווידער געשטיקט מיטן ווייטיק, אָבער ער האָט געשוויגן. ער האָט זיך געזעגנט מיט דער אַלטער, וואָס איז געשטאַנען לעבן אַמבולאַנס:

— זאָרג נישט, אַלטע... איך וועל זײַן „אָלרײַט"... היט אָפּ די שטוב.

— פאָר און קום געזונט, ביל...

— און דו, עליזאַבעט?

— מיר פאָרן מיט, זיידע... איך מיט טאַנינען.

דער אַלטער האָט זיך באַמיט צו שמייכלען.

מען האָט פאַרמאַכט די טירלעך. דער מאָטאָר האָט זיך צעקרעכצט. דער אַמבולאַנס האָט זיך גערירט. זיך אַוועקגע־גליטשט איבערן וועג. עליזאַבעט איז געזעסן לעבן טאַנינען אין זיין מאַשין, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם אַמבולאַנס. זי איז געווען שטיל, פאַרטראַכט. טאַנין האָט שווייגנדיק זיך צו־געהערט צו דער צערודערטקייט, וואָס האָט פון איר געשלאָגן.

די אַלטע איז געשטאַנען פאַר דער וועראַנדע, האָט נאָכגעקוקט דעם אַמבולאַנס און אַלץ געטראַכט:

— ער וועט איבערטראָגן... מיין ביל וועט אַלץ איבער־טראָגן... און צוריקקומען וועט ער אַ געזונטער... אַ קרעפטי־קער... ער וועט צוריקקומען...

---

# קאפיטל צען

ארויסקומענדיק פון שפיטאָל, האָט טאַנינס האַנט פעסט אַ נעם־געטאָן עליזאַבעטס אָרעם; זי איז גלייך צוגעפאַלן צו אים מ׳ט ווארעמען טוליע און זיי האָבן שווייגנדיק אַוועקגע־שפּאַנט, געטריבן פון פאַרבאָרגענער אומרו, וואָס האָט זיך צע־שריגן אין זייערע לייבער. איןביידן איז געווען דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן זיך ענדלעך באַפרייט פון זייטיקע מענטשן און געבליבן אַליין, אויף וועלכן זיי ווארטן שוין אַזוי לאַנג מיט פייניקדיקער אומגעדולד. אָנשטאָט זיך לאָזן צו דער הויפּט־גאַס, וואו עס איז געשטאַנען טאַנינס מאַשין און געוואַרט אויף זיי, האָבן זיי אַוועקגעשפּאַנט מיט דער שטילער, זייטיקער גאַס, וואָס האָט געפירט אַרויס פון שטעטל. טאַנינס קאָפּ איז גע־ווען עטוואָס צו איר געבויגן. ס׳האָט אויסגעזען: ער וויל איר אַ סוד פאַרטרויען, נאָר געזאָגט האָט ער גאָרנישט; די אומרו האָט פאַרצויגן דעם האַלדז, נישט דורכגעלאָזט קיין ווערטער. עליזאַבעטס אויגן זענען געווען פאַרגליווערטע, גאַלדענע וואַ־סערלעך. דינער שמייכל האָט זיך געגאָסן אונטער דער קלאָ־רער הויט פון פּנים. זי האָט געאָטעמט שטיל און הייס.

— עליזאַבעט!

ווי אַ שפרונג האָט דאָס וואָרט אַראָפּגעציטערט פון זיינע ליפּן. זיינע פינגער זענען פעסטער צוגעוואַקסן צו איר אָרעם. זי האָט אירע אויגן אויסגעקערעוועט צו זיין געזיכט. געזען:

אין זיינע באַקן שטייט דריבנער ציטער. אין זיינע גרויע אויגן איז אויפגעטויכט גרינלעך פֿייערל, ווי אין זיי וואָלט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס יונגע גראָז, וואָס וואַקסט שוין פֿאַר די שטילע הייזער אין גאַס.

זיי האָבן געשפּאַנט מיט גרינגע, אימפּעטיקע טריט, ווי זיי וואָלטן געאײַלט ערגעץ אָנצוקומען. די זון האָט געהויכט פֿרישע וואַרעמקייט איבער זייערע פּנימער און העלדזער. דער ווינט האָט מיט ווייכקייט געגלעט די באַקן און די ברייט-צעעפֿנטע אויגן. ערגעץ אַנטפּלעקט זיך אַ גרויס וואונדער... פֿון ווייטקייטן גייט-אויף געזאַנג און זיי שפּאַנען צו וואונדער און געזאַנג.

— דער זיידע וועט דאָך געזונט ווערן... נישט אַזוי, דזשעק?

— זיכער, עליזאַבעט... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט... האָסט געהערט...

— און דו, דזשעק: —

— וואָס?

— ביזט אַזאַ גוטער.

— מיידל מיינס.

זי האָט שטיל אויפגעלאַכט. אויף די צעעפֿנטע ליפּן האָט געשפּראָצט פֿאַרשעמטקייט. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע בליקן, אַז טאַנין האָט דערפֿילט: די זון איז אַריין אין זיין לייב. ליכטיקט זיין בלוט.

דאַן האָט ער באַמערקט: גליקלעכע פֿאַרטראַכטקייט ליגט אויף איר פּנים. פֿון וואָס אַזוינס טראַכט זי איצט? ער ווייסט... כאָטש ער ווייסט נישט... דאָס טראַכטן האָט צו טאָן מיט דער אומרו, וואָס זי טראָגט איצט אין זיך... און אָט איז דאָס פֿאַרטראַכטקייט אָפּגעווישט... זי האָט זיך דערטראַכט... זי האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— וואוהין גייען מיר, דזשעק?

— ווייס איך

— לאָמיר גיין צוריק.

— „אָלרייט“.

איצט האָבן זיך בײדע אַרײנגעקוקט אין די אויגן און זיך צעשמייכלט.

זיי זענען צוריקגעגאַנגען. האָבן זיך געהאַלטן ביי די הענט, ווי קינדער. די אומרו האָט זיך אײנגעשטילט און דאָס געלעכטער האָט געשוימט איבער די הערצער. עליזאַבעט האָט איצט אינגאַנצן געלאַכט. אירע ציין האָבן געלאַכט, אירע ברע־מען האָבן געלאַכט: איצט הייבן זיך אָן די שיינע טעג און די זינגענדיקע נעכט אין די בערג... דער יונגער פרילינג איז אַזוי וואונדערלעך דאָ... דזשעק האָט נאָך די טעג נישט געזען... — די ווערטער האָבן זיך געריסן, זיך צעשפריצט און זיך צוריק באַהעפט... טאַנין האָט מיטגעלאַכט. זיין אומרו האָט זיך באַהאַלטן אין ווינקל פון האַרץ און האָט אויך מיטגעלאַכט. ערשט איצט האָט ער געוואוסט: נישטאָ מער די אויגן, וואָס האָבן כּסדר געוואַכט איבער אים...

— עליזאַבעט...

— וואָס, דזשעק?

— מיר וועלן גיין עסן „דינער“. גוט?

— „אָלרייט“, דזשעק.

— — — — — — — — — — — — —

אין רעסטאָראַן זענען זיי געזעסן אין אַ ווינקל, געגעסן מיט אַפּעטיט און נישט געוואוסט, צי נאָך עמעצער איז פאַראַן אין רעסטאָראַן... זיי זענען בלויז איינער מיטן אַנדערן. מער איז קיינער נישטאָ... מער דאַרף קיינער נישט זיין... זייערע בליקן האָבן זיך געליכטיקט, זיך אַלע ווײַלע צונויפגעשלאָגן, זיך אַרומגעכאַפּט און בײדע האָבן געשמייכלט. דערנאָך האָבן זיי געשוויגן. עס איז געווען, ווי איינער וואָלט זיך צוגעהערט צום געלעכטער, וואָס זינגט אין אַנדערנס לייב. בײַם סוף עסן האָט זיך די אומרו ווידער צעשריגן אין זיי. טאַנין האָט דער־פילט: מער קען ער נישט איינזיצן:

— איך וואָלט שוין וועלן אַרויס פונדאַנען.

— לאָמיר גיין.

— טרינק אויס די קאָפע, עליזאַבעט.

— איך וויל נישט קיין קאָפע.

זי איז אויפגעשפרונגען. טאַנין האָט איר געהאָלפן אָנ־טאָן דעם מאַנטל. ווען זי האָט געהאַט אַריינגערוקט די הענט אין די אַרבל, זענען טאַנינס הענט צוגעפאַלן מיט ציטער צו אירע אַקסלען און זי האָט געפילט: זי וויל צומאַכן די אויגן... זי האָט זיי נישט צוגעמאַכט, האָט בלויז אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געזען: זיינע ליפּן זענען צוזאַמענגעפּרעסט. האָט זי געזאָגט:

— קום.

זיי זענען אַרויס אויפן גאַס. עליזאַבעט איז שטיין גע־בליבן:

— איך וויל נאָך אַריינגיין אין אַ „סטאָר".

— אין אַ „סטאָר"?

ער האָט עס געפרעגט מיט אַזאַ וואונדער, ווי דאָס וואָלט אים געווען געוואַלדיק נישט פאַרשטענדלעך.

— נו, יאָ... אין אַ „סטאָר" — האָט זי געלאַכט.

— צו וואָס?

— איך דאַרף עפּעס קויפן.

— טאָ קום.

פאַרשעמטקייט האָט אַ פלאַם געטאָן אירע באַקן:

— כ'וועל גיין אַליין... דאַרפסט דערביי נישט זיין.

— אָ...

כאָטש ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. אים איז אויסגע־קומען, אַז ער פאַרשטייט יאָ.

— איך וועל אַריינגיין אין „סטאָר"... דערנאָך וועל איך צוקומען צו דער מאַשין.

דאָ איז טאַנינען איינגעפאַלן:

— וועל איך זיך דערווייל אַריינכאַפּן צום „באַרבער"? זיך צושערן?

— „אָלרייט"... גיי טאַקע.

— עס וועט אפשר נעמען אַ ביסל לענגער?

— וועל איך אויף דיר וואַרטן אין מאַשין.

— און געלט האָסטו גענוג, עליזאַבעט?

— איך וועל האָבן גענוג.

— אפשר וועט דיר פעלן? נעם ביי מיר אַ ביסל געלט.

עליזאַבעט האָט זיך שטיפעריש צעשמייכלט:

— „גוד באַי"!.. מיר טרעפן זיך אין מאַשין.

זי האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק. האָט זיך גלייך אומגעקוקט, געזען: טאַנין שטייט אויף זיין פּלאַץ אַ פאַרגליווערטער און דער שמייכל ברענט אויף זיינע ליפּן, אין זיינע אויגן. האָט זי צו אים אַ פאָך־געטאָן מיט דער האַנט און אַוועק.

— — — — — — — — — — — —

ווען טאַנין איז צוגעקומען צו דער מאַשין, האָט ער שוין דאָרט געטראָפן עליזאַבעטן זיצן און וואַרטן אויף אים.

ער איז אַריין אין מאַשין, און עליזאַבעט האָט געזאָגט:

— דריי נאָר אויס דעם קאָפּ... וויאַזוי האָט מען דיר צוגעשוירן?

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. דערנאָך איז אויסגעגלייכט און דערפילט איר האַנט אויף זיין נאַקן. די האַנט האָט אָנגעצונדן הייסע פרייד... דערנאָך האָט ער צוגעבראַכט פולע אויגן גליק צו עליזאַבעטס פּנים:

— וואַרטסט שוין לאַנג, עליזאַבעט?

— נישט זייער לאַנג.

— געקויפט, וואָס האָסט געדאַרפט?

זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט דערזען אַ קליין פּעקעלע, געוויקלט אין פּאַפּיר, ליגט ביי איר אויפן שויס און געפרעגט:

— וואָס האָסטו דאָרט, עליזאַבעט?

— נישט דיינע „ביזנעס"...

און האָט צוגעגעבן:

— דו, פאַר בעסער.

פון עליזאַבעטס ענטפער האָט זיך אין אים די פרייד אַזוי צעזונגען, אַז ער האָט פאַרגעסן, אַז מען קען עפּעס זאָגן.

מיט דער פרייד האָט זיך אויך געשטאַרקט די אומרו. ער האָט שווייגנדיק געטריבן די מאַשין, ביז ער איז אַרויס פון שטעטל. דערנאָך האָט ער שטאַרק אָנגעטרעטן אויף דער „געז״ און די מאַשין האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין ווילדן געלויף. דער וועג איז געלאָפן אויף צוריק אַזוי שנעל, ווי עס לויפט אַ פּאַס אויף אַ מאַשין-רעדל אין אַ פאַבריק. די פעלדער האָבן אויס-געזען צעשטויבט, נאָר געשמעקט פון זיי האָט מיט יום-טוב. דער ווינט האָט זיך געריסן אין שטיקער און געליאַרעמט מיט דין קוויטשעריי.

— דזשעק!

עליזאַבעט האָט אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט זיין רעכטן אָרעם.

— וואָס איז?

— וואָס פליסטו אַזוי? לויפסט דאָך זעכציק מייל אַ שעה?

ער האָט גענומען האַמעווען די מאַשין. ער האָט גאָר-נישט געוואוסט, אַז ער לויפט אַזוי שנעל. ער האָט טאַקע נישט געוואוסט... וואָס לויפט ער טאַקע אַזוי? האַ? זאָל עליזאַבעט מוחל זיין...

— עס קען דאָך אַן אומגליק געשען!

— איך האָב נישט באַמערקט, עליזאַבעט.

— אָ... דזשעק!

זי האָט אים אַריינגעקוקט אין פּנים און נאָך עטלעכע ווערטער זענען געבליבן פאַרחלשע אין איר האַלדז.

ווען די מאַשין האָט דערגרייכט דאָס הויז, איז די אַל-טע אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע:

— אום גאָטס ווילן? וואָס אַזוי שפּעט, [illegible]ער? וואָס מאַכט דער אַלטער? ווי פילט ער זיך דאָרט?

ערשט איצט האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן היינט אַוועקגעפירט דעם אַלטן אין שפּיטאָל אַריין און אים דאָרט געלאָזט. טאַנין האָט לייכט געקנייטשט דעם שטערן; ער האָט זיך איצט דערמאָנט, ווי דער אַלטער האָט אים געבעטן: „היט אָפּ עליזאַבעטן...״ נו, זיכער וועט ער זי אָפּהיטן... זי איז

אים אזוי טייער, ווי דעם אלטן... אפשר נאך טייערער... זיכער נאך טייערער...

עליזאבעט איז ארויס פון מאשין:

— ס'איז אים לייכטער, באבע... ס'איז אים אסך לייכטער... ער וועט זיין „אלרייט"... דער דאקטאר האט געזאגט...

— יא... ביל וועט אלץ איבערטראגן... פארוואס אזוי שבעט?

— אזוי שפעט איז דען?

— ס'איז דאך שוין באלד נאכט.

טאנין האט זיך אפגערופן:

— מיר האבן צוגעווארט, ביז די דאקטוירים האבן אים גוט באטראכט... מיר האבן אויסגעפונען, ווען מען קען קומען אים באזוכן... צוויי מאל אין וואך קען מען קומען...

— — — — — — — — — — — —

* * *

די נאכט האט געשוויגן אונטער די פענסטער. די געגנט איז געשלאפן א גרינגן, רויקן שלאף. טאנין איז געלעגן אין בעט מיט פארמאכטע אויגן. די מידקייט איז געשטאנען ארום זיין גוף, ווי געדיכטער רויך, האט זיך געקלעפט צום לייב. נאר די אומרו אין לייב האט די מידקייט געטריבן... דאס לייב זיינס האט געווארט. אין הארצן איז געשטאנען דריבנער ציטער, ווי אהין וואלט זיך קעלט ארייננעכאפט. ס'איז גוט, וואס ער איז ענדלעך איבערגעקומען דעם טאג. ווילאנג דער טאג האט זיך עס געצויגן? דער פארנאכט האט זיך גארנישט געוואלט ענדיקן. די אומרו האט אים כסדר געטריבן און ער האט זיך נישט געקענט אפשטעלן... איצט רוט ער...

די אויגנדעקלעך זענען געוואָרן שווער. האָבן זיך געטוליעט צו די אויגן. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט, וואָס האָט איצט באַוואוינט דאָס גאַנצע הויז: די צימערן מיט די קאָרידאָרן. ווילאַנג ליגט ער שוין אַזוי אין בעט? שוין לאַנג... האָט ער דען נישט געהערט פריער אַ גערויש פון וואַסער? יאָ... דאָס איז געווען שוין לאַנג פריער... אַ שטראָמל וואַסער איז געלאָפן מיט געשריי און זיך צעשלאָגן, פאַלנדיק אויף האַרטקייט... איצט איז אינגאַנצן שטיל. וואָס אַזוינס האָט ער פריער אין זינען געהאַט צו טאָן?

זיין לייב האָט אַ קרעכץ געטאָן. עמעצער האָט געעפנט די טיר פון זיין צימער. ער האָט ראַפּטעם אַ ריס געטאָן די אויגנדעקלעך פון די אויגן. עליזאַבעט האָט שטיל אַריבערגעשפּאַנט די שוועל... דורך די שויבן האָט געשטראָמט זילבערליכט. עליזאַבעט איז אָנגעטאָן אין אַ קימאָנאָ. האָט זי דאָס היינט געקויפט, די קימאָנאָ? ער איז געבליבן שטיל, כאָטש אין אים האָט עס געליאַרעמט. אים האָט גאָרנישט געוואונדערט. אַלץ איז אים געווען פאַרשטענדלעך. עליזאַבעט פאַרמאַכט שטיל די טיר. אירע האָר זענען אין אַ בונט פאַרנומען אויף איר נאַקן. זי פאַרשליסט די טיר.

ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט:

— קום... קום צו מיר...

אירע טריט האָבן קיין קלאַנג נישט. די קימאָנאָ פאַלט פון איר און זי איז מיט הייסן אָטעם געפאַלן אין זיינע הענט אַריין...

— מיידל מיינס!

פון עליזאַבעטס לייב האָט אויף אים אַ שלאָג געטאָן מיט צייטיק פעלד, ווייכן ווינט, פריש קוואַל־וואַסער. אין זיין לייב האָט אַ גרויס ליכט זיך צעברענט...

— — — — — — — — — — — —

ווען טאַנין האָט אינדערפרי געעפנט די אויגן, האָט ער געטראָפן זון אויף די פענסטער און זון אין לייב. עס האָט געשמעקט מיט יונגן פרילינג, וואָס האָט געזונגען אינדרויסן און געזונגען אין אים.

דערנאָך איז ער געשטאַנען ביים פענסטער. געזען: די פעלדער זענען באַגאָסן מיט זון; יונגע גראָזן שמייכלען מיט קינדערישע אויגן. געהערט די סוויסטשערייען, וואָס שפּראָצן פון ביימער און פון דער ריינער לופט. זיין ניי הויז שטייט אָפּגעגאָסן מיט ליכט... געפילט אין זיין לייב דעם ריח פון עלי־זאַבעטס לייב. געוואוסט אויף וואָס ער האָט געוואַרט אַזוי־פיל יאָר... אויף זיין פרילינג האָט ער געוואַרט. היינט האָט זיך זיין פרילינג אָנגעהויבן. זיין לעבן גייט־אויף.

פון אַלע איברים זיינע האָט זיך געריסן אַ יובל:
— ס'איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט!

---

# קאַפּיטל איינס

הייסע, ליכטיקע זומער-טעג זענען געשטאַנען מיט אָפּגעדעקטע פּנימער און אויף פאַרבאָרגענע פייפלעך אויסגעשאָלט פרייד און בענטשונג איבער דער געגנט. געדיכט-באַוואַקסענע פעלדער און באַבלעטערטעביימער האָבן גרין און זאָרגלאָז געזונגען דאָס געזאַנג פון וואַקסן, זייגנדיק פעטקייט פון ערדס צעעפנטע אוצרות. און די אַרבעט ביים ברעכן דעם באַרג אין דער טיף — האָט מיטגעזונגען:

די טרייב-מאַשין האָט גערוישט ווייך און רעגלמעסיק; האָט מיט אימפּעט געטריבן קראַפט אין די עגבערס אַריין. הויכע, דינע נעגער-יונגען, מיט פאַרגליווערט שוואַרץ פייער אין די אויגן און מיט איינגעהאַלטענער, פאַרבאָרגענער פרייד אין די גלאַנציקע פּנימער, זענען מיט פאַרשטאַרטע, צעשטעלטע פיס געשטאַנען אין דער ברייטער עפענונג פון באַרג. די שטרויענע קאַפּעליושן מיט די ברייטע ראַנדן זענען ווי ליכטיקע טעלער געלעגן אויף זייערע שוואַרצע קעפּ. גלאַנציקע ריטשקעלעך שווייס האָבן זיך געצויגן איבער די בראָנז-געזיכטער און אָפּגעדעקטע בראָנז-העלדזער, ווי עס ציען זיך ריטשקעלעך איבער שויבן בעת רעגן. די מוסקולן אויף די נאַקעטע הענט זענען געווען אָנגעצויגן, ווי האַרטע, דיקע שטריק. די קערפּערס האָבן זיך געבויגן און די קרעפּטיקע הענט האָבן געשטויסן די עגבערס צום לייב פון באַרג.

דער שטיין האָט געשריגן ביינערדיק געשריי; מיט פאַר־ביסנקייט אָפּגעוואָרפן די שאַרפע שפּיצן. נאָר די עגבערס זענען נישט אָפּגעטרעטן. האָבן כסדר געהאַלטן אין איין אָפּ־שפּרונגען און צופאַלן. ווייסער שטויב האָט אַרום זיי געדרוי־כערט. דער באַרג האָט געליאַרעמט מיט פאַרקריצטע ציין און די עגבערס האָבן זיך געגראָבן אין זיין לייב. אַלץ טיפער געדרילעוועט אין זיינע פּלייצעס, ביז: —

דאָס געשריי האָט זיך איבערגעריסן; די עגבערס זענען אויף אַ ווײַלע מיד געוואָרן. שטאַרקע הענט האָבן מיט רעפּ־טעמדיקן שלעפּ זיי אַרויסגעצויגן פון די לעכער און זיי אָפּ־געוואָרפן אָן אַ זייט. דער באַרג האָט שטיל געסאָפּעט, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה. די טרייב־מאַשין האָט אַלץ געשאָרוועט, מיט דעמזעלבן אימפּעט געשניטן קרייזן און ליידיקייט. שוואַר־צע יונגען האָבן זיך געבויגן, זיך געזעצט אויף די קניען; זיך געפּאָרקעט ביי די אויסגעדרילעוועטע לעכער, דערביי זיך איבערגעוואָרפן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער; געבויגן די ווייבע־דיקע ליפּן, געבלאַנקט מיט ווייסע, שטאַרקע ציין:

— פאַרטיק?

— פאַרטיק!

— און דו... דזשים?

— באַלד!

— ריר זיך!

— שוין... גרייט!

— טרעט אָפּ, יונגען!

— פאַרנעמט זיך אָן אַ זייט!

— העי! וואָס שטייסטו דאָרט?

די יונגען זענען אַרויס פון דער עפּענונג; מיט שווערע טריט אָפּגעשפּאַנט אָן אַ זייט, ווישנדיק מיט די נאַקעטע הענט דעם שווייס פון פּנים און שטערן. האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט. שטילער שווידער האָט דורכגעציטערט און אַ קול האָט געוואָרנט:

— פאָרזיכטיק!

— רוקט זיך אָפּ!

אַ ווײַלע האָט דורכגעגליטשט. כאָרכל האָט אַ רעיווע געטאָן און ריזיקע פויסט האָט אַרײַנגעשלאָגן הילכיקן זעץ אין ליידיקייט אַרײַן. איבער דער עפּענונג האָט זיך אויפגעהויבן געדיכטער, בלאָער רויך. אַ פויגל האָט אַרויסגעלאָזט שנײַדנדיקן סוויסטש און צעוועקגעשאָסן. שווערער קרעכץ האָט געזאָטן פון דער עפּענונג אַרויס...

— גערירט זיך!

יונגען מיט לאָמען אין די הענט האָבן גענומען שפּרונגען אין דער עפּענונג. האָבן מיט די לאָמען געשלאָגן אין די שפּאַלטן, זיך געבויגן אויף צוריק און אָפּגעשטויסן די צאָפּנעשפּאָלטענע שטיקער שטיין. די הייב־מאַשין האָט זיך צעגרעגערט. דינער פּאַס ווײַס באַרג האָט פון איר מיט גרילץ צרויסגעשטראָמט, און דער שווערער האָק, צוגעבונדן צו אײַזערנע שטריק, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. שוואַרצע הענט זענען דעם האָק באַפּאַלן, האָבן אים געשלעפּט, געדרייט. אַ געשריי האָט זיך אַרויפגעריסן—און דער האָק האָט געהויבן שווערע ש־יקער שטיין, צוגעטראָגן צו דער זייט באַרג און אַראָפּגעלאָזט.

ווידער האָבן קרעפּטיקע, שוואַרצע הענט גענומען שפּאַרן די עגבערס צום שטיין; ווידער האָט דער באַרג געשריגן האַרטבײַנערדיק געשריי, וואָס האָט זיך צונויפגעמישט מיטן גרינעם געזאַנג פון פעלדער און גערטנער.

טאַנין איז געווען אין לאַבאָראַטאָריע; געזעסן מיט ליכטיק־רויקער עקשנות און געמישט פאַרשידענע שטאָפן; באַטאַפּט מיט די פינגער די שטיקלעך שטיין; זיי געשמירט מיט פליסיקייטן און געזען: זיי ווערן פאַרענדערט, נעמען אָן פאַרשידנאַרטיקע קאָלירן. ער האָט דערבײַ געהערט מיט אַלע איברים דאָס וואונדערלעכע געזאַנג פון אַרבעט און געהערט די ליכטיקע פרייד, וואָס ריזלט אין זיין לייב. אים איז גוט געווען צו זיצן אַזוי בײַ דער אַרבעט און פילן: עליזאַבעטס פינגער ליגן צווישן די געדיכטע פּאַסמעס האָר אויף זיין קאָפּ. איר ווייבער, פרישער אָטעם וויקלט קילקייט אַרום זיין אַנטבלויזטן האַלדז;

בורשטין גיסט זיך ווי ווייַן פון אירע אויגן און דורך ווייסע ציין שטראָמט לויטער געלעכטער:

— דזשעק טייערער! יונגל מײַנס!

— וואונדערלעך מיידל!

— ס'איז דיר גוט מיט מיר, יינגל?

— עליזאַבעט! דו ביזט גליק!

— ווילאַנג איך האָב געוואַרט אויף דיר!

— איך האָב דיך שטענדיק געזוכט.

זיכער: אַלע זיינע יאָרן האָט ער זי געזוכט. נאָך דעמאָלט, ווען די ערשטע בענקשאַפט איז אויפגעגאַנגען אין זיין בלוט, איז צו איר די בענקשאַפט געווען. זיינע אַלע טעג, ווען ער האָט געשוויגן און געטראַכט — האָט ער וועגן איר געטראַכט. כאָטש ער האָט נישט געוואוסט, ווי זי זעט אויס און וואו זי געפינט זיך אויף דער וועלט.

אויף זיינע ליפּן האָט אויפגעבליט אַ ליד, וואָס האָט אים צוריקגעבראַכט דעם ריח פון יענער צייט, ווען ער איז נאָך געווען אין רוסלאַנד און איז געווען אַ גימנאַזיסט. איצט איז אים אויסגעקומען: ווען ער האָט פאַרלאָזט זיין הייםשטאָט און זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט צו זוכן זיין אָרט און פרייד אין לעבן — האָט ער זיך געלאָזט דאָ אַהער, וואו עליזאַבעט האָט אויף אים געוואַרט; וואו דער באַרג איז געשטאַנען שטום, מרה-שחורהדיק און געטראַכט: עס קומט אַהער אַ מענטש, און אָט דער מענטש וועט אַרויסרייסן דעם סוד, וואָס ער האַלט אין זיך פאַרבאָרגן מיט עקשנות שוין אַזויפיל יאָרן... דאָ אַהער איז טאַקע די גאַנצע צייט געגאַנגען. אינמיטן וועג איז געווען עפּעס אַ „שאַפּ", און אַ פרוי, וואָס הייסט סאָפאַ... ווער איז זי, אָט די סאָפאַ? — ער געדענקט נישט איר אויסזען. איר געשטאַלט האָט זיך אָפּגעמעקט אין זיין זכרון פאַר די לעצטע חדשים, וואָס ער האָט זי נישט געזען. זי איז אים געווען פרעמד און געבליבן אַ פרעמדע... אַ? — אין האַרצן האָט זיך עס צונויפגעקלעמט. שטילער רחמנות האָט געזאָגט: איצט איז זי דאָרט אַליין. זיצט אַן

עלנדע און זעט אויס, ווי אַ פאַרזעסענע... אָבער דאָס האָט געדויערט בלויז אַ ווײַלע; — איז ער דען שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט אים צופעליק פאַרהאַלטן אין וועג? און וואָס איז ער דען די גאַנצע צייט פאַר איר געווען? נישט קיין פרעמדער דען? ס'איז געווען אַ פאַטאַלער טעות... ער איז געגאַנגען אין וועג—און זי האָט אים פאַרהאַלטן. זי האָט געוואוסט, אַז ער דאַרף ווייטער גיין. איז ער געגאַנגען. איצט איז ער אָנגעקומען אויף דעם אָרט, וואָס איז געווען פאַר אים באַשטימט.

געוויס! ער וועט דעם סוד פון באַרג אַרויסרייסן!

ער איז געזעסן געבויגן. זיינע גרויע אויגן האָבן זיך געצונדן מיט גרינקייט און זיכערקייט: ער וועט זיינס דער־גרייכן... עפעס פעלט נאָך אין זיינע עקספּערימענטן, אָבער דערגרייכן וועט ער... דער עיקר: ער איז אָנגעקומען אויף דעם אָרט, צו וועלכן ער האָט געשפּאַנט אַלע זיינע יאָרן...

און די שנייד־מאַשינען שטייען שוין איינגעאָרדנט אין דער נייער גרויסער שאָפּע. זיי וואַרטן, די מאַשינען, מיט אומגעדולד. ווי נאָר זיינע עקספּערימענטן וועלן זיין כולקום, וועלן די מאַשינען זיך נעמען באַוועגן. זיי וועלן זיך צע־יובלען און מיט שרייענדיקער פרייד אַרומשניידן די שטיקער שטיין, אַרומגלעטיקן, אַרומשלייפן. די שטיינער וועלן באַקומען וואונדערלעכע פאַרבן. איבערן וועג וועלן זיך גאַנצע טעג טראָגן אויטאָמאָבילן... פון אַלע עקן לאַנד וועט מען קומען אָנקוקן דאָס וואונדער, וואָס טאַנין האָט באַשאַפן... מענטשלע־כע אויגן וועלן זיך אָנגיסן מיט איבערראַשונג. עס וועלן אָנ־קומען אַ סך באַשטעלונגען. ער וועט צושטעלן נאָך עגבערס, צושטעלן נאָך אַרבעטער... אַ צווייטע הייב־מאַשין וועט מען ברענגען... די אַרבעט וועט קריגן אַ מעכטיקן טעמפּ. פון שטעטל וועט מען אַהער צוציען רעלסן. וואַגאָנעס וועלן פונ־דאַנען אָפּגיין... ס'וועט זיך בויען אַ נייער ישוב... און —

הערט ער דען נישט עליזאַבעטס קול? האָט זיך צע־שמייכלט, זיך אַרומגעקוקט און עס האָט אים געוואונדערט:

פון אַלע צימערן טראָגט זיך עליזאַבעטס ליכטיקע שטים, כאָטש זי איז דאָ נישטאָ. וואו זשע איז עליזאַבעט? אַ? נאָך אינדערפרי איז זי אַוועק. דער אַלטער געפינט זיך נאָך אַלץ אין שפּיטאָל... ביי פעלדער און גערטנער אַרבעטן געדונגענע מענטשן. אין הויז געפינען זיך שוין טוריסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. עליזאַבעט דאַרף אויף אַלץ אַכטונג געבן... אָבער איר היים? — איר היים איז דאָ, מיט אים. שפּעטער וועט זי צהיימקומען, וועט ברענגען מיט זיך ליכטיקייט און פולע הענט מיט פרייד...

— ווייב... ווייב מיינס!..

ער האָט עס אַרויסגעשעפּטשעט און געפילט: דאָס גאַנצע לייב זיינס לאַכט. זיכער! ס'איז פאַראַן גרויס גליק אויף דער וועלט!

אַ? אָט וואָס! נישט אין דער צוגויפּשטעלונג פון די שטאָפן פעלט עפּעס. ניין! ס'ווענדט זיך בלויז אָן דער האַרט-קייט פון שטיין. זיכער! אָט איז אַ האַרט שטיקל שטיין און דער קאָליר איז שוין אַנדערש. אויב אַזוי... אויב אַזוי...

אים איז ליכטיק געוואָרן אין קאָפּ. די פרייד פון באַשאַפן האָט אָנגעגאָסן דאָס האַרץ מיט בלענדנדיקער ליכטיקייט. אָט וועט ער עס באַלד אויספּרוּוון!

ער איז אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און מיט קרעפּ-טיקע טריט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן צימער. ער איז אַרויס אינדרויסן און האָט גלייך צוגעשפּאַנט צום נעגער-יונג, וואָס איז געשטאַנען און צונויפגעלייגט די שטיקער שטיין, וואָס די הייב-מאַשין האָט צו אים צוגעטראָגן:

— וועלכע שטיקער שטיין זענען די לעצטע?

דער נעגער האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע, צעטומלטע אויגן. האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיטן „באָס": עפּעס זעט ער אויס אַזוי משונה.

— אַ?

— איך פרעג דאָך?!

— „יעס, סיר“.

— װעלכן שטיין האָט די הייב־מאַשין נאָר־װאָס אַראָפּ־געלאָזט?

— אָט דער... איך לייג איצט צוזאַמען.

טאַנין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען. האָט מיט האַמער גענומען שלאָגן דעם בּרעג פון שטיק שטיין, בּיז ער האָט אָפּגעהאַקט אַ פּאָר שטיקלעך. האָט זיי אַװעקגעלייגט אָן אַ זייט און װידער געפרעגט:

— און דער שטיין, װאָס ליגט אָפּגערוקט?

— פון אינדערפרי.

— איז גוט.

און װידער אָפּגעהאַקט אַ פּאָר שטיקלעך.

— און װעלכער איז פון נעכטן?

— אָט דאָרט ליגט.

אַזוי האָט טאַנין אָפּגעקליבּן שטיקלעך פון די שטיינער. האָט זיי אויסגעלייגט לויטן סדר איינס נאָכן אַנדערן. האָט זיך פאַרטראַכט אַ װיילע, איז צוריק אַריין אין לאַבּאָראַטאָריע, גלייך אַרויסגעקומען און מיט קרייד באַצייכנט די שטיקלעך שטיין לויטן סדר, װי זיי זענען פון בּאַרג געקומען. דערנאָך האָט ער זיי צונויפגענומען און איז מיט אימפּעט אַריין אין לאַבּאָראַטאָריע.

דער נעגער־יונג האָט אים אַלץ נאָכגעקוקט מיט שרעק: װאָס טוט זיך מיטן „בּאָס“? איז ער נישט אַמאָל פון זינען אַראָפּ? װי עס בּרענען זיינע אויגן! װי עס פיבּערט זיין לייב!

אין לאַבּאָראַטאָריע האָט טאַנין געאַרבּעט מיט הייסן ציטער אין לייב. ער האָט געאָטעמט שװער און שנעל. מיט ציטערדיקע הענט אויסגעלייגט די שטיקלעך שטיין לויטן סדר, האָט געכאַפּט אַ פּליסיקייט און גענומען שמירן איין שטיקל נאָכן אַנדערן. זיינע אויגן זענען געװאָרן גרעסער; ער האָט געזען: יעדעס שטיקל שטיין, װאָס קומט שפּעטער פון בּאַרג און איז דערפאַר האַרטער, נעמט אַלץ בּעסער אויף דעם קאָ־

ליר, וואָס ער וויל דעם שטיין געבן. אַ גרויסע פרייד האָט אויף אים אַ פליי געטאָן. פידלען האָבן זיך צעשפילט אין זיין בלוט:

— אַזוי איז עס!

דער שטיין דאַרף נאָך האַרטער ווערן און ער האָט דער־גרייכט! מען דאַרף ברעכן דעם באַרג טיפער... דעם גאַר האַרטן שטיין דערגרייכן—און זיין חלום איז פאַרווירקלעכט! ער האָט זיך שטיפעריש אַ דריי־געטאָן אויף די קנאַפל, גענומען פּליעס־קען מיט די הענט און אויף אַ קול זיך צעשריגן:

— דערגרייכט! דערגרייכט!

וואו איז עליזאַבעט? וואו איז זי? אַ? זי גייט, עלי־זאַבעט!

ער האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען פונוואַנען ער ווייסט, אַז זי גייט. ער האָט זי דאָך נישט געזען. נאָר מיט אַלע חושים האָט ער דערפילט, אַז זי גייט אַהער. ער איז פלינק אַרויס פון הויז און האָט זי גלייך דערזען:

— עלי—זאַ—בעט!

פון וויטן האָט עליזאַבעט אויפגעהויבן אַ האַנט און גע־פאָכעט מיט איר. דער הונט, וואָס איז געלאָפן פאַר איר מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג, האָט זיך אָפּגעשטעלט. פאַרריסן דעם קאָפּ, געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרגאַפּעט און זיך גלייך אַ לאָז גע־טאָן לויפן מיט פריילעך בילן.

טאַניק איז איר אַנטקעגנגעלאָפן. זיין פנים האָט געלאַכט מיט דער גאַנצער הויט. עליזאַבעט האָט אים אַנטקעגנגעלאַכט.

— דערגרייכט, עליזאַבעט! דערגרייכט!

ער האָט זי איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס. האָט זי־ גענומען קושן אין איין אָטעם. עליזאַבעט האָט געלאַכט און זיך געוועדט:

— וואָס טוט זיך מיט דיר? מענטשן זעען דאָך!

— ווער זאָל זען, ווער זעט עס...

— באַרויִק זיך, דזשעק!
— אַ?
ערשט איצט איז טאָניִן געקומען צו זיך. ער האָט זיך אַזש פאַרכליסנעט מיט זיינע אייגענע ווערטער.
— וואָס איז, דזשעק?
מיט איין האַנט האָט ער זי אַרומגענומען. שפּאַנענדיק צוזאַמען מיט איר, האָט ער פיבערדיק גערעדט.
זיינע עקספּערימענטן זענען איצט פולקום. ער האָט זיינס דערגרייכט... איצט דאַרף מען בלויז וואַרטן אויף דעם גאַר האַרטן שטיין... אָט דאָ פריער איז עס אים איינגעפאַלן... ער האָט גלייך געמאַכט אַ פּרווו און עס האָט זיך גלייך אַרויס־געשטעלט, אַז אַזוי איז עס!..
איצט וועט זיך אָנהייבן די ריכטיקע אַרבעט. די שנייד־מאַשינען וועלן אָנהייבן אַרבעטן. עס וועלן קומען די ערשטע באַשטעלונגען... קיין געלט וועט שוין נישט פעלן... נאָך עג־בערס... נאָך אַ הייב־מאַשין...
זיינע אויגן האָבן שטאַרק געלויכטן. עליזאַבעט האָט אים כסדר געקוקט אין פּנים אַריין. האָט געפילט: פרייד שטיקט איר אין האַלדז. זי איז געגאַנגען געטוליעט צו אים. איר איז אויסגעקומען: זי פילט, ווי יעדער אָדער שלאָגט אין אים מיט געוואַלדיקער האַסטיקייט. דער הונט איז געלאָפן פאַראויס. האָט זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט פרייד־געשרייען, שפּרינגענדיק קעגן זיי.
— ווייסטו וואָס, עליזאַבעט?
— וואָס, טייערער?
— איך דאַרף דאָך צאָלן דעם זיידן אַ ראַטע?!
— נו, איז וואָס?
— איצט, אַז די אַרבעט וועט זיך אָנהייבן אויף אַן אמת — וועט זיין געלט... זונטיק וועלן מיר צופאָרן צו אים אין שטעטל און איך וועל עס אים דערציילן... און אפשר וועט ער שוין קענען פאָרן אַהיים?

— אפשר...

— ווען מיר צופֿאָרן זונטיק.

— „אָלרייט“, דזשעק.

— עליזאַבעט!

טאַניַן האָט עס אויסגערופֿן מיט אַזאַ פֿרייד, ווי ער וואָלט זי ערשט איצט דערזען צום ערשטן מאָל נאָכדעם ווי ער האָט לאַנגע חדשים געוואַרט אויף איר אָנקומען...

---

# קאַפּיטל צוויי

די אַלטע מיסעס ווילס האָט געזאָגט:

— פאָרט, קינדער... פאָרט, וועט איר זען, וואָס דער אַלטער טוט.

ס'איז געווען זונטיק נאָך פרישטיק. די טוריסטן, וואָס זענען איינגעשטאַנען אין הויז, זענען שוין אַלע געווען אין זוניקן דרויסן. טאַנין איז געשטאַנען אַ געשטרעקטער. אַ פריש-געגאָלטער, האָט שטיל געשמייכלט, הערנדיק דאָס וואָרט „קינ-דער". האָט אַלץ געדענקט, ווי עליזאַבעט איז געשטאַנען מיט דער צעשפּילעטער פּלייצע האַרט לעבן אים:

— פּאַרקנעפּל, דזשעק... האָסט געוואָלט, איך זאָל אָנטאָן דאָס קלייד, און דאָס קלייד קנעפּלט זיך אויף דער פּלייצע. פּאַר-קנעפּל זשע...

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, מיידל מיינס...

נאָך איצט פילט ער אַ מין טעם אין די שפּיץ פינגער און די אויגן זענען נאָך פול מיט דער ליכטיקייט, וואָס זיי האָבן געטרונקען פון איר גלאַטן, פאַרברוינטן נאַקן.

עליזאַבעט האָט געפרעגט:

— און דו, באָבע? דו וועסט נישט מיטפאָרן זען דעם זיידן?

— איך וואָלט אַוודאי מיטגעפאָרן... אָבער ווי קען איך?

— דו קענסט נישט?

— ווער וועט אכטונג געבן אויפן „דינער", וואָס מען דאַרף צוגרייטן?

— אָ... איז אפשר וועל איך בלייבן, און דו וועסט פאָרן? האַ?

די אַלטע האָט נחתדיק געשמייכלט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף טאַנינען, וואָס איז איצט געווען אָנגעטאָן אין ווייסע „ניקערס", ווייסבלאַנקענדיק העמד און בלאָ רעקל. אויף זיין פּנים איז געווען עטוואָס פאַרלעגנהייט... דערנאָך האָט זי אַ קוק געטאָן אויפן אייניקל און מיט געטריישאַפט געזאָגט:

— זיי נישט קיין נאַר... האָב איך דען נישט געזען בילן מיט אַ פּאָר טעג צוריק? האָסט פאַרגעסן?

— אמת טאַקע.

— און ביל וויל דיך זען... פּאָרט, קינדער... און — ווייסט איר גאָר וואָס? ברענגט אַהיים בילן! שוין צייט, ער זאָל זיין אינדערהיים.

— אַהיימברענגען?

— ווען איך בין ביי אים געווען ס'לעצטע מאָל, איז ער געזעסן אין בעט... האָט אויסגעזען געזונט. ער האָט גערעדט, געשמועסט... געלאַכט און געשפּאַסט און זיך נישט געקלאָגט אויף גאָרנישט... ביל איז שוין געזונט... ברענגט אים אַהיים. ווילאַנג וועט ער דאָרט זיין? גענוג געזעסן דאָרט!

זאַנין האָט געזאָגט:

— אויב דער דאָקטאָר וועט הייסן.

— וואָס מיר דער דאָקטאָר?.. איך קען בילן בעסער און איך זאָג: — ביל איז „אָלרייט"!

עליזאַבעט האָט זיך צעשמייכלט. אַ קוק געטאָן אין טאַנינס פּנים אַריין. דערנאָך אַרויפגעלייגטביידע הענט אויף דער אַלטערס אַקסלען און געלאַכט:

— אַלטע! בענקסט נאָך אים? יאָ... יאָ... דו בענקסט נאָך אים!

— נו, איז וואָס? נאָר א י ך בענק נאָך אים? און דאָס

הויז בענקט נישט נאָך אים? די פערד בענקען נאָך אים...
די פעלדער בענקען נאָך אים און איך — אויך!

— אַזוי רעד!.. שעם זיך נישט... — האָט עליזאַבעט געלאַכט.

— איך שעם זיך שוין גאָרנישט...

טאַנין האָט געשמייכלט:

— אויב נאָר דער דאָקטאָר וועט זאָגן: ס'איז „אָלרייט"— וועלן מיר אים ברענגען.

עליזאַבעט האָט אויסגערופן:

— קום, דזשעק!

די אַלטע האָט זיי נאָכגעקוקט מיט צעליכטיקט פּנים. זי האָט דערביי געטראַכט: אָט דער ביל האָט שוין איינמאָל אַ קאָפּ אויף זיך... דאַכט זיך: פונוויטן — און ער ווייסט אַלץ. ווי האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט גערעדט מיט איר פון עליזאַבעטן? „אַלטע... זיי האַלטן שוין ווייט..." און אָט רופט זי אים ביים נאָמען: „קום, דזשעק"...

דער דרויסן איז געווען אָנגעטרונקען מיט זון, ווי ערד איז אָנגעטרונקען מיט וואַסער נאָך אַ סך טעג רעגן. די פעלדער זענען געלעגן איינגעטונקען אין געדיכטער, טונקעלער און העלערער גרינקייט און שטיל־נחתדיק געקרעכצט פון צופרידנקייט. די אויפגעוואַקסענע תבואות זענען געשטאַנען שווייגנדיק מיט עטוואָס געבויגענע קעפּלעך; זיך צוגעהערט צום פרייִדיקן שרייען פון פליגן; צום סוויסטשען פון פאַרבאָרגענע פייגל. די מאַשין האָט זיך געטראָגן מיט זיכערקייט, זיך געגליטשט איבערן וועג מיט איינגעהאַלטענעם כּוח. עס האָט זיך געאָטעמט מיט הייסער, געשמאַקער זון.

— טו אויס דאָס רעקל, דזשעק!

— וואָס?

— ס'איז דאָך הייס.

— מיינע הענט זענען פאַרנומען ביים רעדל.

— איך וועל דיר העלפן.

טאַנין האָט אויסגעשטרעקט די לינקע האַנט. עליזאַבעט

האָט אַראָפּגעצויגן דעם אַרבל. ער האָט געפילט, ווי אירע הענט גליטשן זיך איבער זיין פּלייצע... דערנאָך האָט ער אויף אַ ווײַלע צוגענומען פון רעדל די רעכטע האַנט און עליזאַבעט האָט געהאַט פון אים אויסגעטאָן דאָס רעקל. זי האָט עס פאַרזיכטיק צונויפגעלייגט, עס זאָל זיך נישט צעקנייטשן, און טאַנין האָט געקוקט אין איר פּנים און נישט געוואוסט: וואָס איז ליכטיקער? די זון אין הימל אָדער עליזאַבעטס פּנים לעבן אים.

— ווייב!

זי האָט געשמייכלט אָן קול. אין דעם איינעם וואָרט איז געווען דער עכאָ פון דער גאַנצער פרייד, וואָס האָט גע־זאָטן אין אַלע איברים זיינע. ער האָט געפילט, ווי דאָס העמד טוליעט זיך צו זיין לייב מיט ווייכקייט... עליזאַבעט אַליין האָט עס אויסגעפּרעסט. נישט פאַרלאָזט זיך אויף דער שווארצער, וואָס וואַשט און פּרעסט אין הויז. ער האָט אַראָפּגעבויגן דאָס פּנים אַזוי, אַז די גאָמבע האָט זיך צוגעטוליעט צום קאָלנער פון העמד. ווי איר האַנט וואָלט דאָרט געלעגן.

— צעקנייטשסט דאָך דאָס העמד!

זי האָט געלאַכט... ער האָט איר גאָרנישט געדאַרפט זאָגן. זי האָט אַלץ פאַרשטאַנען... ווי וואונדערלעך דאָס איז, וואָס זי פאַרשטייט אַלץ... זי האָט אויסגעצויגן די רעכטע האַנט, געגעבן אַ שפּאַר־ארויף זיין גאָמבע:

— לאָז.

מיטביידע הענט האָט זי צורעכטגעמאַכט דאָס שלייפל און די שפּיצן פון קאָלנער.

— ס'איז מיר גוט, עליזאַבעט!

זי האָט בלויז מיט ביידע הענט אַרומגענומען זיין רעכטן אָרעם, צוגעטוליעט איר נאַקעטן אָרעם צו זיין זייט און אָנ־געלענט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל.

— מיר זענען דאָך שוין אין שטעטל!?

ער האָט עס אויסגערופן מיט וואונדער. וואו איז

אַהינגעקומען דער וועג? ער וואָלט געקענט שווערן, אַז זיי זענען נאָר־וואָס אַרויסגעפאָרן.

— טאַקע! אָט זענען מיר דאָך שוין אָנגעקומען.

אויך עליזאַבעט האָט עס נישט פאַרשטאַנען.

דעם אַלטן האָבן זיי געטראָפן זיצנדיק אַ שטילן אויף זיין בעט. דערזעענדיק עליזאַבעטן אַריינקומען, איז דעם אַלטנס פּנים געוואָרן ווי באַשיינט פון זון. ער האָט גלייך דערזען טאַנינען. נאָר איידער ער האָט צייט געהאַט אים צו באַטראַכטן — און עליזאַבעט איז שוין געווען לעבן אים. דאָס גאַנצע פּנים זיינס — פול מיט שטיפערישקייט. דער אַלטער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף, האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט. עליזאַבעט האָט זיי אָנגעכאַפּט, געגעבן אַ טוליע־צו דעם קאָפּ צום אַלטנס ברוסט און גלייך זיך אָפּגעבויגן, אַלץ האַלטנדיק זיינע הענט:

— וואָס מאַכסטו, זיידע?

ער האָט איר אַריינגעקוקט אין פּנים מיט אַזאַ בליק, אַז עליזאַבעט האָט געפילט, זי רויטלט זיך. ער האָט אין איר דערזען אַזאַ גרויסע פרייד, וואָס אַ טייל פון אָט דער פרייד האָט ער אין איר באַמערקט יענעם זומער, איידער זי איז אויפן ווינטער אַוועק אין שטאָט... גלייך אָבער האָט די שאַרפקייט פון זיינע בליקן נאָכגעלאָזט.

— העלאָ, מיסטער ווילס!

— העלאָ!

טאַנין האָט וואַרעם געדריקט דעם אַלטנס האַנט. דער אַלטער האָט געפילט אין טאַנינס האַנט שטאַרקע היימישקייט און אַ מין דאַנקבאַרקייט. ער האָט געקוקט אויף אים אַ ביסל פאַרוואונדערט; געזען: טאַנינס פּנים האָט שוין נישט קיין צייכן פון שטאָט; ס׳איז פאַרברוינט, פאַרשטייפט; זיינע אייגן זענען איצט בלאָ, ווי קאָרנבלימלעך. אויך פון אים שלאָגט שטיפערישע פרייד...

— וואָס הערט זיך ביי אייך, מיסטער טאַנין?

— אַלץ איז „אָלרייט"... אַלץ גייט גוט... אָט וועל איך אייך דערציילן.

נאָר דאָ האָט עליזאַבעט אים שטיפעריש אָפגעשטופּט פון אַלטן:

— זיי שטיל! דאָס — שפּעטער!.. דו, זיידע, זאָג מיר נאָר: ווי פילסטו זיך? האַ?

דער אַלטער האָט זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון שמייכלען:

— איך פיל נישט שלעכט... מיר איז אַ סך בעסער...

— און די וויטיקן זענען שוין נישטאָ?

— אַ ביסל טוט נאָך וויי... אָבער עס גייט איבער... ווערט ווייניקער מיט יעדן טאָג...

— דאָס איז פיין, זיידע! מיר וועלן דיך נעמען אַהיים!

— אַהיים?

— וואָס זשע? דו ווילסט גאָרנישט אַהיים?

דער אַלטער האָט גוטמוטיק געשמייכלט:

— צי איך וויל אַהיים? אַלץ הייסט וועלן!.. דאָ איז מיר שווער... ס'אַרא מאָדנע ריחות דאָ זענען... און די „פּאַיפּ" קען איך נישט רויכערן דאָ... איך וויל זייער אַהיים... נאָר נעכטן האָט מיך דער דאָקטאָר געזען —

— וואָס זשע האָט ער געזאָגט?

— געזאָגט: אַלץ איז „אָלרייט"... נאָר איך וועל דאַרפן דאָ זיין נאָך אַ צען טעג... אָדער צוויי וואָכן... מען דאַרף נאָך איבערבינדן... מען טוט מיר דאָ פאַרשידענע זאַכן... איז וואָס זשע? אַזוי לאַנג דאָ געווען — וועל איך נאָך צוויי וואָכן איבערקומען...

— בעסער אַזוי — האָט טאַנין געזאָגט: — אַז אַהיימפאָרן — זאָל שוין זיין אינגאַנצן געזונט.

דער אַלטער האָט זיך געזעצט אויפן בעט. עליזאַבעט לעבן אים. טאַנין האָט זיך געזעצט אויף אַ בענקל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען. דער אַלטער האָט זיך אויף אַלץ נאָכגעפרעגט: ווי זעען אויס די פעלדער? און ווי וואַקסט דער

„קאָרן״? און די פערד? זענען זיי אַראָפּ פון לייב? און וויפל מילך גיט די ראַבע קו?

עליזאַבעט האָט אים וועגן אַלץ דערציילט: די גערטנער זענען פאַרזעצט... די קאַרטאָפל זענען פיין... דער „קאָרן״? — ווי אַ געדיכטער וואַלד וואַקסט ער... דער אַלטער האָט אויס־געהערט מיט פאַרחלומטע אויגן. זיין פּנים איז געווען איבער־געצויגן מיט בענקשאַפט. ער האָט באַוועגט מיט די נאָזלעפלעך, ווי ער וואָלט געשמעקט דעם ריח פון גאָרטן און פעלד.

דאָ — און טאַנין האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף:

— און איך האָב גאָר פאַרגעסן! אין זינען געהאַט — און פאַרגעסן!

עליזאַבעט האָט זיך אויך אויפגעשטעלט:

— וואָס אַזוינס?

— געדענקסט נישט? אין זינען געהאַט עפּעס צו קויפן פאַרן זיידן — און פאַרגעסן!

— אָ!—האָט עליזאַבעט זיך דערמאָנט — איך וועל איצט אַרויסלויפן און וועל קויפן.

זי איז גלייך געשטאַנען האַרט לעבן טאַנינען:

— גיב געלט, דזשעק!

דער אַלטער האָט ווידער געקריגן שאַרפע בליקן, געזען, ווי עליזאַבעט שטופּט איר האַנט אין טאַנינס קעשענע, און געדענקט, ווי ער האָט גערעדט מיט דער אַלטער, ווען זי איז דאָ ביי אים דאָס לעצטע מאָל געווען. ער האָט איר גע־פרעגט אויף עליזאַבעטן, און די אַלטע האָט געשמייכלט:

— עליזאַבעט? — זי איז ליכטיק, ווי די זון... עליזאַבעט איז פריילעך... זי שפּרינגט און טאַנצט...

— זי׳ איז פריילעך?

— זי איז שיין — עליזאַבעט... ווי אַ שיינע רויז איז זי צעבליט... און פון טאַנינען טרעט זי נישט אָפּ...

די אַלטע האָט זיך שטיל צעלאַכט, האָט דערביי אַ גלעט געטאָן דעם אַלטנס האַנט און געזאָגט:

— זעט אויס: די קינדער האָבן זיך ליב... שטאַרק ליב...

— אַלטע! וואָס זשע לאַכסטו?

דעם אַלטנס פּנים איז געוואָרן אָנגעכמורעט. זיינע אויגן — שאַרפער; די ליפּן — פאַרפּרעסט.

די אַלטע האָט נישט פאַרשטאַנען:

— וואָס זשע, ביל? זיי האָבן זיך ליב... שטיפן צוזאַמען... און ער איז אַזאַ קלוגער מאַן. אַזאַ גוטער... אַ שטאַטישער... אַ געלערנטער...

— געפעלט ער דיר?

— און דיר — ביל? דיר געפעלט ער נישט?

דער אַלטער האָט אָפּגעשוויגן. דערנאָך געפרעגט:

— טאַנין פאָרט אָפּט אין דער גרויסער שטאָט?

— ניין, ביל... ער פאָרט אינגאַנצן נישט.

— און זיין ווייב פון שטאָט — קומט צו אים?

— קיין איין מאָל נישט געווען... ער דערמאָנט קיינמאָל נישט פון איר... ווי ער וואָלט זי אינגאַנצן פאַרגעסן... ער געדענקט גאָרנישט, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט אַ ווייב אין שטאָט...

— געהאַט...

די אַלטע האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ביל מיינט צו זאָגן מיט דעם וואָרט... אָבער זיין פּנים איז געוואָרן ווייכער. זיינע אויגן האָבן שוין נישט געקוקט אַזוי שאַרף. זי האָט אים דערציילט וועגן זיי... זיי זענען אַלעמאָל צוזאַמען... עליזאַבעט גיט אַכטונג אויף דער באַלעבאַטישקייט אין נייעם הויז. דער אַלטער איז אַלץ געזעסן פאַרטראַכט. האָט זיך צוגעהערט און געשוויגן. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַלטע! זיי האַלטן שוין ווייט...

און אָט: „גיב געלט, דזשעק"... און זי שטופּט די האַנט צו אים אין קעשענע.

— וואָס אַזוינס? וואָס האָט איר געוואָלט פאַר מיר קויפן?

עליזאַבעט האָט גענישטערט אין קעשענע ביי טאַנינען און זיך שטיפעריש אָפּגערופן:

— נישט דיינע „ביזנעס", זיידע!

טאַנין האָט געזאָגט:

— נישט אין דער קעשענע, עליזאַבעט... לאָז מיך... איך וועל אַליין גיין.

— ניין... איך וועל גיין.

דער אַלטער האָט געקריגן אַ שטאַרק ערנסט פּנים:

— נו, זאָל זי... זאָל עליזאַבעט גיין... אַז זי וויל דווקא...

טאַנין האָט שוין גאָרנישט גערעדט. ער האָט עליזאַבעטן געגעבן געלט, און עליזאַבעט האָט זיך דאַן אויסגעדרייט צום אַלטן:

— פאַר דיר אַ מתנה! דערפאַר וואָס דו ביזט אַ „גוד באָי" און גייסט שוין אַראָפּ פון בעט. די באָבע האָט דער־ציילט: דו גייסט אַראָפּ פון בעט... האָבן מיר געוואָלט עפּעס קויפן — און פאַרגעסן... וועל איך איצט גיין און קויפן... „גוד באָי"!

און זי איז אַרויס.

אַ ווײַלע זענען ביידע, אי דער אַלטער, אי טאַנין, גע־זעסן שטיל. טאַנין האָט געפילט אַן אומהיימלעכקייט און צו דערזעלבער צייט געוואַרט, דער אַלטער זאָל אָנהייבן רעדן. דער אַלטער האָט געקוקט אויף אים. די בליקן זײַנע זענען געווען פול מיט געבעט. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— רוק זיך צו צו מיר.

טאַנין האָט צוגערוקט זיין בענקל:

— וואָס האָט איר געוואָלט פרעגן, מיסטער ווילס?

דער אַלטער האָט לייכט אָפּגעהוסט:

— אָט וואָס... איך ווייס... ביזט אַ פיינער מענטש... און געדענקסטו? ווען מען האָט מיך גענומען אַהער... האָב איך דיך עפּעס געבעטן... געדענקסטו?

— זיכער... איך געדענק.

— וואָס געדענקסטו?

— איר האָט מיך געבעטן, איך זאָל אַכטונג געבן אויף עליזאַבעטן... געזאָגט: עליזאַבעט איז אַ טייער קינד... און אַן איינציקע איז זי ביי אייך... און איך בין אַ גוטער מענטש...

— ריכטיק...

— איך געדענק אפילו ווי איר האָט געזאָגט: דיר געטרוי איך זי... אויף דיר פאַרלאָז איך זיך... זי בלייבט אַליין — היט זי מיר אָפּ...

— ריכטיק... נו? — האָסטו זי אָפּגעהיט?

— זיכער... זי איז מיר טייער... ווי דאָס אויג אין קאָפּ היט איך זי... קיין זאַך אויף דער וועלט איז מיר נישט אַזוי טייער, ווי עליזאַבעט... איך וועל זי שטענדיק אָפּהיטן... שטענדיק...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. טאַנין האָט איצט נישט גע־קוקט דעם אַלטן אין פּנים אַרײַן. אין פּאַלאַטע איז איצט גע־ווען געפּרעסטע שטילקייט. די איבעריקע בעטן — זענען גע־שטאַנען ליידיק. דורכן פענסטער זענען געפאַלן קווערע פּאַסן זון איבער די בעטלעך... טאַנין האָט געפילט: דעם אַלטנס אויגן קוקן טיף אין אים אַרײַן. ער האָט ווידער אַרויסגעשעפּטשעט:

— אייביק האָב איך געבענקט נאָך איר... האָב איך זי געפונען — וועל איך זי אייביק אָפּהיטן... דאָ האָט ער דער־פילט דעם אַלטנס שווערע האַנט אויף זײַן אַקסל. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און געטראָפן: דעם אַלטנס אויגן זענען ווייכע, שטילע, עטוואָס פאַרטרערטע. דער אַלטער האָט געזאָגט:

— עליזאַבעט האָט זיך נישט פאַרדינט צו ליידן.

— און זי וועט נישט!.. קיינמאָל וועט זי נישט ליידן.

— גלייב איך דיר... דו ביזט אַ פײַנער מענטש... איך פאַרשטיי... איך פאַרשטיי איצט אַלץ... און דאָרט? אין שטאָט?

— איך טראַכט נישט מער פון שטאָט.

— און האָסט געלאָזט וויסן? ווייסט מען שוין דאָרט?

טאַנין האָט אָפּגעשוויגן. פאַרוואָס האָט ער טאַקע נישט געלאָזט וויסן, אַז ער וועט שוין אין שטאָט קיינמאָל נישט צוריקקערן? אַז ער וועט צו „איר” קיינמאָל נישט קומען? ס'איז אים גאָר אינגאַנצן אַרויס פון זינען... ער האָט גאָר פאַרגעסן צו טראַכטן פון דעם... האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דאָרט געפינט זיך אַ פרוי און איר נאָמען איז סאָפּאַ...

— נישט געטראַכט דערפון... גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך בין אַמאָל געווען אין שטאָט... איך וועל לאָזן וויסן... זיכער וועל איך עס טאָן.

דער אַלטער האָט שטיל געקוקט אויף טאַנינס ערנסט פּנים, וואָס האָט איצט אויסגעזען טונקעלער. ער האָט שווייגנדיק אָנגענומען טאַנינס רעכטע האַנט; זי וואַרעם געדריקט מיט זיינע ביידע הענט:

— איך פאַרלאָז זיך אויף דיר...

— — — — — — — — — — — —

עליזאַבעט איז אַריין אַ ביסל אַ צעהיצטע. זי האָט געטראָפן דעם אַלטן און טאַנינען זייער אויפגעלייגטע. ביידע האָבן גערעדט פון באַרג, פון דער אַרבעט. טאַנין האָט אים דערציילט וועגן זיינע דערפאָלגן. דער שטיין וועט נאָר ווערן נאָך אַ ביסל האַרטער, וועט זיך אָנהייבן די אמתע „פּראָדוקציע"... אַלץ וועט גוט זיין.

— אָט האָסטו דיין מתנה, זיידע! אָט איז אַ „באָקס קענדי".

דער אַלטער האָט גענומען פון אירע הענט די מתנה און געשמייכלט:

— אַ דאַנק, עליזאַבעט!.. און האָסט מיר נאָכנישט געזאָגט: ווי פילסטו זיך, עליזאַבעט?

— זייער גוט! אויסגעצייכנט! בעסער איז גאָרנישט מעגלעך!

און גלייך אַרויסגעכאַפּט דאָס קעסטל שאָקאָלאַד פון זיינע הענט:

— כאַפּ נישט! מיינסט, ס'איז דיר אינגאַנצן?

זי האָט עס גלייך געעפנט. האָט גענומען שטופּן דעם זיידן שאָקאָלאַד אין מויל אַריין... האָט געשטופּט דעם שאָקאָלאַד טאַנינען אין מויל. זיך אַליין אָנגעפּאַקט אַ פול מויל. האָט געגעסן, געלאַכט, גערעדט און דערציילט אין איין אָטעם: דזשעק האָט דיר שוין דערציילט? ער מאַכט דאָך פון שטיינער גאָלד!.. ער וועט דאָך ווערן רייך, ווי דער גרעסטער

מיליאָנער... אַ גאַנצע שטאָט וועט זיך אויסבויען אין די בערג... אָ, זיידע! ביזט קלוג! האָסט אַזאַ גוטן פאַרשטאַנד... געדענקסט? האָסט אָבער באַלד געזאָגט: עפּעס מיינט ער מיטן קויפן דעם באַרג... און איצט — אַזוי איז עס! און איך וועל האָבן אַ חלק!.. ווי וואונדערלעך!

ס׳האָט אויסגעזען: אין דער ליידיקער פּאַלאַטע, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט קאַרבאָל און יאָדאָפאָרם, האָט זיך אַריינגעריסן אַ קלאָרער וואַסערפאַל מיט אַ גאַנצער זון. האָט זיך דער וואַסערפאַל צעשטיפט און ברעכט זיינע שטראָמען מיט שטיקנדיק געלעכטער.

איידער זיי האָבן פאַרלאָזט דעם אַלטן, האָט טאַטע געזאָגט:

— איר ווייסט? איך דאַרף אייך דאָך צאָלן אַ ראַטע.

— אַ ראַטע? — האָט דער אַלטער איבערגעפרעגט מיט וואונדער.

— נו, זיכער: די טעג פּאַלט־אויס אַ ראַטע פון די צאָלונגען פאַרן באַרג.

— נאַרישקייטן.

— איצט דאַרף איך איינאָרדענען די שנייד־מאַשינען... צושטעלן אַ מאָטאָר... שפּעטער אַ ביסל וועל איך זיין פרייער אין געלט.

— רעדסט נאַרישקייטן, זון מיינער!

— איך דאַרף דאָך צאָלן!

— ווער מאָנט דיך דען? איך דאַרף נישט קיין געלט דערווייל.

דעם אַלטנס קול איז געווען פאָטערלעך און געטריי. עליזאַבעט האָט אויסגערופן:

— ביזט אַ „דאַרלינג“, זיידע! ביזט אַ „ספּאָרט“!

# קאַפּיטל דריי

דער אַלטער איז געוועקט: מען דאַרף לאָזן וויסן סאָפּאַן, אַז זייערע וועגן זענען זיך אויף שטענדיק צעגאַנגען; די לעצטע שוואַכע פעדעם זענען איבערגעריסן און קיינמאָל וועט ער שוין נישט צוריקקערן, נישט צו דער שטאָט און נישט צו איר. ער האָט זיך ענדלעך אַרויסגעפּלאָנטערט פון שווערן קנויל, האָט דאָ געפונען דערלייזונג און דאָ וועט ער בלייבן.

ווילאַנג איז, אַז ער האָט נישט געזען נישט די שטאָט און נישט סאָפּאַן? שוין זייער לאַנג! ס'איז גוט, וואָס ער האָט ביי סאָפּאַן נישט גענומען קיין געלט, ווען ער איז אַוועק זוכן זיין דערלייזונג. ס'איז זייער גוט... זענען זיי זיך דען נישט שטענדיק געווען פרעמד? — שטענדיק! די יאָרן האָבן זיך געשלעפּט, ווי צום־טויט־פאַרמאַטערטע שוואַרצע פערד איבער זומפּיקן וועג... האָט ער זיך אַליין מיטגעשלעפּט מיט דער שווערער משא פון „שאַפּ" אויף זיינע פּלייצעס און האָט אַפילו קיין כּוח נישט געהאַט זיך אָפּצושטעלן און זאָגן: „סאָפּאַ, מיר זענען פ־עמדע..." איצט האָט ער דעם כּוח און ער וועט עס איר זאָגן...

טאַנין איז געזעסן אין זיין לאַבאָראַטאָריע. ליכטיק האָט געברענט די עלעקטרי; עס זענען געשטאַנען אָפן די פענסטער, און די נאַכט האָט אַריינגעאָטעמט מיט פרישן, וואַרעמען ווינט. זיין העמד איז אים געווען צעשפּיליעט ביים האַלדז און רוי־

קייט, וואָס איז געקומען פון דרויסן, האָט אים די ברוסט גע־גלעט. ער האָט לאַנגזאַם געדויכערט די ליולקע און אין קאָפּ איז אים געווען אַזוי קלאָר, ווי קלאָר עס איז פרימאָרגן אויף זוניק, באַוואַקסן פעלד. אויפן לאַנגן טיש זענען געלעגן אין אַ גלייכער ליניע שטיקער שטיין. געלעגן לויט דעם סדר, ווי זיי זענען געקומען פון באַרג. זיין אויג איז געלאָפן איבער דער ליניע און ער האָט געזען: וואָס ווייטער, אַלץ בעסער נעמען זיך אָן די קאָלירן... און אויבן — געפינט זיך עליזאַבעט... וואָס טוט זי איצטער דאָרט? זאָל זי שוין האָבן איינגעשלאָפן?

אינדרויסן האָט זיך געגאָסן דאָס געשריי פון פליגן, ווי עס גיסט זיך רעגלמעסיקער, דינער רעגן. ווי וואונדערלעך עס איז צו זיצן אין אייגן הויז און זיך צוהערן צו דעם געשריי... און דער אַלטער איז זייער אַ קלוגער און זייער אַ גוטער... פונוואַנען דערנעמט זיך צום אַלטן ווילס אַזאַ פאַרשטאַנד און אַזאַ שטיל, איידל געמיט? קומט דאָס פון דער ערד, צו וועל־כער ער איז אַזוי באַהעפט? דער אַלטער רעדט ווייניק, נאָר זיין אויג זעט... און אפשר דערפאַר, וואָס ער רעדט ווייניק, פאַרשטייט ער אַ סך? וואָס בלייבט נאָך צו דערגרייכן? מען דאַרף צוקומען צום האַרטן שטיין און לאָזן וויסן סאָפּאַן... זי וועט עס פאַרשטיין... און אפשר וואַרט זי שוין וואָכנלאַנג דאָס צו דערהערן פון אים? אָט זענען דאָך דורך אַזויפיל וואָכן—און נישט זי איז אַהערגעקומען און נישט זי האָט גע־שריבן... זי וואַרט אויף דעם... און דאָס איז זייער גוט... ווער ווייסט? אפשר האָט זי אויך אַ וועג צו איר דערלייזונג?

דערביי האָט ער זיך דערמאָנט: ס'איז געווען אינאָווגט... ווילאַנג איז שוין אין דעם? — ס'איז געווען ווינטער... האַ? ווינטער איז עס געווען. אויף דער גאַס איז געלעגן אַ גלאַטע שיכט שניי... פרישער שניי... ער איז געזעסן אין פינסטערן שלאָפצימער ביים פענסטער און מיט מידקייט אין די ביינער אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס. דער בוים ביים פענסטער איז געשטאַנען מיד און שווייגנדיק. האָט געשטרעקט די נאַקעטע צווייגן מיט געבעט. און ער האָט נישט פאַרשטאַנען: וואָס וועט

פאַרש ווערן דער תכלית פון גיין אַלע טאָג צו די דזשייקאָבס אין „שאַפּ״? און ווי קומט עס, וואָס ער מיט סאָבאַן וואוינען אין איין דירה?

דערנאָך איז ער אַריין אין קליינעם עס־צימער. דאָרט האָט געברענט די עלעקטרי, נאָר ס'איז פאָרט נישט געווען ליכטיק. שפּעטער איז אָנגעקומען סאָפאַ. זי האָט אויסגעזען פאַרענדערט, האָט געשמייכלט, און אירע אויגן זענען געווען איבערגעצויגן מיט פעטלעכן גלאַנץ, ווי מען וואָלט זיי איבערגעגאָסן מיט לויטערן בוימאייל.

— ביזט שוין לאַנג דאָ?

— דעם גאַנצן אָוונט.

— און איך האָב געהאַט אַ גאַסט ביי זיך אין „סטאָר״.

— אַ גאַסט?

זי האָט געהאַלטן שטאָלץ דעם קאָפּ. האָט שווייגנדיק און שמייכלענדיק צוגעשאָקלט אויף יאָ. אים — האָט פאַרהוילענער איבל צוגעשלאָגן צום האַרצן. ער האָט גאָרנישט געפרעגט. געטראַכט: זאָל זי אויפהערן צו שמייכלען...

זי האָט דערציילט: עפּעס אַ גוטער באַקאַנטער אירער... האָט אַמאָל געוואוינט מיט איר אין שכנות... ווען זי איז געקומען אין אַמעריקע. זענען זיי געגאַנגען אין איין שול... זי פלעגט זיך נישט אומקוקן אויף אים... ער אָבער איז נישט אָפּגעטרעטן פון איר...

— געווען פאַרליבט אין דיר?

— אַלץ הייסט פאַרליבט! שרעקלעך פאַרליבט...

— טאַקע?

זי איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון איר דערציילן, אַז זי האָט נישט באַמערקט זיין איראָניע... אין איר האָט געזאָטן קרענקלעכע פרייד... דאָס געלעכטער האָט זיך געשטופּט דורכן מויל און דורך דער נאָז... ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט טאַנינען, איז ער געווען אַזוי געקרענקט, אַז ער איז אַוועק פון שטאָט... היינט איז ער בעקומען, זיך גלייך גענומען זוכן

איר אַדרעס. בייטאָג איז ער אַריינגעקומען אין „סטאָר". די
האָט אים כמעט נישט דערקענט.

— נישט דערקענט?

— אינגאַנצן נישט דערקענט... איך שטיי און קוק אויף
אים... און איך פרעג: וואָס פאַרלאַנגט איר? צעשמיי־לט ער
זיך: דערקענסט מיך נישט?

ער איז גאָר אַן אַנדערער. אַן ערנסטער, אַ באַטראַכטער...
ער זעט אויס זייער פיין... ער איז גאַנץ רייך... געפירט גע־
שעפטן...

— נאָר איז נישט גליקלעך?

— וואָס זשע? דו מאַכסט חוזק?

— פאַרוואָס זאָל איך מאַכן חוזק?

— פונוואַנען זשע ווייסטו?

— איך שטויס זיך אָן...

זי האָט פאַרשנד אַ קוק געטאָן אויף אים. האָט זיך דווקא
נישט געוואָלט באַליידיקן און זיך געמאַכט נישט פאַרשטייענדיק:

— האָסט געטראָפן... ער איז זייער נישט גליקלעך.

איז ער פאַרבליבן אין „סטאָר"... ער האָט גאָר באַקו־
מען אַן אַנדער אויסזען... מיר האָבן זיך דערמאָנט אַמאָליקע
צייטן... דערנאָך זענען מיר שוין צוזאַמען אוועק עסן... האָבן
לאַנג שפּאַצירט. ער בלייבט, וואַרשיינלעך, דאָ אין שטאָט.

— זייער פיין.

— עס פאַרדריסט דיך?

— זאָל גאָט היטן!

זי האָט זיך נישט געקענט מער באַהערשן און זיך בייז
אָפּגעקערט פון אים. ער איז גלייך אַריין צו זיך אין צימער,
האָט פאַרמאַכט די טיר און זיך געלייגט. ער האָט געהערט,
ווי זי דרייט זיך אַרום איבער די צימערן, זינגט זיך אונטער
אַזוי מאָדנע... ער האָט געשמייכלט אין זיך אַריין: „שרעק־
לעך פאַרליבט"...

איז אפשר וואַרט איצט סאָפּאַ אויף דעם, די לעצטע
פעדעם זאָלן איבערגעריסן ווערן? קען דען נישט זיין, אַז אַלץ,

וואָס זי האָט דאַן דערציילט, איז געווען ריכטיק? פאַרוואָס זאָל זי עס האָבן איבערגעטריבן? בין איך איר דען נישט גע-ווען אַזוי פרעמד, ווי זי — מיר? אָ? —

ער האָט געגעבן אַ דריי-אויס דעם קאָפּ, זיך געגעבן אַ גלייך-אויס אין שטול און מיט ביידע הענט זיך אָנגעכאַפּט אָן די שטול-הענטלעך. האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָפּ און באַקומען גרויסע אויגן, אָנציענדיק די געדיכטע, שוואַרצע ברע-מען: עמעצער האָט דורכגעשליכט דורכן אָפענעם פענסטער... ער האָט דייטלעך געהערט אַ פּאָר שפּאַן. ווער זאָל דאָס זיין?

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. קילקייט האָט דורכגעזייט דורכן האַרצן. לייכטע שרעק איז צוגעפאַלן, ווי קאַלטקייט צום לייב. און וואו איז דער הונט? האַ? דער הונט מוז זיין ביים טוריסטן-הויז... וואו ליגט דער רעוואָלווער? — ער האָט דער-שפּאַנט צו אַ קליין טישל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל. האָט אויפגערוקט דאָס שופלעדל, אַרויסגענומען דעם רעוואָל-ווער: מען מוז זיין פאָרזיכטיק... איז ער געלאָדן? יאָ, גע-לאָדן...

ער האָט שטיל געעפנט די טיר, איז אַרויס אינדרויסן.

ער איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע ביי דער טיר. האָט זיך אַרומגעקוקט, זיך צוגעהערט — קיינער איז דאָרט נישט געווען. ער האָט בלויז געזען דעם באַ״ג. די שטיינער, וואָס זענען געלעגן אָנגעוואַליעט ביים באַרג; די מאַשינען, וואָס זענען געשטאַנען פאַרשטאַרט. און איבער אַלעם הענגט די נאַכט — אַ טונקל-בלאָ געצעלט. דער הימל איז געדיכט באַ-שאָטן מיט שטערן. דאָס ווינטל איז אַרומגעלאָפן מיט ווייכ-קייט, געריסן פולע גייפטלען שאַרכעריי פון פעלדער און געשאָטן אין ליידיקייט. דאָס געשריי פון די פליגן האָט אָנ-געהאַלטן.

טאַניק האָט געשפּאַנט אַרום הויז. געקוקט אין אַלע ווינק-לען. דערנאָך האָט ער דערשפּאַנט צום וועג, וואָס פירט צום טוריסטן-הויז און ווייטער. זאָל עמעצער האָבן אַראָפּגעשפּאַנט פון וועג און אַריין צווישן דער תבואה אויפן פעלד? עפּעס

אַ שאָטן האָט זיך איבערן וועג אַ רוק געטאָן... זאָל עס זיין עמעצער פון די טוריסטן? דאָס טוריסטן-הויז שטייט שוין אינ-גאַנצן פינסטער.

וואָס איז היינט? זונטיק... זונטיק ביינאַכט. ווען איז עס געווען? אויך אין אַ זונטיק... אין אַ זונטיק ביינאַכט און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הערט טריט אַרום הויז... דאַן האָט דער הונט דאָ געגעכטיקט און ער האָט טאַקע אַ פּאָר מאָל געהאַווקעט.

פאַרוואָס האָט ער זיך איצט דערמאָנט אָן רויטן דזשאָן? האַ? זאָל דאָס האָבן אַ שייכות מיט אָט דעם רויטן יונג?

ער האָט קלאָר דערזען דאָס רויט-צעווילדעוועטע פּנים פון אָט דעם יונג; געזען, ווי ער קריצט מיט די ציינער, און די ווערטער קאָרטשען זיך אַרויס פון זיינע ליפּן, ווי שטאָל-אָפּשניצן, וואָס דרייען זיך פון אונטער אַ שרויף-קריצער: „טרעט אָפּ פונדאַנען!"

נאַרישקייטן! וואָס קען אים טאָן אָט דער רויטער דזשאָן? די לעצטע מאָנאַטן האָט ער גאָרנישט געהערט פון אים.

ער איז צוריק אַריין אין הויז, די טיר איז צוגעפאַלן מיט לייכטן הילך. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם רעוואָלווער אויף זיין אָרט, ווידער גענומען די ליולקע אין מויל און זיך אַוועקגעזעצט.

— דזשעק!

עליזאַבעט האָט זיך באַוויזן אין טיר. זי איז געווען אָנ-געטאָן אין אַ זיידענער קימאָנאָ. ס'איז די קימאָנאָ, וואָס זי האָט געקויפט אין שטעטל דאַן, ווען מען האָט אָפּגעפירט דעם פלטן אין שפּיטאָל אַריין... אירע האָר זענען געפאַלן אויף די אַקסלען און דער שמייכל האָט געבליט אויף אירע ליפּן, ווי עס בליט מאָן צווישן קאָרן:

— וואָס טוסטו דאָ, דזשעק?

זי איז גלייך געווען לעבן אים, האָט איין האַנט אַוועק-געלייגט אויף זיין קאָפּ:

— איך האָב געהערט אַ קלאַפּ.

— איך האָב געמיינט: דו שלאָפסט.
— איך האָב געלייענט דאָס ביכל, וואָס דו האָסט מיר געגעבן.
— איך האָב צוגעמאַכט די טיר.
— איך וואַרט אויף דיר.
זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיינע קניען. האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ און צוגעטוליעט צו אירן.
— „יו... מיי מען".
— אינגאַנצן דיינער, ווייב מיינס.
זיינע הענט זענען צוגעוואַקסן צו איר גוף. דער ריח פון איר לייב האָט זיך געוויקלט אַרום אים, געזאַפּט אין זיין בלוט אַריין... ער האָט אַזש געקרעכצט פון גליק.
— וואָס האָסטו געטאָן אינדרויסן?
זי האָט געהאַלטן זיין קאָפּ אין אירעביידע הענט, גע־קוקט אים אין די אויגן אַריין. אירע ליפּן האָבן געדורשטיקט.
— גלאַט אַזוי... אַרויסגעגאַנגען אַ קוק טאָן אויף דער נאַכט.
— און וואָס האָסטו געזען?
— אַ הימל מיט שטערן...
— אָט וואָס דו האָסט געזען! פאַרוואָס האָסטו מיר נישט אַריינגעבראַכט אַ פּאָר שטערן? דו שלעכט יינגל, דו!
זי האָט איינגעגראָבן די פינגער פון ביידע הענט אין זיינע האָר, איז צוגעפאַלן מיט אירע דורשטיקע ליפּן צו זיינע. טאַנין האָט געפרעגט:
— זאָג: דעם יונג... דעם רויטן דזשאָן זעסטו אַמאָל?
— דעם רויטן דזשאָן? — וואַרט אַ ווײַלע.
זי האָט לייכט אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן, האָט קינ־דעריש־שטיפעריש צוגעלייגט אַ פינגער צו דער באַק. טאַנינס האַנט האָט גלייך געכאַפּט דעם פינגער, האָט אים אַריינגענו־מען צווישן די ליפּן. זי האָט געזאָגט:
— איינמאָל... ס'איז געווען דאָ נישטלאַנג... איך בין געשטאַנען פאַרן הויז, פאַרן זיידנס הויז, איז ער אָנגעכאָרן,

זיך אָפּגעשטעלט: „בעטי״ — האָט ער אַ רוף געטאָן. האָב איך זיך גלייך אויסגעדרייט און אַריין אין הויז. דאָס איז אַלץ... וואָס עפּעס האָסטו זיך איצט דערמאָנט אָן אים?

— גלאַט אַזוי... איך בין פריער אַזוי געזעסן און געטראַכט, האָב איך זיך דערמאָנט... געדענקסט, ווי דער יונג איז געבליבן געפּלעפט, ווען ער האָט דערזען דעם רעוואָלווער?

— צי איך געדענק?!

— איז מיר איינגעפאַלן: דער יונג קען וועלן אָפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל... וואָלט געווען גוט, דער הונט זאָל זיין ביי אונזער הויז.

— האָסט מורא פאַר אים?

— האָסט דאָך געזען, ווי איך האָב מורא?!

— זיכער האָב איך געזען.

און מיט אַנטציקונג געטוליעט זיין קאָפּ צו איר ברוסט:

— דו... דו... מיין שטאַרקער מאַן...

און באַפעלעריש אויסגערופן:

— קום שלאָפן! ווילאַנג איז דער שיעור צו זיצן דאָ?

— איך דאַרף נאָך עפּעס טאָן, מיידל.

— עפּעס טאָן? וואָס אַזוינס?

— שרייבן אַ בריוו.

— אַ בריוו?

עליזאַבעטס אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט ערנסט. די ברעמען האָבן זיך לייכט צוזאַמענגעקנייטשט. זי האָט געקוקט טאַניען אין פּנים אַריין, נישט פאַרשטאַנען. טאַנין האָט געשמייכלט:

— היינט גערעדט מיטן זיידן... האָסט אַ קלוגן זיידן... ער פאַרשטייט אַלץ.

— וואָס פאַרשטייט ער?

עס האָט אויסגעזען: עליזאַבעט פילט אַ קרעכץ אין האַלדז. נאָר טאַנינס פּנים איז אַזוי ,יכטיק, היימיש, און ער שמייכלט:

— אַלץ פאַרשטייט ער... און איך... איך האָב פאַר אים

נישט געלייקנט. איך האָב אים געזאָגט: עליזאַבעט. זי איז... מיר טייער... נישטאָ אויף דער וועלט נאָך אַ זאַך, וואָס זאָל מיר זיין אַזוי טייער... און — איך וועל דיך שטענדיק אָפּ־היטן... שטענדיק.

עליזאַבעטס ברעמען האָבן זיך אויסגעגלייכט. די אויגן זענען געווען אַראָפּגעלאָזט, זי האָט געשמייכלט מיט פאַרשעמט־קייט, ווי עס שמייכלט אַ כלה:

— און ער?

— ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען... ער האָט מיר וואַרעם די האַנט געדריקט.

— ווען איז עס געווען?

— ווען דו ביזט אַוועק קויפן „קענדי".

— אָ! דער זיידע האָט אַ גוט אויג...

זי האָט אַלץ געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— וואָס זשע איז דאָס פאַרא בריוו? האָסט דאָך גע־זאָגט...

— דער זיידע האָט געפרעגט: האָסט געלאָזט וויסן אין שטאָט? ווייסט מען שוין דאָרט?

— מיך אַרט נישט.

עליזאַבעט האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, געקוקט אין טאַנינס פּנים.

— איך פאַרשטיי, עליזאַבעט... אָבער דער זיידע איז נערעכט... איך דאַרף לאָזן וויסן... נישטאָ מיט מיר קיין פאַרבינדונג מער.

— ווילסטו איצט אָנשרייבן אַ בריוו?

— יאָ. איך וועל איצט אָנשרייבן און — אַראָפּ פון קאָפּ.

— „אָלרייט".

זי האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט שטיל. האָט זיך אויפ־געשטעלט, געקוקט — און אין איר בליק איז געווען אַזאַ וואַ־רעמקייט; אַזאַ שטילע וואַרעמקייט, וואָס האָט שטאַרק געלויכטן פון איר און אַרום איר. ווידער האָט זי גענומען זיין קאָפּ אין אירע הענט:

— „אָלרייט”... איך וועל וואַרטן אויף דיר...

ווידער זענען אירע ליפּן געפאַלן אויף זיינע. גלייך האָט זי אָפּגעטרעטן פון אים. טאָנין האָט געהערט: אירע טריט לויפן שנעל און ווייך איבער די טרעפּ... נאָר אויף זיינע ליפּן זענען צוגעווען אירע. ער האָט געהאַט דאָס געפיל: אַט דעם לעצטן קוש וועט קיין זאַך נישט אימשטאַנד זיין אָפּצווישן פון זיינע ליפּן, כאָטש ער איז געווען אַזאַ שטילער...

---

## קאַפּיטל פיר

וואָס באַטראַכט זי דאָרט אַזוי דעם בריוו? אַ? — סאָפּאַ איז געשטאַנען טיף אין קראָם, געשטאַנען ביים ברעג טיש און באַטראַכט די צייכענונגען פון די נייע מוסטערן, וואָס מען וועט דאַרפן צוגרייטן אויף הערבסט; הייסט עס: מען וועט טראָגן קליינע היטעלעך... ס'איז געווען אַרום ניין דעם זייגער אינדערפרי. די קראָם איז געווען איינגעהילט אין שאָטנס, ווי איינגעדעקט אין טונקעלע גאַזן. די טיר איז געשטאַנען אָפן אין מאָרגן אַריין און עס האָט זיך געפילט: געדיכטע וואַרעמקייט לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער נאָר-וואָס אויסגעשפּריצטער גאַס און זויגט פון איר אַראָפּ די פייכטקייט. סאָפּאַ איז געווען רויק; אין איר האָט נאָך געטליעט דאָס אומעטיקע געפיל, וואָס איז אין איר געבליבן פון דער נאַכט; די באַליידיקונג האָט פאַרבאָרגן געהערשט אין איר... איז זי געשטאַנען אַ שטילע, גלייכע; געקוקט פונווייטן אויף איר שוועסטערקינד איידאַ, וואָס האָט געאַרבעט ביי איר אין קראָם. דאָס מיידל איז געבליבן שטיין נישטווייט פון דער שוועל נאָכדעם, ווי זי האָט פון בריווטרעגערס האַנט איבערגענומען דעם בריוו.

וואָס באַטראַכט זי אַזוי דעם בריוו? — סאָפּאַ האָט געשוויגן און געוואַרט. דאָס מיידל, וואָס האָט געהאַט אונטערגעשוירענע האָר און קליינע, נאָר שאַרף-גלאַנציקע אויגן, האָט זיך צעשמייכלט; זיך אַ לאָז געטאָן מיט דריבנע, נאָר פלינקע טריט צו סאָפּאַן:

— פון דזשעקן... אַ בריוו פון דזשעקן...

— פון דזשעקן?

הייסע כוואַליע האָט זיך אַ גאָס־געטאָן אין קאָפּ. דאָס האַרץ האָט זיך געגעבן אַ קרעמפּע־איין. זי האָט שווער אַ שלונג געטאָן. גענומען דעם בריוו אין האַנט, אַ ווײַלע גע־קוקט אויף אים, זיך געשראָקן אים צו עפענען.

— ס׳איז דאָך פון דזשעקן?! — האָט דאָס מיידל נישט פאַרשטאַנען.

סאָפאַ האָט איר נישט געענטפערט. איין האַנט האָט זי אָנגעשפּאַרט אָן טיש... דערנאָך האָט זי זיך געזעצט און זייער געלאַסן אויפגעריסן דעם בריוו.

האָט זי זיך דען נישט געריכט אויף דעם? איז וואָס זשע איז זי געוואָרן אַזוי אומרויק? ס׳איז אַלץ אמת: זיי זענען זיך פרעמד שוין יאָרן... ס׳איז געווען אַן אומגליקלעכער צו־פאַל, וואָס זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן דאַן, ווען זייערע וועגן דאָבן געצויגן אין פאַרשידענע זייטן... אָבער וואָס נאַר־ענטפערט ער זיך אַזוי? זי האָט לייכט געשמייכלט, איבערלייע־נענדיק: „און איך — דיר? בין איך דיר דען נישט פרעמד? גיי איך דיר דען אָן אויף וויפל עס איז? — איך גיי דיר נישט אָן... אָט זענען דאָך דורך אַזויפיל וואָכן—און אויך דו האָסט נישט געלאָזט פון זיך הערן...”

זי איז געזעסן פאַרגליווערט; האָט זיך געפילט משונה־רויִק נאָכדעם, ווי זי האָט דעם בריוו געהאַט איבערגעלייענט. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ענדלעך איז דאָס, וואָס האָט אַזוי לאַנג געקרענקט, געשטאָרבן... נאָר ווען זי האָט צוריק אַריינגעלייגט דעם בריוו אין קאָנווערט, האָט עפּעס שאַרפס דורכגעציטערט איר גוף: איז עס דער סוף? הא? דער סוף?..

ס׳האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. געפילט: איר גוף ווערט דינער און די בריסט אירע זענען איר שטאַרק איינגע־פאַלן... זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן: האָט זי נאָך בריסט? דערנאָך האָט זי ווידער אַרויסגענומען דעם בריוו פון קאָנ־ווערט, האָט אים ווידער איבערגעלייענט: ס׳איז דער סוף.

שטילער ווייטיק האָט זיך געוויקלט אַרום הארץ. שטו־
מער גרויל איז אויפגעגאַנגען אין לייב; אין האַלדז האָבן זיך
געשטופּט טרערן. ס'איז געווען נישט אַזוי דער ווייטיק פון דעם,
וואָס טאַנין וועט זיך שוין צו איר נישט אומקערן, ווי דאָס,
וואָס זי איז געבליבן אינגאַנצן אַליין... אַליין, ווי אַ שטיין,
וואָס איז פאַרוואָרפן הינטער אַ פּלויט... דאָס פּנים האָט גע־
נומען צוקן און דעם בריוו האָט זי אַלץ געהאַלטן אָן אויפגע־
לייגטן.

איידאַ, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען פונוויטן
און אירע שאַרף־שוואַרצע אויגן נישט אָפּגעריסן פון סאָפּאַס
פּנים, האָט צוגעשפּאַנט נענטער:

— וואָס איז מיט דיר, מומע?

איידאַ איז געשטאַנען לעבן איר. סאָפּאַ האָט איר געזען
און נישט געזען. איבער די אויגן זענען געלעגן בלאַמען:

— אַ? ס'איז גאָרנישט...

— ביזט אַזוי בלאַס... דערשראָקן...

סאָפּאַ האָט זיך גלייך באַהערשט. זי האָט צוריק געזען,
געקוקט אין איידאַס צעטומלט פּנים. זי האָט אַפילו געשמייכלט:

— וואָס פעלט דיר איין? נאַריש קינד.

— ביזט געווען אַזוי בלאַס.

— ווער איז געווען בלאַס? פאַרוואָס צפּעס?

דער ווייטיק אין איר איז געווען פאַרשטויסן אין ווינקל
פון הארץ. זאָל דער ווייטיק דאָרט שטיל זיצן, אָבער קיינער
דאַרף אים נישט זען... ס'איז געווען אויך חרפּה אין ווייטיק...
דאָס פּנים אירס איז שוין געווען רויק, אַ ביסל צופיל רויק.

— וואָס שרייבט דער אָנקל?

— וואָס זאָל ער שרייבן? ער איז שטאַרק פאַרנומען...
ער שטעלט דאָך דאָרט אויף אַ גרויסע פאַבריק...

— ער קומט קיינמאָל נישט... פאַרוואָס?

— ער איז פאַרנומען... איך וועל פאָרן צו אים... זונ־
טיק וועל איך פאָרן...

זי האָט ווידער געשמייכלט און גלייך גענומען ווייזן

איידאַן די צייכענונגען פון די נייע מוסטערן, וואָס זענען מיט אַ טאָג פריער אָנגעקומען: זיי זעען אויס גאַנץ איינפאַך... ס׳מערסט וועט מען אין קומענדיקן הערבסט טראָגן קליינע היטעלעך... דו זעסט? דער גרעסטער טייל איז פון פילץ... סאַמעט וועט מען אויך טראָגן...

דאָס מיידל איז געווען צעטומלט: האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי פילט אַזאַ אומהיימלעכקייט.

שפּעטער האָט סאָפאַ געטראַכט פון איר עלטערער שוועסטער, איידאַס מאַמע. האָט געדענקט, אַז די שוועסטער האָט אַ מאַן, איז ער אַ נידעריקער, אַ פוילער און האָט אַ בייכל. זיי „האַלטן" אַ פרוכט- און פיש-„סטאָר"... אַרבעט ס׳מערסט די שוועסטער אין „סטאָר", די קינדער העלפן צו; און דער מאַן איז אַ צוקוקער... קלאָגט ער זיך זייער אָפט: „איך הייב נישט אָן צו וויסן פונוואַנען איך האָב אַ בויך... אַז איך עס דאָך נישט..." פינף קינדער האָט די שוועסטער און אַרבעט דאָס גאַנצע לעבן שווער און ביטער... און אָט די שוועסטער האָט שטענדיק גערעדט מיט דער נאָז אויף טאַנינען:

— צופיל אַ געלערנטער... שטענדיק אַ פאַרטראַכטער און האַלט זיך ווייט פון מענטשן...

און איצט איז אויס... אַלץ האָט זיך געענדיקט.

סאָפאַ איז געבליבן שטיל. איר איינגעבוירענער שטאָלץ האָט איר געצוואונגען שטיל צו בלייבן און קיינעם גאָרנישט דערציילן. זי האָט רויק געטראָגן איר פיין אין זיך. ס׳האָט אויסגעזען: אין איר האָט זיך גאָרנישט געענדערט. די טעג האָט זי פאַרבראַכט אין „סטאָר" און אין „שאַפּ", וואָס איז געווען ביים „סטאָר". די נעכט האָט זי פאַרבראַכט אַליין אין הויז, געווען מיט איר מידקייט און איינזאַמקייט. געוויס: זי פאַרשטייט אַלץ... ס׳האָט געמוזט נעמען אַ סוף... ווילאַנג קען זיך אַ לעבן שלעפּן אַזוי פויל און פרעמד? אָבער אין לייב האָט עס שטיל געוויינט: און זי האָט געהאָפט, אַז עס וועט אַנדערש ווערן: דער טייך, וואָס ליגט צווישן זיי, וועט אויסטרוקענען. אָדער — ער וועט אויסשטרעקן די האַנט צו איר

און וועט איר העלפן אַריבערשווימען צו אים... האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש: דער טייך איז געוואָרן ברייטער, טיפער, און ער — ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעקערט און וויל מער נישט קוקן אויף דער זייט, וואו זי געפינט זיך.

זי האָט זיך געריכט אויף דעם, כאָטש זי האָט עס נישט געגלייבט. ווי שרייבט ער? פריער איז ער געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז ער האָט אפילו קיין כוח נישט געהאַט איר צו זאָגן „מיר זענען פרעמדע". איצט האָט ער כוח... פונוואַנען האָט זיך פלוצלינג גענומען דער כוח צו אים? פונוואַנען?

ערשט אויפן דריטן טאָג איז איר איינגעפאַלן: עליזאַבעט!

מאָדנע: וויאַזוי האָט זי זיך באַלד נישט געכאַפּט? איצט האָט זי געדענקט, ווי עליזאַבעט האָט אויסגעזען, ווען זי איז דאָרט דאָס לעצטע מאָל געווען. זי האָט געשוויגן, זיך באַהאַלטן פון איר...

הא? איז עס טאַקע עליזאַבעט? דאָס האָט זי אים איצט געגעבן דעם כוח? זי מוז דאָס וויסן. אויב דאָס איז עליזאַבעט — איז עס זיכער דער סוף... איז שוין אַלץ פאָראיבער... עליזאַבעט איז דאָך אַזוי יונג און אַזוי וואונדערלעך-שיין... פאַרוואָס זשע שרייבט ער וועגן דעם, וואָס ער גייט איר נישט אָן? וואָס זשע האָט עס צו טאָן מיט דעם, צי ער גייט איר יאָ אָן, אָדער נישט? איז, אפשר האָט זי אַ טעות? אפשר מיינט ער עס טאַקע, און זי קען אים נאָך באַווייזן, אַז ער גייט איר שוין גאָר אַ סך אָן? הא?

נו, זיכער: זי דאַרף פאָרן צו אים. זי וועט אַהינקומען, זיך אַרומקוקן און וועט אַלץ זען... זי מוז דאָך וויסן, וואו זי האַלט אין דער וועלט... און וואָס וועט זיין, אַז זי וועט שוין וויסן? האָט זי דאָך געזאָגט צו איידאַן: זונטיק וועל איך פאָרן...

— איידאַ! וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר?

— גאָרנישט... גלאַט אַזוי.

— מאָרגן איז זונטיק און איך פאָר אַרויס צו דזשעקן.

—פאָרסט טאַקע?

— יאָ... איך וועל אַרויספּאָרן גאַנץ פרי... וועל איך איצט זיין... איך דאַרף זיך נאָך צוגרייטן... ווײסטו שוין היינט פאַרמאַכן דעם „סטאָר".

— „אָלרייט"... איך וועל שוין נעמען די שליסלען מיט זיך.

— פאַרגעס נאָר נישט צו זיין מאָנטיק אינדערפרי אין צייט.

— ס'איז „אָלרייט"... איך וועל זיין אין צייט.

דעם מיידלס פּנים איז ליכטיקער געוואָרן. ס'איז איר געווען אַזוי, ווי זי וואָלט דערהערט אַ בשורה, און דאָס האָט אָפּגעוואַשן דעם חשד, וואָס איז געלעגן אויף איר געזיכט... זי האָט ליב געהאַט סאָפּאַן, און די לעצטע טעג האָט זי כּסדר געפילט האַרצקלעמעניש, קוקנדיק אויף איר...

* *

ס'איז געווען אַרום צען אינדערפרי, ווען סאָפּאַ איז אָנגעקומען צום נייעם הויז אין די בערג. געקומען איז זי אין אַ „טעקסי", וואָס זי האָט געדונגען אין שטעטל. דער מאָרגן איז געשטאַנען אַ לויטערער, אַן אויסגעשלאָפענער, און האָט געשמייכלט. פון די בערגלעך אַרום האָט זיך לייכט געררויכערט און פון די פעלדער האָט געשמעקט מיט פייכטקייט, וואָס האָט געוועפּט אונטער דער זון. די תּבֿואות האָבן זיך געוועקט פון שטילקייט. דאָס נייע הויז מיט די גרינע פענסטער איז געשטאַנען אינגאַנצן אין זון. מאָדנע: וואָס איז דאָס פאַראַ ריח, וואָס סאָפּאַ האָט איצט דערפילט? אַזאַ היימישן און ווייטן ריח.

טאַנין איז געזעסן אויף דער אָפענער וועראַנדע און געררויכערט די ליולקע. ווען ער האָט דערזען: די מאַשין שטעלט זיך אָפּ, איז ער געבליבן פאַרשטאַרט און שטיל. סאָפּאַ האָט

דורך דער שויב דערזען זיין געזיכט און דערפילט: געשריי שטיקט זיך אין האַרץ. אין געשריי איז געווען שאַרפער כעס. דערפּין זענען אירע ליפּן געוואָרן שטאַרק צוזאַמענגעפּרעסט. זי האָט געפילט, ווי איר אָטעם טרייבט געדיכטע הייסקייט אויף איר פּנים. אָבער טיף אין זיך האָט זי געהערט, ווי עס וואָרנט: נאָר רויק... נאָר רויק בלייבן...

זי איז אַרויס פון מאַשין. טאַנין האָט זיך אַ הייב געטאָן. געטראַכט: מען דאַרף זיך צוריקזעצן, אָבער איז שטיין געבליבן. ער האָט געקוקט מיט שרעק און מיט וואונדער: ווי גלייך זי שטייט... געזען, ווי זי באַצאָלט דאָרט דעם „טעקסי"-טרייבער; זי טוט עס אַזוי רויק... זי זאָגט דאָרט עפּעס צו יענעם, און—דאַכט זיך: זי שמייכלט. אין האַרצן ביי אים האָט עס דורכגעהוילט. און: — וואָס וועט דאָ פּאַרקומען? וועט זי מאַכן אַ סקאַנדאַל? און עליזאַבעט איז אין הויז... היינט האָבן זיי געגעסן פרישטיק דאָ אין הויז... איצט טוט זיך עליזאַבעט אָן...

סאָפּאַ האָט מיט געלאַסענע טריט און געהויבענעם קאָפּ זיך דערנענטערט צו אים. איר פּנים האָט געשוויגן, ווי עס שווייגט אָפּגעשניטענע לאָנקע. טאַנין האָט אַ טראַכט געטאָן: גוט, וואָס זי איז נישט געפאַלן ביי זיך...

— העלאָ, דזשעק!

איר קול איז אַרויסגעקומען קאַלט און דווקא קלאָר. זי איז שוין געווען רויק... זי האָט די האַנט צו אים נישט אויסגעשטרעקט. איז צוגעקומען גאָר נאָענט און אים געקוקט גלייך אין פּנים אַריין.

— העלאָ.

אַ ווײַלע זענען ביידע געשטאַנען. טאַנין האָט גכהאַט אַ צערודערט פּנים: וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? האַ? זי האָט לייכט אַ שמייכל געטאָן:

— איר דערקענט מיך נישט?

— אַ? וואָס הייסט איך דערקען דיך נישט?

— איך בין אַן אומגעריכטער גאַסט? האַ? איך בין געקומען זען, וואָס איר מאַכט... זען דאָס נייע הויז אייערס...

— ביטע... אדרבה...

— איך בין אַן אומגעבעטענער גאַסט...

— פאַרוואָס? פאַרוואָס דען? זיך... סאָפאַ.

— אַ דאַנק.

זי האָט זיך שוין געהאַט באַהערשט. האָט געדענקט איר באַשלוס: בלייבן רויק... וואָס עס זאָל נישט זיין — זי דאַרף בלייבן רויק... ער דאַרף נישט זען איר ווייטיק... צו וואָס זיך נאָך דערנידעריקן פאַר אים? קען עס איר דען העלפן אין איר פּיין? זי וועט אים ווייזן: זי קען בלייבן שטיל און רויק...

— וואָס מאַכט איר?

— וואָס זאָל איך מאַכן? — „אָלרייט"...

— ס'איז זייער אַ פיין הויז, זעט אויס.

— אַ גאַנץ פיין הויז.

מער זענען קיין ווערטער נישט געווען. טאַנין האָט זיך דערפילט פאַרפּלאָנטערט אין משונהדיקן לאַבירינט; ווייסט נישט וואו זיך צו קערן און וויאַזוי אַרויסצוקומען... דאָס שווייגן איז געווען פּיינלעך. וואָס גרייט זי זיך צו טאָן? סאָפאַ האָט זיך געשטיקט מיטן שווייגן; אין איר האָט עס געמורמלט: נאָר נישט שווייגן... איך טאָר נישט שווייגן... איך בין זיך צו קיינעם נישט געקומען בעטן קיין טובות... אַז מיך אַרט גאָרנישט... זי האָט זיך געשטאַרקט:

— דערהאַלטן אייער בריוו.

האָט עס אַרויסגעזאָגט אַזוי פּשוט, אָן כּעס, אָן ווייטיק, ווי זי וואָלט עס געערעדט וועגן אַ געשעפט-בריוו. טאַנין האָט נישט געוווּסט, וואָס צו זאָגן. זי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אַ דאַנק אייך.

— פאַרוואָס?

— ס'איז זייער פיין פון אייך, וואָס איר האָט מיר כאָטש געלאָזט וויסן... נישט אַזוי?

דאָ האָט זיך פון הויז דערטראָגן אַ פריילעך-זינגענדיק קול:

— כ'קום גלייך, דזשעק!

סאָפאַ האָט באַקומען פאַרנאַכטיקייט אין די אויגן. איין ווײַלע האָט דער פּיין אַ געשריי געטאָן דורך דער הויט פון פנים... זי האָט שטיל אַ שלונג געטאָן — און דער פּיין האָט צוריק איינגעזאַפּט. די הויטן, וואָס זענען אויפגעלאָפן אונטער די אויגן, האָבן צוריק נאָכגעלאָזט. אויף טאַנינס פנים האָט זיך באַוויזן פאַרעקשנטקייט און ער האָט געזאָגט:

— דאָס איז עליזאַבעט.

שטיל זינגען און גיכע טריט האָבן זיך דערטראָגן צו דער שוועל און: —

— אָ!

די טריט האָבן זיך ראַפּטעם אָן עפּעס אָנגעשלאָגן. עליזאַבעטס אויגן זענען געבליבן שטיין, ווי געפרוירן. אונטער דער הויט פון פנים האָט בלייכקייט דורכגעפלייצט; דאָס מויל איז געבליבן עטוואָס געעפנט. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן. נאָר דאָ האָט זיך סאָפאַ אויפגעשטעלט און: —

— העלאָ, עליזאַבעט! וואָס מאַכט עליזאַבעט?

אין עליזאַבעטס האַלדז איז געוואָרן ענג. זי האָט געקוקט מיט רחמנות-אויגן. טאַנין איז שוין געשטאַנען לעבן איר, און זי האָט ענדלעך אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט:

— אַ דאַנק...

נישט געוואוסט, וואָס ווייטער צו זאָגן, און עס האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט:

— שוין אַזוי לאַנג דאָ נישט געווען...

סאָפאַ האָט געענטפערט ערנסט און אָן שמייכל:

— נישט געווען קיין צייט... פאַרנומען... איך רעכן אָפּ-צופאָרן אויף אַ שטיקל צייט קיין „סאַוט"-אַמעריקע... בין איך געקומען זיך געזעגענען.

טאַנין האָט געקנייטשט דעם שטערן: מיינט זי עס טאַקע? וואָס אַזוינס האָט זי פאַרטראַכט?

סאָפּאַ האָט צוגעגעבן:

— און דערווייל זען דאָס הויז... איך קען דאָך זען דאָס הויז? נישט אַזוי?

טאַנין האָט ווידער געהערט, ווי פּיין האָט פון איר אַ געשריי געטאָן מיט די לעצטע ווערטער. און גלייך געזאָגט שוין אויך רויק:

— זיכער... געוויס... לאָמיר אַריינגיין...

און אַ באַוועג געטאָן מיט אויסגעשטרעקטער האַנט:

— ביטע...

זיי זענען אַריין אין הויז. שטיל האָט מען געשפּאַנט איבער די צימערן. ס'האָט אויסגעזען: אַ פּרעמדער חשובער גאַסט איז געקומען, און מען באַווייזט אים דאָס הויז.

אין הויז האָט געשמעקט מיט ריינקייט און מיט פרייד; מיט רו און זונטיק. אַלץ איז געווען אויסגעשטעלט מיט פיי-נעם געשמאַק. אין די צימערן איז געווען אַ סך ליכט און זון. סאָפּאַ האָט אַלץ באַוואונדערט. ס'איז געווען אַ גלענצנ-דער איינפאַל: ווייס און גרין... די ווענט זענען ווייס, און די פענסטער מיט די טירן — טונקל-גרין... אין הויז שמעקט מיט פעלד און זון... אין האַרצן האָט געוויינט קנאה. ווער ווייסט דען פון דעם, וואָס זי האָט געחלומט פאַר די לעצטע יאָרן?.. איצט זענען די חלומות צעבראָכן... ליגן ערגעץ צונויפגעקערט, ווי דאָס איבערבלייבעכץ פון אַ חורבה... אָבער איר גוף האָט זי נישט געבויגן. זי האָט געשפּאַנט פון צימער אין צימער. טאַנין מיט עליזאַבעטן זענען נאָכגעגאַנגען שטילע, פאַרוואונ-דערטע, ווי זיי וואָלטן געקוקט אויף אַ רעטעניש.

— אַלץ איז פיין איינגעאָרדנט.

אַזוי האָט סאָפּאַ געזאָגט. האָט אַריינגעקוקט עליזאַבעטן אין פּנים:

— עליזאַבעט גיט אַכטונג אויפן הויז? איאָ?

עליזאַבעט האָט נישט געקענט ענטפערן; אירע אויגן זענען געווען פול מיט שרעק. טאַנין האָט זיך אָפּגערופן:

— יאָ... עליזאַבעט...

— לאָמיר אַרויפגיין אויבן.

אַריינקומענדיק אין גרויסן, פיין-מעבלירטן שלאָפצימער, זענען אַלע שטיין געבליבן, ווי זיי וואָלטן פאַרגעסן דאָס לשון. אַלע זענען געווען אין דערוואַרטונג. סאָפּאַ האָט געהערט, ווי איר האַרץ ציילט האַרטע קלעפּ. אָבער די ליפּן האָבן לייכט געשמייכלט. און אָט דאָס שמייכלען פון אירע ליפּן האָט טאַ-בינען שטאַרק צעטומלט און געטריבן הייסקייט אין זיין קאָפּ אַריין... איר רויקייט האָט אים געשראָקן. עס מוז דאָך עפּעס זיין, וואָס זי האַלט זיך אַזוי רויק... ער האָט געהאַט פאַר-קלעמטע קינבאַקן, האָט דערוואַרט אַן אויסברוך און נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס דאָס וועט זיין...

סאָפּאַ האָט געזאָגט רויק:

— די טיר מיטן שפּיגל... ס'איז אַ „קלאָזעט"?

טאַנין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

זי האָט געלאָסן צוגעשפּאַנט, האָט געעפנט די טיר, און אי טאַנין, אי עליזאַבעט האָבן דערפילט אַ שווערקייט אין די אַקסלען...

איצט איז סאָפּאַן אַלץ קלאָר... עליזאַבעט איז די, וואָס האָט אים געגעבן כוח... אויב אַזוי, — איז עס דער סוף... אַ ווײַלע האָט זי זיך נישט געקענט באַהערשן: זי האָט צו-זאַמענגעקלעמט די ציין, געגעבן אַ מאַך-צו די אויגן און שווער אַ שלונג געטאָן. זי האָט די אויגן גלייך צוריק געעפנט; האָט זיך נישט אומגעקוקט נישט אויף עליזאַבעטן, וואָס איז געשטאַנען אַ בלייכע, מיט שרעק אין לייב; נישט אויף טאַני-נען, וואָס האָט געשוויגן, ווי אונטערגעהאַקטער בוים אונטער זון. זי האָט געפילט: ציטער רייסט זיך פון אירע פיס און שטויסט זיך צום האַרץ. טונקלקייט האָט זיך געגליטשט פאַר די אויגן.

ס'איז געווען אַ מינוט, וואָס זי האָט זיך געפונען אויפן וואָגשאָל. די גלייכגעוויכט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן: אָט-או זי גליטשט זיך אויס... און דאָס אויסגליטשן וועט זיין אומ-זיסט. זי האָט זיך נישט אויסגעגליטשט: זי האָט געלאָסן פאַר-

מאַכט די טיר. נאָך אַ מינוט האָט אָנגעהאַלטן דאָס פּיינלעכע שווייגן. דער פּייכטער גלאַנץ אין אירע אויגן האָט איינגע־זאַפּט. צוריק איז זי געשטאַנען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. שטיל און שווייגנדיק האָט זי זיך געלאָזט צו דער טיר—און אַלע דריי זענען אַראָפּ.

איצט האָט טאַנין געוואוסט: ס'וועט גאָרנישט זיין. עלי־זאַבעט וועט נישט באַליידיקט ווערן. קיין סקאַנדאַל וועט זי נישט מאַכן... דאָס האָט דערוועקט ווייכקייט אין האַרץ. ער איז געוואָרן רעדעוודיקער. זיין פּנים — אויפגעלייגטער.

זיי זענען אַלע געזעסן אין לאַבאָראַטאָריע; טאַנין האָט איצט גערעדט צו סאָפּאַן, ווי צו אַ פריינט. ער האָט דערביי געטראַכט: „זיך אַזוי לאַנג געקענט..."

זיין עקספּערימענט איז אַ זיכערער דערפאָלג... אָט ליגן די שטיקלעך שטיין אויפן טיש... זי קען זען: אין יעדן שטיקל איז דער קאָליר ריינער, פולקומענער... איצט דאַרף ער בלויז וואַרטן, ביז דער שטיין וועט נאָך אַ ביסל האַרטער ווערן... אַ ביסל טיפער אין באַרג איז דער שטיין געוויס האַרטער... די אַלע שטיקער שטיין קומען פון די ערשטע שיכטן...

סאָפּאַ האָט אויסגעהערט. ס'האָט אויסגעזען: זי איז שטאַרק פאַראינטערעסירט. איר פּנים איז געווען אַ סך בלייכער, אָבער שטיל... האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ מענטשן, וואָס פאַסט און האָט הנאה פון פאַסטן.

עליזאַבעט האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. געפילט אַזוי־ווי איר וואָלט שווער געווען צו אָטעמען...

ס'שטיקט אַזוי די לופט דאָ... ווילאַנג וועט זיך עס אַזוי ציען? ווען זי קען איצט פאַרלאָזן דאָס הויז... און טאַנינס אויגן פאַלן צו אַלע ווײַלע אויף איר פּנים מיט טרייסט.

טאַנין האָט גערעדט רויק, פונוואַנען האָט זיך דערנומען צו אים אַזויפיל כּוח, צו קענען רעדן און דערציילן? ער מוז עס דאָך טאָן... עליזאַבעט קען דערוויל שווייגן... צו קיין סקאַנדאַל וועט עס שוין נישט קומען. דאָס איז גוט... דערפאַר

איז אזא שטילער ווייטיק אין הארצן... דער רחמנות ליגט
אין ווייטיק, ווי א קערנדל אין שאָלעכץ...

אז אלץ וועט גיין, ווי ער דענקט, וועט ער האָבן עפּעס
דערגרייכט.

סאָפּאַ האָט אומרויק געקוקט צום פענסטער. ס׳איז איר
שוין געווען איבער די כוחות דאָ צו זיין... פאַרוואָס איז די
„טעקסי״ נאָך נישטאָ?.. די טרערן שפּאַרן זיך צום האַלדז,
אָבער זי שטויסט זיי צוריק... אַלץ וועט געלונגען... און דאָס
הויז איז שיין... און עליזאַבעט איז וואונדערלעך שיין... און
טאַנין איז געוואָרן יונג... ווי ריין עס זענען זיינע אויגן און
ווי עס ריזלט די פרייד אונטער דער הויט פון זיין פּנים...
ביי וואָס בלייבט זי? ביים „שאַפּ״ מיטן „סטאָר״... זי מוז
עפּעס זאָגן... אָט וועלן זיך די טרערן אַ שפּאַר טאָן, און זי
וועט זיי נישט קענען מער פאַרצוימען...

זיכער וועט אַלץ געלונגען. ענדלעך וועט טאַנין האָבן
דערגרייכט דאָס, צו וואָס ער האָט זיך געריסן. זי האָט זיך
אָפּגעשטעלט ביים טוריסטן-הויז... זיך דאָרט געפרעגט אויף
אים... אין שטאָט זענען איצט גרויסע היצן... זי וועט אַוועק-
פאָרן אויף עטלעכע מאָנאַטן... ביזן נייעם סעזאָן קען זי
אַוועקפאָרן...

— אָט איז שוין דאָ די „טעקסי״!

זי האָט זיך ראַש אויפגעשטעלט.

— אָ!

דורכן פענסטער האָט מען געזען, ווי די „טעקסי״ האָט
זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז.

טאַנין האָט געזאָגט:

— צו וואָס האָט מען געדאַרפט די „טעקסי״?

אין סאָפּאַס קול איז געווען האַרטער מעטאַל:

— כדי זי זאָל מיך ברענגען אין שטעטל צום באַן.

— איך האָב אַ מאַשין... מען האָט געקענט פריער אָפּ-
עסן „דינער״...

סאָפּאַס קול איז צוריק געווען רויק:

— איך האָבווירקלעך נישט קיין צייט... איך מוז גלייך צוריקפאָרן...

האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

„גוד באַי"... איך ווינש אייך גליק, טאַנין... „גוד באַי", עליזאַבעט... זייט געזונט.

זי האָט עס געזאָגט אַזוי שטיל און רויק, אַז ביידע: אי טאַנין, אי עליזאַבעט זענען געבליבן אויף זייערע ערטער מיט פאַרשאָטנטע פּנימער.

סאָפּאַ איז געשטאַנען אַ גלייכע, אַ געשטרעקטע, נאָר אין איר געשטרעקטקייט איז געווען שווערע געבראָכנקייט. איר פּנים איז געווען אויסגעצויגענער, בלייכער. איבער אירע אויגן — איז געלעגן פייכטקייט.

טאַנין האָט אָנגעהויבן:

— פאַרשטייסט, סאָפּאַ — — —

זי האָט אים איבערגעריסן:

— כ'פאַרשטיי... איך פאַרשטיי אַלץ...

זי האָט אַ ווײַלע געקוקט דאָ אויף טאַנינען, דאָ אויף עליזאַבעטן. האָט געהאַט געעפנט דאָס מויל, האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן. דערפילנדיק, ווי די טרערן שפּאַרן זיך צו די אויגן, האָט זי זיך אויסגעדרייט און איז אַרויס...

— — — — — — — — — — — — — —

זי איז אַוועקגעפאָרן. און דאָס, וואָס זי איז געווען אַזוי שטיל, אָן טענות, האָט איבערגעלאָזט טונקלקייט אי אין טאַנינס האַרץ, אי אין עליזאַבעטס. זיי זענען געשטאַנען אַ ווײַלע שווייגנדיק. נישט געקוקט איינער אויפן אַנדערן. פּונקט אַזוי, ווי סאָפּאַ וואָלט נאָך פאַר זיי געשטאַנען אַ געשטרעקטע מיט איר געבראָכנקייט. ווילאַנג זענען זיי אַזוי געשטאַנען? — טאַנין האָט אויסגעקערט דעם קאָפּ, דערזען: טרערן גלאַנצן אין עליזאַבעטס אויגן. האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט. אַרומגענומען אירע אַקסלען. זי שטיל צוגעצויגן צו זיך... עליזאַבעט האָט מיט געבראָכן קול געזאָגט:

— ס'איז אַ רחמנות...

זי האָט זיך געטוליעט צו אים. געבויגן דעם קאָפּ, צו־געשפּאַרט דאָס פּנים צו זיין ברוסט:

— ס'איז אַ גרויס רחמנות...

טאַנ־נס צווייטע האַנט האָט מיט פאַרטראַכטע פינגער געגלעט עליזאַבעטס קאָפּ:

— יאָ... ס'איז אַ רחמנות...

און טאַנין האָט מיט פאַרטונקלטע אויגן געקוקט צום פענסטער: איז די זון אַרונטער אונטער אַ וואָלקן? עפּעס איז אויף אַ ווײַלע טונקל געוואָרן אין הויז...

---

## כאַפּיטל פינף

דאָ, אין נייעם הויז, איז געבליבן אַן עכאָ פון דעם גרוילעדיקן געוויין, וואָס סאָפאַ האָט פונדאַנען מיטגענומען אין איר לייב. דער עכאָ האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די צימערן, געטריבן שטילקייט אין טאַנינען... דער לעצטער פאַרטרערטער בליק אירער, וואָס האָט געיאָמערט מיט אַזאַ שטילקייט, אַז עס האָט געפינסטערט אין די אויגן, האָט אַרויפגעוואָרפן טונקלקייט אויף טאַנינס און עליזאַבעטס פרייד. אָט אַזויווי אויף זוניק פעלד פאַלט געדיכטער שאָטן. די פרייַלעכקייט האָט זיך געשטיקט אונטער דער טונקעלער צודעק. ביידע זענען געוואָרן שווייגנדיקער, פאַרטראַכטער, ווי זיי וואָלטן געדאַרפט עפּעס איבערוואַרטן. עליזאַבעט האָט אויפגעהערט לאַכן אַזוי זוניק און הילכיק. אַז זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָט זי בלויז געשמייכלט און אין שמייכל איז געווען רחמנות. צו וועמען? אירע טריט זענען געוואָרן געלאַסענער, פאַרקלערטער. טאַנין האָט איר נאָכגעקוקט דורכן פענסטער, געזען, ווי זי שפּאַנט, און זיין האַרץ איז זיך פאַרגאַנגען פון ווייכקייט... אין די פאַרנאַכטן האָט זי זיך צו אים שטיל געטוליעט און געשוויגן. טאַנינס האַנט — סאַראַ וואונדערלעך געטרייע האַנט! — האָט געגלעט איר קאָפּ און אַקסל. האָט געפילט, ווי זי שלינגט אַראָפּ אַ זיפצל. האָט געמורמלט:

— קינד מיינס... טייער קינד מיינס!

— דזשעק.

אירע אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט געטריישאַפט און געבעט ביז די ברעגן.

— ליכטיק קינד.

— ס׳איז דיר נישט אומעטיק?

— ניין... מיר איז גוט... מיר איז זייער גוט...

— און מיר — אויך, מאַן מיינער...

סאַראַ וואונדערלעכע ווארעמקייט עס האָט געדעכפּט איר קול. זי האָט געשמייכלט, ווי אַ קינד אין שלאָף. זיינע הענט האָבן זיך געקלעפּט צו איר גוף און אין די הערצער האָט געקלעפּט צו איר גוף און אין די הערצער האָט גערוט גרויס געטריישאַפט פון איינעם צום אַנדערן... נאָר דער עכאָ פון סאָפּאַס געוויין האָט אַלץ אַרומגעבלאָנקעט איבער די צימערן.

— וואָס האָסטו געטאָן דעם גאַנצן טאָג?

טאַנין האָט געהאַט אויפגעהויבן דאָס קול, נאָר עס איז צוריקגעפאַלן.

— מען שניידט דאָך היי... האָב איך אַכטונג געגעבן.

— נאָך אַ וואָך—און דער זיידע וועט שוין זיין אינדער-היים.

— יאָ...

— וועט ער שוין אַליין אַכטונג געבן.

— איך האָב ליב צו זיין דערביי, ווען מען שניידט דאָס היי.

זי האָט געלאַכט, אָבער ס׳איז אַלץ נישט געווען דאָס הילכיקע געלעכטער אירס.

ביידע האָבן געדולדיק געוואַרט, דער עכאָ זאָל אויסוועפּן. דער וואָלקן זאָל זיך אָפּקוילערן פון דער זון און די פרייד זאָל זיך צוריק צעליכטיקן.

אַזוי האָבן זיי געוואַרט עטלעכע טעג, ביז: —

דער טאָג איז געשטאַנען אַ הייסער און אַ כמורנער.

איבערן הימל זענען געלעגן געפּלעקטע וואָלקנס און די ערד האָט געדיכט פון זיך געאָטעמט. טאַנין איז געזעסן אין לאַבּאָראַטאָריע. ער איז געזעסן שטיל און נערוויכערט די ליולקע. פון וואָס האָט ער געטראַכט? ער האָט געקוקט אויף די שטיקער שטיין, וואָס זענען געלעגן אויסגעלייגט אויפן טיש. איצט האָט ער נישט וואָס צו טאָן... איצט דאַרף ער בלויז וואַרטן... זיין דערפינדונג איז גרייט... און שפּעטער:—ער האָט אויסגעקערט דעם קאָפּ צום פענסטער, געהערט, ווי עס דרילעווען די עגבערס, ווי עס שרייט דער שטיין. אַרבעטער שליידערן מיט קורצע, אָפּגעהאַקטע שטיקלעך שטימען... עס גרעגערט די הייב-מאַשין... עס זשוזשעט די פּאַרע... עס שאָרוועט די טרייב-מאַשין דאָרט אינדערהייך... און אָט: — עס שרייען די שנייד-מאַשינען... זעגן די שטיקער שטיין, און פון דאָרט גייט-אויף אַ ווייסער שטויב; רייסט זיך דורך די פענסטער פון דער גרויסער שאָפּע... לייגט זיך, ווי דינער שניי אויף דער ערד, אויף די שטיקער שטיין... ביים וועג שטייען מאַשינען... מענטשן מיט ביי‍געריקייט אין די אויגן רינגלען אים אַרום... קוקן אויף דעם וואונדער, וואָס ער האָט באַשאַפן... אין וואַגאָנעס לאָדט מען אָן דעם וואונדערשיינעם מאַרמאָר... אין רעש הערט זיך עליזאַבעטס קול... דאָס וואונדערלעך-זינגענדיקע קול...

מיטאַמאָל האָט ער איבערגעריסן דאָס שמייכלען. אַלע טראַכטונגען זענען ראַפּטעם אָפּגעפאַלן. ער האָט אַרויסגענומען די ליולקע פון מויל, זיך גענומען איינהערן: וואָס איז דאָס? דאַכט זיך עס אים בלויז, אָדער דאָס געשריי פון שטיין איז געוואָרן אַ סך העכער, האַרטער, עקשנותדיקער? אין האַרצן איז ליכטיק געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. ווידער זיך איינגעהערט: אַזאַ האַרט און הויך געשריי פון שטיין האָט ער נאָך דאָ נישט געהערט. זאָל זיך עס אים בלויז אויסדאַכטן? עס קען נישט זיין!

ער איז אַרויס אינדרויסן. געבליבן שטיין. די אויגן זיינע זענען איצט געווען שאַרף און גרין. ער האָט געאָטעמט הייסער.

ליידנשאַפטלעכער. געפילט: אויך זיינע כּוחות ריזלען העכער אין לייב...

ער האָט נישט געזען, וואָס עס טוט זיך דאָרט אינדער־הייך, אין דער עפענונג פון באַרג. אָבער אים איז אויסגעקו־מען, אַז די הענט, וואָס האַלטן דאָרט די עגבערס, שטרענגען זיך איצט שטאַרק אָן. ווי העפטיק די עגבערס שפּרינגען פון שטיין... ניין! עס דאַכט זיך אים נישט. עס איז טאַקע אַזוי.

אַ ווײַלע געשטאַנען מיט צעעפנט מויל און געקוקט אויפן באַרג. דער באַרג האָט זיך געקרעמפּט, זיך געזעצט צו דער ערד, מיט פאַרקריצטע ציין געריווען אין זיך אַריין... מיט פלינקע טריט האָט טאַנין זיך געלאָזט באַרג־אַרויף. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. נישט געזען, ווי די פעלדער שטייען אין דרימל; נישט געזען, ווי די געפלעקטע כמאַרעס טראָגן זיך פאַרקלערטע, ווי זיי וואָלטן געשוואומען ליגנדיק אויף די פלייצעס. פון זיין גוף האָט געשלאָגן שווייס, און ער האָט געשפּאַנט אין איין אָטעם. ווען ער איז אַרויפגעקומען אויבן, האָט ער זיך דערנענטערט צו דער גרויסער עפענונג אין באַרג, געבליבן שטיין און אַ ווײַלע שווער געסאָפּעט. זיך צו־געהערט צום ליאַרעם, וואָס האָט זיך געפלאָכטן פון פאַרשידענע געשרייען און רענזשערייען, האָט אַראָפּגעקוקט אין דער עפענונג אַריין. די עפענונג איז געווען ברייט און טיף, האָט אונטן אויסגעזען, ווי דער גרונט פון אַ טיפער סאַזשעווקע פון וועל־כער מען האָט דאָס וואַסער אויסגעשעפּט... דער ליאַרעם האָט זיך געוויקלט אַרום זיין שלאַנקן גוף. אונטן – פון אונטער די עגבערס–האָט עס געשאָטן מיט געדיכטע שטראָמען פונקען.

— אויפזעער!

און גלייך נאָך העכער אויסגעשריגן, צולייגנדיק ביידע הענט צו די זייטן מויל:

— אויפזעער!

אונטן האָט זיך אַ מאַן אויפגעבויגן. האָט פאַרריסן דעם קאָפּ, באַוויזן אַ לענגלעך, טונקל פּנים. האָט אַ ווײַלע געקוקט,

און די האָר אויף זיין קאָפּ זענען געלעגן גלאַטיק. דערנאָך צוריקגעשריגן:

— „יעס, סיר"!

— אָהער קום! ביטע!

יענער דאָרט האָט צוריק אָראָפּגעלאָזט דאָס אויפגעהויבענע פּנים. האָט גענומען שפּאַנען מיט שווערע טריט אין גומענע שטיוול.

די, וואָס האָבן דאָרט געשטופּט די עגבערס, האָבן אויסגעדרייט די קעפּ. ווער קען עס דאָרט שרייען פון אויבן? דערקענט, ווער דאָס איז—און זיך צוריקגענומען צו דער אַרבעט נאָך אָנגעשטרענגטער.

פון דער עפענונג האָט זיך באַוויזן אַ הויכער, דאַרער גוי. ער איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט גרויען שטויב. ער האָט אינגאַנצן געוואָלט אַרויס פון דער עפענונג, נאָר טאַנין האָט זיך געבויגן צו אים:

— וואָס איז דאָרט מיט די עגבערס?

— וואָס זאָל דען זיין?

— זענען זיי טעמפּ?

— ניין... דער שטיין איז האַרטער געוואָרן.

— דער שטיין איז האַרטער? ווירקלעך?

— אַ סך האַרטער! די עגבערס נעמען אים קוים... עס קומט אָן זייער שווער — — —

— איז גוט... זאָל מען גלייך רייסן אָט דעם האַרטן שטיין!..

— דערפאַר גייט איצט די אַרבעט לאַנגזאַמער — האָט דער מאַן פאַרענדיקט.

— ס'איז „אָלרייט"... דאָס איז אַלץ... אַ דאַנק... מען וועט גלייך רייסן?

— באַלד.

דער מאַן האָט געקוקט אויף טאַנינען מיט אומפאַרשטענדלעכקייט: וואָס איז אים אַזאַ פרייד באַפאַלן? וואָס איז

די שמחה, אַז דער שטיין ווערט אַזוי האַרט און די אַרבעט ווערט שווערער און לאַנגזאַמער?

— זאָל מען אָט דעם האַרטן שטיין גלייך רייסן!

— „אָלרייט, סיר"...

טאַנין האָט זיך אָפּגעקערט, זיך געלאָזט שפּאַנען צוריק מיט פלינקע, עלאַסטישע טריט. דאָס געשריי פון שטיין איז איצט געווען זיס צו זיינע אויערן. ער האָט געשמייכלט און אַליין נישט געוואוסט, אַז ער שמייכלט. ער איז אַראָפּגעקומען צום פּלאַץ, וואו די נעגערס האָבן צונויפגעלייגט די שטיקער שטיין. איז האַרט צו צו איינעם פון זיי:

— הער אויס!

— „יעס, סיר"!

— מען וועט גלייך רייסן... די פרישע שטיקער — דאַרף מען לייגן באַזונדער.

— „אָלרייט"...

ער האָט שווער געסאָפּעט און איז גלייך אַריין אין לאַבאָראַטאָריע צוצוגרייטן אַלץ, וואָס ער דאַרף, כדי גלייך אויסצופּרווון דעם האַרטן שטיין.

ווען ער האָט דערהערט דעם אויפרייס פון דינאַמיט, איז ער גלייך אַרויס פון לאַבאָראַטאָריע. ער איז געשטאַנען אומגעדולדיק און געוואַרט. וואָס נעמט עס אַזוי לאַנג? וואָס שווייגט די הייב-מאַשין? פון באַרג האָט זיך געשפּאַרט דער בלאָער רויך און דער באַרג האָט שווער געציטערט אין זיך. ווי אַ כאַרכל וואָלט געעגבערט אין זיינע אינגעווייד... דער קרעכץ פון באַרג האָט געהויערט איבער דער געגנט.

ענדלעך האָט זיך די הייב-מאַשין צעגרעגערט; ערגעץ האָט זיך געריסן אַ פּאַסיק פּאַרע, ווי אַ שאַרפער, דינער וואַסער-שפּריץ, וואָס האָט זיך ענדלעך פון פאַרשפּאַרטקייט אַרויסגעריסן. טאַנין איז געשטאַנען מיט קלאַפּנדיק האַרץ און ברענענדיקע אויגן. פון דער הייך האָט זיך אַראָפּגעטראָגן אַ שטיק שטיין. דער שטיין איז געווען ווייס. האָט אַזש געגלאַנצט פון האַרטקייט. טאַנין איז אונטערגעלאָפן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינכאַפּן דאָס שטיק שטיין אין זיינע אָרעמס.

— רוקט אייך אָפּ!

אַזוי האָט דער נעגער אויסגעשריגן און געגעבן אַ שטרעק־אויס אַ האַנט אויף אָפּצושטופּן טאַנינען.

ווען דאָס שטיק שטיין איז שוין געלעגן אויף דער ערד, האָט זיך טאַנין איבער דעם אַריבערגעבויגן און דעם שטיין אַ גלעט געטאָן מיט ביידע הענט. דער שטיין איז געווען וואַרעם, ווי וואַרעם לייב... טאַנין האָט דעם שטיין נישט געקענט רירן פון אָרט.

— ס'איז זייער שווער... — האָט דער נעגער געזאָגט.

— קענסט אָפּקלאַפּן פון אים אַ פּאָר שטיקער?

— זיכער קען מען!

דער נעגער האָט עפּעס אויסגעשריגן. טאַנין האָט די ווערטער נישט פאַרשטאַנען. נאָך צוויי יונגען זענען צוגעלאָפן. זיי האָבן צוגעבראַכט שווערע האַמערס. די האַמערס האָבן גע־נומען שלאָגן מיט שווערע, קלינגענדיקע קלעפּ. דער שטיין האָט זיך אָבער געהאַלטן.

— אָט דאָס הייסט האַרט! — האָט איינער געזאָגט.

טאַנין האָט אונטערגעשאַיילט:

— שנעלער! איך מוז האָבן אַ פּאָר שטיקער.

די האַמערס האָבן געשלאָגן. זעץ נאָך זעץ. קלונג נאָך קלונג. דער שטיין האָט זיך ענדלעך אונטערגעגעבן. אָט איז אָפּגעפאַלן אַ שטיק. און נאָך אַ שטיק. טאַנין האָט גלייך גע־כאַפּט צוויי שטיקער און אויסגערופן.

— דעם שטיין — לייגן באַזונדער!

אַליין איז ער אַריין אין לאַבאָראַטאָריע.

ער האָט געאָטעמט האַסטיק. די הענט האָבן אים אַ ביסל געציטערט. אַ שטיקל צייט האָט ער זיך געפּאָרקעט ביי די שטיקער שטיין און: —

די וועלט האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט זון! דאָס בלוט האָט זיך צעשאַלט אין אַלע גלידער. וואונדערלעכע אָרגלען האָבן זיך צעשפּילט אַרום:

— ס'איז דאָ!..

— — — — — — — — — — — —

טאַנין האָט זיך פאַרכלינעט: די פרייד האָט זיך אַרי־בערגעגאָסן איבער די ברעגן. האָט אַזוי געליאַרעמט אין אים, אַז ער איז אַזש געבליבן זיצן שטיל.

ווילאַנג איז ער אַזוי געזעסן? ער האָט די אויגן נישט אָפּגעריסן פון די צוויי שטיקער שטיין, וואָס האָבן איצט גע־לויכטן, ווי צוויי זונען... ער האָט אַזוי לאַנג געקוקט, אַז עס האָט אים אָנגעהויבן טונקלען אין די אויגן. דאַן האָט ער זיך דערמאָנט: עליזאַבעט! מען דאַרף לויפן אָנזאָגן עליזאַ־בעטן! וואו זשע איז זי איצט? ביים היי!

ער איז אויפגעשטאַנען. איז אַרויס אינדרויסן. איז גע־ווען דריהא רויקער. האָט ער זיך געלאָזט שפּאַנען דאָרט אַהין, וואו מען נעמט צונויף דאָס געשניטענע היי. דאָס העמד איז אים געווען צעשפּילעט ביים האַלדז, די פּאַסמעס האָר צע־שויבערט. איצט האָט זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן אַ ווינטל און געקילט זיין שטערן, זיין האַלדז. ער האָט געשפּאַנט און גע־שמייכלט מיט אַן אָפן מויל...

אָבער וואָס נענטער ער איז געקומען צו דער געשניטע־נער לאָנקע, אַלץ שנעלער האָט ער געשפּאַנט. אַלץ אומגע־דולדיקער איז ער געוואָרן.

ער האָט איר דערזען פונווייטנס. זי איז געשטאַנען מיט אַ גראַבליע און צונויפגעשאַרט היי, וואָס איז געבליבן נאָכ־דעם, ווי די מאַשין איז דורך.

— עלי—זאַ—בעט!

האָט צוגעלייגט די הענט צו ביידע זייטן מויל:

— עלי—זאַ—אַ—בע—ט!

עליזאַבעט האָט זיך דאָרט אויסגעדרייט. געזען, ווי טאַ־נין טראָגט זיך מיט שנעלע שפּאַן... ער לויפט כמעט. האָט די פונווייטנס דערפילט: ער טראָגט מיט זיך אַ גרויסע פרייד... זי האָט אָפּגעלאָזט די גראַבליע, האָט דערהערט, ווי

אויף איר בלוט צעשאָלט. האָט זי גענומען שפּאַנען אים אַנט־
קעגן.

זי האָט דערפילט: ער וועט זי אַריינכאַפּן אין זיינע
אָרעמס — און זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט, געדענקענדיק,
אַז דאָ געפינען זיך אַרבעטער.

— דזשעק!

— ס'איז דאָ!

ער האָט אָנגעכאַפּט אירע אויסגעשטרעקטע הענט. האָט
געאָטעמט מיט אַזויפיל ליכט, אַז עס האָט געבלענדט עליזאַ־
בעטס אויגן. זיין קול איז געווען אַזוי לויטער.

— וואָס איז דאָ, דזשעק?

אויף עליזאַבעט האָט געהאַט צוריק איר זוניק קול.

— קום... וועסטו זען!

ער האָט זיך גלייך אויסגעדרייט, נישט אָפּגעלאָזט איר
האַנט. ער האָט געשפּאַנט שנעל. עליזאַבעט האָט אים נאָכגע־
האַלטן, און טאַנין האָט גערעדט און זיך פאַרכלינעט:

— קום... וועסט אַליין זען... אַלץ איז, ווי איך האָב
אויסגערעכנט... עס „גייט" שוין דער האַרטער שטיין...

עליזאַבעט האָט דערזען: דער וואָלקן האָט זיך אָפּגע־
קייקלט פון דער זון. ס'איז צוריק אַלץ ליכטיק.

זי האָט געלאַכט הילכיק:

— וואָס לויפסטו אַזוי?

— איך לויף, זאָגסטו?

— איך קען דיר דאָך נישט נאָכהאַלטן.

ער האָט טיף געאָטעמט; האָט געכאַפּט איר אָרעם און
אים געטוליעט צו זיין זייט:

— איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך לויף...

— קענסט דאָך שוין באַלד דעם אָטעם נישט כאַפּן!

אַריינגעקוקט אים מיט געטריישאַפט אין פּנים און געזאָגט:

— שטיי אַ ווײַלע.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט מיט ביידע הענט

צוריקגעשאַרט אויף זיין קאָפּ אַרויף די פּאַסמעס האָר, וואָס זענען אים געפאַלן איבער די אויגן. האָט מיט איין האַנט גענומען זיין אָרעם:

— מען דאַרף נישט אַזוי לויפן.

מיט דער צווייטער האַנט האָט זי פון ערגעץ אַרויסבאַ-קומען אַ טאַשנטיכל און אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין שטערן און פּנים.

ווען זיי זענען איצט אַריין אין הויז — האָבן זיי שוין דאָרט נישט געפונען דעם עכאָ פון סאָפּאַס געוויין. דער עכאָ איז געווען אינגאַנצן אויסגעוועפּט...

# קאַפּיטל זעקס

איצט אַרבעטן פיר עגבערס. ווען מען צושטעלן נאָך
פיר... מען וועט מוזן ברענגען אַ צווייטע הייב-מאַשין... די
עפענונג אין באַרג וועט מען אויסברייטערן אין איין זייט אַריין.
אַ? אויפשלאָגן אַ דאַך איבער דער עפענונג? געוויס! אַז עס
וועלן אָנקומען רעגנס, זאָלן זיי נישט שטערן די אַרבעט...
דער מאָטאָר צו די שנייד-מאַשינען וועט אָנקומען היינט-מאָרגן...
אַז דער אַלטער ווילס וועט צוריקקומען פון שפּיטאָל און דער-
זען, וואָס דאָ טוט זיך, וועט ער זיינע אייגענע אויגן נישט
גלייבן... זייער גוט, וואָס ער האָט געפאָלגט דעם אַלטן און
אָנגעשריבן סאָפּאָן אַ בריוו... איצט ווייסט זי שוין. זי וועט
געוויס בעטן אַ גט. וואָס דען וועט זי טאָן? זיכער וועט זי
בעטן אַ גט! פאַרשטייט זי דען נישט, ווי משונה-פרעמד ס'איז
געווען זייער צוזאַמענלעבן? זיכער פאַרשטייט זי... דערפאַר
איז זי אַוועק אַזוי שטיל... און אפשר וואַרט זי אויף עפּעס?
זיכער... זי וואַרט איצט אויף איר דערלייזונג... אפשר זאָל
ער גלייך טעלעגראַפירן וועגן מאָטאָר? די שנייד-מאַשינען קע-
בען דאָך גלייך אָנהייבן אַרבעטן! ס'איז אַ שאָד יעדער טאָג...

וואָס פאַראַ איינפאַל? דער מאָטאָר האָט נאָכנישט
געקענט זיין! מאָרגן וועט ער מסתּם אָנקומען. מען וועט זיך
דאַרפן זען מיט אַן אינשורנס-קאָמפּאַניע. טאָמער פאַרגלוסט זיך
עמעצן אָנצוטאָן שאָדן די מאַשינען... דערווייל איז זייער גוט,

וואָס דער הונט וואַכט איבער די נעכט ביים הויז... מען וועט דאַרפן בעטן די שוואַרצע אַרבעטער, וועלן זיי אויפשטעלן אַ ביידל פאַרן הונט... עליזאַבעט טייערע! זי געדענקט אָבער אַלע פאַרנאַכט מיטצוברענגען דעם הונט... ווי פריילעך און גליקלעך זי איז! וואָס וואָלט ער געטאָן אָן איר?

— ווייב... ליכטיק ווייב!

אין זיינע אויגן האָט אויפגעבליצט העל ליכט. ער איז אַ ווײַלע געבליבן פאַרשטאַרט פון גרויסער פרייד, וואָס איז אָנגעלאָפן אין לייב, און ער האָט געזען:

איבער דער שטוב שפּאַנט אַרום אַ קינד. די קליינע הענטלעך אויף הינטן פאַרלייגט... סאַראַ וואונדערלעך גראַציעז יינגל! ער טראָגט פאַרריסן דאָס קעפּל מיט די טונקל-שאַטינע האָר, וואָס זענען אין פּאַסמעס צעשיט... דאָס פּנימל איז אַזוי ליכטיק, זוניק, געשמאַק צוגעברוינט... די אויגן — ברוינע, גאָלדענע, נאָר אין דער גאָלדיקייט איז פאַראַן בלאָ... דאָס קערפּערל וויגט זיך עלאַסטיש, די פיסלעך שפּאַנען שטייפע... דאָס מאַכט ער נאָך אים, טאַנינען, ווי ער שפּאַנט איבער דער שטוב. עליזאַבעט קייכט פון געלעכטער און גליק:

— מען מעג נאָכמאַכן אַ טאַטן?

טאַנין האָט פאַרמאַכט די אויגן. גאָט! סאַראַ וואונדערלעכע הארפעס עס שפּילן אין זיינע בלוטן. איז עס מעגלעך, אַז ערשט מיט איין יאָר צוריק האָט ער זיך געטרונקען אין יאוש ביזן האַלדז? איז עס מעגלעך, אַז ער האָט יאָרנלאַנג נישט געוואוסט פון זיין דערלייזונג, וואָס וואַרט אויף אים?

וואָס האָט ער זיך אַזוי אַריינגעלאָזט אין טראַכטענישן? ער איז דאָך אַזוי פאַרנומען! ער מוז צוגרייטן מוסטערן פון די קאָלירן, וואָס ער האָט באַשאַפן... אָט ליגן דאָך די שטיקער שטיין און וואַרטן מיט אומגעדולד, ער זאָל זיי באַפרוכפּערן.

צוריק האָט די ענערגיע גענומען זידן אין לייב און ער האָט זיך גענומען פיבערדיק אַרבעטן. די שטיינער האָבן זיך איבערגעשאַפן אונטער זיינע הענט. האָבן אָנגענומען די

קאַלירן לויט זיין ווילן. זי געזאַפּט אין זיך אַריין מיט דורשט. דערנאָך האָט טאַנין זיי געגלעט, געקוקט אויף זיי מיט פאַר־ליבטע אויגן, געשמייכלט צו זיי — און אים איז אויסגעקומען: זיי שמייכלען צוריק צו אים.

די טעג זענען געשטאַנען הייסע, די פעלדער זענען גע־לעגן מידע. נאָר טאַנין האָט נישט געפילט די היץ. ער איז אינגאַנצן געווען פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. ער האָט געאַרבעט מיט משונהדיקן טעמפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט אָניאָגן דאָס, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט אין די יאָרן, ווען ער איז געווען פאַרבלאָנדזשעט און געזוכט זיין וועג צו דערלייזונג.

— דזשעק! וואָס איז מיט דיר?

— אַ? וואָס אַזוינס, עליזאַבעט?

— ביזט אַזוי פאַרטאָן אין דער אַרבעט און זעסט אַפילו נישט, אַז ס'איז שוין טונקל?

— טאַקע גערעכט, עליזאַבעט... דריי אַרויס די עלעקטרי.

— ס'וועט זיין גענוג אויף היינט!

זי האָט אָנגעשטעלט אַ ברוגז־פּנים. האָט אָפּגעריסן זיי־נע הענט פון טיש; האָט באַקוקט זיינע פינגער, וואָס זענען געווען באַפלעקט מיט פאַרשידענע פלעקן; האָט אים לייכט געפּאַטשט איבער זיי, ווי מען פּאַטשט איבער קינדערישע הענט־לעך, וואָס זענען נישט ריין. ער האָט געשמייכלט אַ מידער, אַ גליקלעכער. געקוקט אויף איר מיט ליבשאַפט און נישט גע־פונען קיין וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן זיין געפיל.

— קום.

זי האָט אים אַ צי געטאָן ביי איין האַנט.

— וואוּאַהין, עליזאַבעט?

— קום, זאָגט מען דיר... וועסט שוין זען.

— איך גיי.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. זיך געלאָזט פירן פון איר. זי האָט אים אַריינגעפירט אין וואַש־צימער, האָט אויפגעדרייט די קראַנען. דאָס וואַסער איז געלאָפן שנעל און רעשיק, שפּריצנ־

דיק מיט בלעזלעך, וואָס זענען געלאָפֿן איבער דער אוי־בערפֿלאַך פֿון וואַסער, ווי פּעטע „אויגן"... האָט מיט זײַנע הענט געטאָן, ווי מיט קינדערישע הענטלעך! האָט זיי אַרײַנ־געזעצט אין וואַסער:

— האַלט!

זי האָט זײַנע פֿינגער אויסגעזייפֿט, אַרומגעוואַשן. ער האָט אַלץ אַזוי געשמייכלט מיט דעם גליקלעכן שמייכל. האָט אין זיך אַרײַנגעאָטעמט דעם ריח פֿון אירע האָר, פֿון איר ברוינעם נאַקן. וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר זײַנע אויגן, ווען איר קאָפּ איז געווען געבויגן און די צעפּ זענען אָפּגעפֿאַלן אין די זײַטן. ער האָט בגניבה צוגעבויגן זײַן קאָפּ, און זי האָט דער־פֿילט זײַנע ליפּן אויף איר נאַקן. זי האָט געשמייכלט אַן קול, און אין אים האָט אויפֿגעטויכט די שטיפֿערישקייט.

זי האָט אַלץ געשוויגן. האָט אָפּגעווישט זײַנע הענט. האָט זיי געגלעט מיט אירע פֿינגער. דערנאָך ערשט אויפֿגע־הויבן צו אים די אויגן. זיי זענען געווען אַזעלכע לאַכנדיקע, זוניקע:

— איצט קום עסן...

* * *

— וואָס שמייכלסטו אַזוי, דזשעק?

— וויאַזוי שמייכל איך?

זי האָט זיך אונטערגעהויבן. זיך אָנגעלעגט אָן עלנבויגן. האָט אים אַרײַנגעקוקט אין פּנים. ער האָט אַלץ אַזוי גע־שמייכלט:

— וויאַזוי שמייכל איך?

— עפעס איז עס דאָך.
— וואָס אַזוינס קען עס זיין?
— דזשעק! וועסט מיר זאָגן, וואָס דו שמייכלסט?
די זומערדיקע נאַכט האָט אַריינגעאָטעמט דורך די פענ־סטער מיט ריחות פון גראָזן און תבואות, מיט געשריי פון פליגן און מיט אָטעם פון באַשטערנטן הימל. אין צימער האָט געשמעקט מיט ריינקייט און מיט רו. עליזאַבעט האָט מיט איין האַנט געריסן די פּאַסמעס האָר טאַנינס:
— זאָג מיר, וואָס דו שמייכלסט!
— איך וועל דיר זאָגן... לאָז אָפּ די האָר.
ער האָט אָנגענומען איר האַנט, זי צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן. עליזאַבעט האָט געלאַכט:
— וועסט מיר זאָגן?
— מיין מויל איז פאַרנומען.
— ווער איך באַלד ברוגז.
— אָט דערצייל איך.
ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף אַ זייט:
— נעכטן ביינאַכט האָב איך געהאַט אַ מאָדנעם חלום.
— לאָמיך הערן, דזשעק.
זיין האַנט איז געלעגן אויף איר שטערן. די שפּיצן פינגער האָבן זיך געגראָבן אין אירע האָר. ער האָט באַקומען אַ טיף־פייערלעך קול:
— מיר האָבן אַ יינגעלע... אַזאַ פיין יינגעלע... איז עס אַ גרויסער שטיפער... חלומט זיך מיר, אַז איך זיץ אין אַ וואַנע. דער קליינער חברה־מאַן קומט צו מיט דעם שטייפן, פאַרברוינטן קערפּערל, קריכט אויך אַריין אין וואַנע... גיט זיך אַ גליטש און פאַלט אונטערן וואַסער. איך כאַפּ אָן די הענט־לעך, נאָר עס געדויערט אַ ווײַלע און איך קען עס נישט אַרויסהייבן פון וואַסער... איך זע: די אייגלעך זענען פאַר־מאַכט אין וואַסער... דאָס האַרץ איז מיר פול מיט שרעק... די שרעק איז אַזוי געדיכט, אַז דאָס האַרץ וויל זיך צע־

רייסן... ענדלעך גיב איך עס אַ הייב-אַרויס. און איך טראַכט: איז דאָס קינד פאַרחלשט? ערשט: — דער חברה-מאַן שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.

עליזאַבעט האָט הערנדיק האַלב פאַרמאַכט די אויגן. האָט זי זיך געשעמט? ניין... עפּעס אַ שווערקייט איז געפאַלן אויף איר לייב...

— און ווייסט... נאָך עפּעס...

—וואָס, דזשעק?

איר קול איז געווען, ווי ווייכער גלעט.

— היינט בייטאָג... זיך איך אַזוי, און מיטאַמאָל דערזע איך: דאָסזעלבע יינגעלע שפּאַנט אַרום איבער דער שטוב. שפּאַנט מיט שטייפע פיסלעך, און די הענטלעך האַלט עס פאַר-לייגט אויפן רוקן. דאָס מאַכט ער נאָך, ווי איך שפּאַן... און דו... דו האָסט אַזוי געלאַכט. האָסט זיך פאַרקייכט פון גע-לעכטער... און ווייסט, וואָס דו האָסט געזאָגט?

— וואָס?

— שלעכט קינד! מעג מען נאָכמאַכן אַ טאַטן?

עליזאַבעט האָט אַרויסגעלאָזט אַ געדיכטן קרעכץ, האָט זייער שטיל אַ לאַך געטאָן און זיך צוגעטוליעט צו טאָנינגען. אין איר איצטיקן צוטוליען איז געווען עקסטאַז און פרומ-קייט... זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געוואָרן אַזוי אייגן, ווי ביידנס בלוטן וואָלטן זיך צונויפגעמישט. איין בלוט פליסט אין ביידנס גופים.

ביידע האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן. אין ביידנס הערצער אויפגעטויכט לייכטע שרעק. ביידע האָבן אַ ווײַלע געקוקט מיט צעוואונדערטע אויגן. וואָס איז דאָס? שווערער, הייזעריקער זעץ האָט מיט ציטער דורכגעשלאָגן די נאַכט... דאַכט זיך: דאָס הויז האָט זיך אַ שאָקל געטאָן... שווערער, טויבער קלאַנג האָט נאָך געציטערט אַרום הויז, ווי שווערער דונער וואָלט זיך דורכ-געקייקלט אין דער ערד.

ביידע האָבן זיך אויפגעזעצט.

— האסט געהערט?

עליזאַבעט האָט עס געפרעגט. האָט מיט ביידע הענט אַרומגעכאַפּט טאַנינס רעכטן אָרעם. טאַנין האָט אָנגעשטרענגט זיין געהער:

— געהערט... איך ווייס נישט וואָס...

און ווידער: שווערס, הארטס, ריזיקס האָט זיך אַ וואַל־גער געטאָן... דער קלאַנג איז געווען משונה... ווי עס וואַל־גערט איין אַ וואַנט—און נישט איין וואַנט... דער וואַלגער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ וויאָכטש, ווי אַ באַלקן שלאָגט זיך אָן אָן באַסער ערד.

דער הונט אינדרויסן האָט זיך צעהאַווקעט. געהאַווקעט אין איין אָטעם. די האַווקערייען זענען געפאַלן, ווי הארטע שטיקער קוילן. טאַנין איז אַראָפּ פון בעט, האָט גלייך גענו־מען אָנטאָן די שיך. ער האָט געאָטעמט גיך און שטיל. זיין פּנים איז געווען בלאַס.

עליזאַבעט האָט געפרעגט:

— וואו גייסטו, דזשעק?

— איך וועל אַרויסגיין זען, וואָס עס טוט זיך אינדרויסן.

— איך וועל מיטגיין.

— מען דאַרף נישט, עליזאַבעט.

דער הונט האָט איצט געצויגן דינע, לאַנגע וואָיען. האָט אַלע ווײַלע אויפגעהערט און ווידער אָנגעהויבן, נאָר שוין אָן אימפעט.

טאַנין האָט אָפּגעזוכט זיין עלעקטריש לעמפל. עליזאַבעט איז געשטאַנען לעבן אים:

— טו אָן דעם כאַלאַט.

ער האָט אים אָנגעטאָן:

— שרעק זיך נישט, עליזאַבעט.

ער איז אַראָפּ אונטן. האָט גענומען דעם רעוואָלווער און איז אַרויס. שטיין געבליבן ביי דער טיר, געקוקט אין פינס־טערניש. דער הימל איז געווען טונקל־בלאָ, כמעט שוואַרץ:

אַ סך שטערן זענען געזעסן אין אים, ווי ליכטיקע קנעפּ. דער הונט איז צוגעקומען צו טאַנינען. זיך גענומען לאַשטשען צו אים. קיינער איז נישט געווען ביים הויז... טאַנין האָט גענומען שפּאַנען אַרום הויז. דער הונט איז אים נאָכגעגאַנגען מיט רעגלמעסיקע טריט. געוויגט מיטן עק, ווי עס וויגט זיך אַן אומרו פון אַ זייגער. קיינער איז נישט געווען אינדרויסן. טאַנין איז שטיין געבליבן לעבן באַרג. געפילט: דער באַרג אָטעמט עפּעס אַזוי הייס און פאַרשטאַרט. געהערט אַ מאָדנע רוישן און נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז. ער האָט געוואָרפן די ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל אַרום זיך; געוואָרפן די ליכט אויף די סטערטעס שטיינער, אויף דער שאָפּע,—אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן, געקוקט אינדערהייך—און נישט געזען דעם זשאָרוועל פון דער הייב-מאַשין... זאָל עס זיין, אַז די מאַשין האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איר פּלאַץ און אומגעפאַלן?

דורכן פענסטער פון לאַבאָראַטאָריע האָט אים עליזאַבעט גערופן:

— דזשעק! דזשעק!

ער איז צוגעקומען צום פענסטער. זיין פּנים איז שוין נישט געווען אַזוי דערשראָקן.

— איך זע גאָרנישט.

— וואָס זשע האָט עס געקענט זיין?

— סיידן די הייב-מאַשין האָט זיך דאָרט אַראָפּגעגליטשט און געפאַלן אין דער עפענונג.

— אָ... דאָס קען זיין.

— זאָל איך אַרויפגיין אויפן באַרג זען?

— גיי נישט איצט, דזשעק... וועסט זען אינדערפרי... וואָס וועט דיר אַרויסקומען, אַז דו וועסט שוין זען?

— דו הערסט, עליזאַבעט?

— אַ?

— עפּעס אַ מאָדנער גערויש.

— יאָ... עפּעס רוישט טאַקע.
— ווי עפּעס אַ שטראָם וואָלט געבּרויזט.
— ווי קומט אַהער אַ שטראָם?
— ווייס איך?
— עס דאַכט זיך בלויז.
— זאָל איך נישט אַרויפגיין אויפן באַרג איצט?
— ניין... קום אַריין...
עליזאַבעט האָט געציטערט. אויך טאַנין האָט געפילט: קעלט וויקלט זיך אַרום זיין לייב.

— — — — — — — — — — — —

ערשט אינדערפרי האָט מען דערזען, וואָס ביינאַכט האָט פּאַסירט: פון דער טיפעניש פון באַרג האָט זיך דורכגעריסן אַ וואַסער-שטראָם. זיך דורכגעריסן מיט אַזאַ קראַפט, אַז די ווענט פון דער עפענונג זענען צעטרייסלט געוואָרן. די עפענונג איז געוואָרן אָנגעפילט מיט וואַסער. אויפן גרונט איז געלעגן די הייב-מאַשין אַ צוזאַמענגעבראָכענע; די עגבערס און די טרייב-מאַשין זענען דאָרט געלעגן צעקוועטשט און איבער זיי האָבן זיך געוואַלגערט שווערע שטיקער שטיין. דער שטראָם האָט געשלאָגן מיט ווילדן כוח; דאָס וואַסער האָט געפלייצט איבער דער עפענונג, האָט זיך געיאָגט אין שטראָם פון איין זייט באַרג. דער שטראָם האָט זיך געדרייט, ווי אַ סך געדרייטע שטריק צוזאַמען, געלאָפן באַרג-אַראָפּ און איז אַוועק. אין דער עפענונג האָט דאָס וואַסער גערוישט מיט קאָכיקן טומל, ווי צענ-דליקער פאָנטאַנען וואָלטן געשלאָגן מיט הייסן אימפעט.

די אָנגעקומענע אַרבעטער זענען געשטאַנען שווייגנדיקע. זענען געשטאַנען, ווי מען שטייט ביי אַן אָבגעברענט הויז... טאַנין איז געווען בלייך, איז געשטאַנען פאַרגליווערט. אים האָט געטונקלט אין די אויגן. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס ער טראַכט. עמעצער אין אים האָט בלויז געפרעגט:

— וואָס זשע? וואָס זשע הייסט עס?

אין לייב אַריין האָט זיך געגאָסן טונקל בליי.

עליזאַבעט איז געשטאַנען לעבן אים, האָט געקוקט אים

אין פנים אריין. געזוכט זיין בליק. זיינע אויגן זענען גע־שטאנען פארפרוירן. זיי זענען געווען משונה גרוי — ווי גרויער וואלקן. זי האט עפעס געוואלט זאגן צו אים און נישט געוואוסט, וואס צו זאגן... זי האט געזען: אונטער דער הויט פון זיין פנים וואקסט ווייטיק. האט זי שטיל אנגענומען זיין האנט. מיט אירע פינגער געווארעמט זיינע. ער איז אלץ אזוי געשטאנען פארגליווערט.

דער בארג האט שווער געאטעמט, ווי עס אטעמט זיגער באך דויערנדיקן קאמף... אין עווערן צטעמען זיינעם איז גע־ווען חוזקדיק געלעכטער, וואס האט פון זיינע געדערעם גע־שריגן איבער דער גאנצער געגנט...

## קאַפּיטל זיבן

אַוועק אַ טאָג, אַ נאַכט און נאָך אַ טאָג. ווען האָט זיך געענדיקט דער ערשטער טאָג, געקומען אַ נאַכט און דערנאָך ווידער אַ טאָג? טאַנין איז געווען פאַרזונקען איבערן קאָפּ אין שווער-טונקל טראַכטן, ווי אַ מענטש, וואָס איז פאַרזונקען אונטער חורבה און מען זעט אים נישט אַרויס; ער האָט זיך געוואָלט דערגרונטעווען צו פאַרשטיין, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, און נישט געקענט, כאָטש ער האָט אַלץ פּאַרשטאַנען... פאַרוואָס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן אַרום הויז? וואוּאַהין איז אַוועק דער יובלדיקער ליאַרעם? וועט ער זיך שוין טאַקע קיינמאָל נישט צוריקקערן אַהער?

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט אָן שטעטלדיקן „לאָיער" מיט דעם רויק-ליכטיקן פּנים און ווייסן לינקאָלן-בערדל, ביי וועלכן ער מיט דעם אַלטן ווילס האָבן זיך צעשריבן. ווי האָט ער געזאָגט, אָט דער „לאָיער"?—ער געדענקט: „און איר ווילט טאַקע ברעכן דעם באַרג, יונגערמאַן? איך וואָלט עס נישט געטאָן..." אַ שווערע בלעך איז דאַן צוגעפאַלן צום האַרצן, האָט אויף אַ ווײַלע פאַרשלאָגן דעם אָטעם... ער האָט עס גלייך פאַרגעסן. איצט פילט ער: דאָס האַרץ ליגט פאַרחלשט אונטער דער שווערער בלעך... און אַז דער אַלטער ווילס וועט איצט אַהיימקומען, וועט ער דאָ טרעפן שטילקייט... וואָס זשע וועט איצט זיין? וואָס בלייבט אים איצט צו טאָן?

זיינע ליפּן זענען געווען צוזאַמענגעוואַקסן. די אויגן — האָבן געקוקט שטאַר און מאַט. די באַקן זיינע האָבן די איי־גענע ליכטיקייט איינגעזאַפּט אין זיך אַריין. טונקלקייט ליגט אויף די באַקן. ער איז געזעסן אין לאַבאָראַטאָריע, געזעסן, ווי ער וואָלט אינגאַנצן נישט געפילט די צייט. געשטאַנען לאַנג ביים פענסטער, געקוקט אינדרויסן, נישט געוואוסט, צי עס איז דאָ אַ זון, צי נישט... האָט בלויז געהערט: שטילקייט אָטעמט איבער דער געגנט; די ענערגיע גליווערט אין לייב. און — וועט שוין דאָ טאַקע שטענדיק שטיל זיין?

עליזאַבעט איז אַרומגעגאַנגען מיט שטילע טריט, ווי אין הויז וואָלט געלעגן אַ קראַנקער. זי האָט שטיל נאָכגעקוקט טאַנינען; נאָכגעשפּירט זיין יעדע באַוועגונג; דאָס האַרץ איז איר געווען צוזאַמענגעפּרעסט פון ווייטיק: ער זעט זי דאָך נישט... אָט איז זי אַריינגעקומען אין לאַבאָראַטאָריע... ער שטייט ביים פענסטער און פילט גאָרנישט, אַז זי איז נישט־ווייט פון אים, אַז זי קוקט אויף אים. ווי שווער עס פּרעסט די שטילקייט. ווי עס גאַרט איר לייב די שטילקייט צוצע־ברעכן, נאָר זי האָט מורא זיין שווייגן צו שטערן... אָט שטייט ער אַ הויכער, אַ געשטרעקטער, נאָר פאַרהוילענע געבראָכנקייט איז אין זיין גוף... דאָס רחמנות שפּאַרט צום האַלדז, נאָר זי ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. שטייט זי אַ ווײַלע, ביז אירע אויגן גיסן זיך איבער מיט פייכטקייט, און מיט דיזעלבע שטי־לע טריט פאַרלאָזט זי די לאַבאָראַטאָריע... וואָס זשע וועט זיין? די זאָרג שווערט אירע אַקסלען.

האַ? געווען געדאַרפט צוגיין צום באַרג פון אַ זייט... עס וואָלט געקומען לענגער—און ער האָט זיך אַזוי משונה גע־איילט... וואָס וואָלט געווען, ווען מען ברעכט דעם באַרג פון אַ זייט? עס וואָלט אינגאַנצן אַנדערש געווען... מיט וואָס אַנדערש?

ס'איז שוין געווען באַלד פאַרנאַכט, ווען טאַנינען איז דאָס איינגעפאַלן. ער איז געזעסן אין לאַבאָראַטאָריע, געקוקט אויף די פאַרטיקע מוסטערן... ער האָט נאָכנישט געזען פאַר־

שטאַנען, וואָס אַזוינס דער איינפֿאַל באַדייט, אָבער אין אים האָט עס גענומען אויפֿגליווערן. ער האָט דערשמעקט אַ ריח פֿון האָפֿענונג: וועט מען עס דאָך קענען אויך איצט פּרוּוון... צוטרעטן צום באַרג פֿון אַ זייט... אפֿשר וועט מען קענען אָפּ-פֿירן דעם שטראָם... די אויגן האָבן עטוואָס באַכגעלאָזט די שטאַרקייט. די ליפּן האָבן זיך לייכט צעעפֿנט. איצט האָט ער געזען: אינדרויסן איז נאָך פֿאַראַן זון. גאָלדענע פּאַסן לייגן זיך קרום פֿאַרן הויז...

ער האָט אויפֿגעהויבן די אויגן. עליזאַבעט איז מיט שטילע טריט אַריינגעקומען און שטיין-געבליבן. ער האָט אויפֿ-געהויבן אַ האַנט, נאָכנישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענ-גען. עליזאַבעט איז גלייך געוועזן לעבן אים:

— דזשעק.

איר קול איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ווייכקייט און זאָרג. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אויפֿגעכאַפּט פֿון שווערן שלאָף.

זי האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען זיין האַנט; האָט זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט אויפֿן טעפּיך. געטוליעט איר באַק צו זיין קילער האַנט:

— נעם זיך נישט אַזוי צום האַרצן... דזשעק.

מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געגלעט איר קאָפּ. אין דעם גלעטן איז געווען אַזאַ שטיל, טיף פֿאַרקלאָגן זיך און אַזויפֿיל געטריישאַפֿט. זי האָט אויפֿגעהויבן צו אים די אויגן. זיי זענען געווען פֿול מיט פֿרייד און טרערן:

— דיין זאָרג צעברעכט מיר מיין האַרץ...

— קינד מיינס... איינציקע מיינע.

אין זיין קול איז געווען ציטער פֿון געוויין.

זי האָט געגלעט זיינע הענט, געטוליעט איר פּנים צו זיי. געשטאַנען אויף די קניִען און מיט ליכטיקע אויגן געוואַ-רעמט זיין פּנים; געטריבן די זאָרג פֿון זיינע אויגן. האָט גע-שמייכלט מיט גוטסקייט. מיט וואונדערלעכער נאָענטקייט:

— דזשעק טייערער... איך בעט דיך: זאָרג נישט.

— נישט זאָרגן?
— איר קול איז געוואָרן העכער, שטיפערישער:
— וואָס אייגנטלעך האָט פּאַסירט? וואָס אַזוינס?
זי האָט עס געפרעגט אַזוי האַרציק, אַז אויף זיינע ליפּן איז אַרויס אַ בלאַסער שמייכל.
זי האָט געשעפּטשעט:
— אַזוי איז גוט...
— וואָס איז גוט?
— וואָס דו שמייכלסט... זאָלסט מיר אַלעמאָל שמייכלען... הערסט, וואָס איך זאָג דיר? שמייכלען זאָלסטו מיר...
— עליזאַבעט...
אים איז גרינגער געוואָרן. דאָס האַרץ האָט אויפגעהערט חלשן. אין לייב איז געוואָרן העלער, רויקער. זיין קול איז געוואָרן שטיל, פאַרטראַכט און געלייטערט, ווי ס'איז דאָס קול פון אַ מענטשן, וואָס איז זיך מתוודה... עליזאַבעט האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין; צוריק האָט די פרייד אויפגעציטערט אין איר לייב.
שוין אַזויפיל יאָרן, אַז ער בענקט און זוכט דערלייזונג... וואו האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט אַלע יאָרן? אין פרעמדקייט האָט ער געבלאָנדזשעט... די כּוחות אין אים האָבן געגליווערט... אויסגעצערט געוואָרן פון גאַרונג... ער האָט זיי געמוזט דערלייזן פון פאַרגליווערטקייט... ער האָט געגאַרט נאָך דער פרייד פון באַשאַפן. און געאַרבעט האָט ער אין עפּעס אַ „שאַפ"... וואָס איז אים אָנגעגאַנגען דער „שאַפ"? וואָס איז אים אָנגעגאַנגען זיין אָרעמע, אומעטיקע היים? אַלץ איז אים געווען דערווידער... דער „שאַפ"... די היים... דאָס ווייב... ער איז נישט געווען אויף זיין אָרט. דאָס גרעסטע אומגליק פון אַ מענטשן איז דאָס, וואָס ער איז נישט אויף זיין אָרט... איז ער געקומען אַהער... דאָ האָט זיך זיין אָרט אַנטפּלעקט. די דערלייזונג איז געקומען... און עליזאַבעטן האָט ער דאָ געפונען... אַ לעבן לאַנג זי געזוכט און ענדלעך געפונען... איצט — — —

— וואָס איז איצט?

עליזאַבעט האָט נישט געגוי פאַרשטאַנען דעם זין פון זיינע רייד. זי האָט זיך מער צוגעהערט צו זיין קול; צו די ווערטער, וואָס קומען פון זיין מויל; איר איז נישט וויכטיק געווען דער באַדייט פון די ווערטער. זי האָט אים געהערט — און די פרייד האָט געריזלט אין איר בלוט.

— איצט איז די גאַנצע אַרבעט ביים באַרג חרוב געוואָרן...

— וואָס טויג דיר די גאַנצע אַרבעט ביים באַרג? דזשעק! מיר האָבן אַ שיין הויז... אונז איז גוט!

— אמת: אונז איז גוט...

— און דער זיידע האָט אַזויפיל לאַנד... און אַ „באַר־דינג"־הויז איז פאַראַן... אַלץ איז אונזערס...

ער האָט זיך ווידער צעשמייכלט:

— פאַרשטיי, עליזאַבעט: ס'איז געווען גרויס פרייד אין דער אַרבעט... און איצט איז אַלץ צעשטערט... אפשר וועט מען קענען אָנהייבן די אַרבעט פונדאָסניי... צוטרעטן צום באַרג פון דער זייט...

— דזשעק טייערער! צו וואָס דאַרפסטו דאָס?

זי איז אויפגעשפרונגען, גלייך אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ, געבליבן זיצן אויף זיינע קניען, זיך געטוליעט צו אים. האָט גענומען לאַכן... מיטאַמאָל אַריינגעכאַפּט זיין פּנים אין אירע הענט, אַ רייב־געטאָן די הענט אָן זיינע באַקן און אויסגערופן:

— ווילאַנג שוין, אַז דו האָסט זיך נישט געגאָלט?

— האַ?

— האָסט דאָך אַ באָרד!.. און מאָרגן דאַרפן מיר פאָרן אין שטעטל אַריין.

— וואָס איז דען?

— מיר דאַרפן אַהיימברענגען דעם זיידן... האָסט פאַר־געסן?

— טאַקע פאַרגעסן.

זי איז אָפּגעשפרונגען פון אים. אים געכאַפּט פאַר די הענט, אַ שלעפּ געטאָן:

— שטיי אויף! גיי און גאָל זיך אָפּ...
— באַלד...
— נישט באַלד, נאָר שוין! שטיי-אויף!

זי האָט פאַרשטייפט די פּיס, שטאַרקער אים אַ שלעפּ געטאָן — און ער איז אויפגעשטאַנען. ווען ער איז שוין געשטאַנען, האָבן זיך אירע הענט נאָכגעלאָזט און זי איז צוגעפאַלן מיט איר גאַנצן גוף צו אים. זיינע הענט האָבן איר אַרומגענומען מיט אויסערגעוויינלעכער צערטלעכקייט און דאַנקבאַרקייט... מיט פרום קול האָט ער געזאָגט:

— ווי האָב איך געקענט אַמאָל זיין אָן דיר?
— זיי זשע אַ גוט יינגל!..

צוריק האָט אויפגעטויכט דאָס פריידיקע לעבן אין הויז. דער אָוונט איז שוין געווען צוגעפאַלן, און עליזאַבעט האָט אָנגעצונדן די עלעקטרי אין אַלע צימערן. טאַנין איז געווען אַרויסגעצויגן פון אונטער דער חורבה — פון שווער-טונקעלן טראַכטן. אין האַרצן האָט געגומען שפּראָצן האָפענונג: אַלץ וועט נאָך גוט זיין... עליזאַבעט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער וואַך: האָט געטריבן די זאָרג פון אים... האָט אָנגעפילט דאָס הויז מיט געפּילדער, מיט געזאַנג, מיט קלינגענדיק קול און הילכיקע, שטיפערישע טריט; איז נישט אָפּגעטרעטן פון אים און געוויקלט ליילעכער פרייד אַרום זיין לייב.

* * *

צומאָרגנס האָט מען אַהיימגעבראַכט דעם אַלטן. דער אַלטער האָט אויסגעזען, ווי געקומען פון אַ לאַנגער, ווייטער רייזע. ער איז געווען אָפּגעפרישט; זיין פּנים — געלייטערט, און די אויגן — ליכטיקער, שאַרפער. ער איז געגאַנגען מיט

שטייפֿן טראָט און מיט שמייכל. דער ריח פֿון היימישע פֿעל־דער האָט זיך געגאָסן אין זיין לייב אַריין, ווי שטאַרק גע־טראַנק. די אַלטע האָט אים באַגעגנט פֿאַרן הויז, איז אים אַרויפֿגעפֿאַלן אויפֿן האַלדז. דערנאָך זיך אָפּגערוקט פֿון אים, אים באַטראַכט און מיט פֿרייד אויסגערופֿן:

— דערזעלבער ביל!

— כ'בין געזונט, אַלטע.

— כ'האָב געוואוסט, ביל... כ'האָב געוואוסט, אַז דו וועסט זיין געזונט... ביזט אַ ביסל אָפּגעצערט.

— דאָס מאַכט נישט אויס... איך פֿיל זיך גוט.

— איך וועל דיך צוזען, ביל.

אויף דער וועראַנדע האָבן זיך געפֿונען עטלעכע געסט, וואָס האָבן אַלע זומער פֿאַרבראַכט אַ שטיקל צייט אין דעם טוריסטן־הויז. זיי האָבן געקענט דעם אַלטן ווילס. האָבן זיי אים באַגריסט, געדריקט וואַרעם זיין האַנט, און דער אַלטער האָט אויסגעזען יום־טובדיק; האָט יעדן געפֿרעגט, וואָס מען מאַכט... ווי עס גייט...

— זיידע! אַריין אין הויז!

אַזוי האָט עליזאַבעט שטיפֿעריש אויסגערופֿן און אים גענומען אונטערן אָרעם. דער אַלטער האָט געשמייכלט, און, נישט אַרויסלאָזנדיק די ליולקע פֿון מויל, האָט ער מיט איר אַריינגעשפּאַנט אין הויז אַריין. ער האָט שאַרפֿער אַ ציי־גע־טאָן מיט דער נאָז, אַריינקומענדיק אין גרויסן פֿראָנט־צימער, האָט אויסגעטאָן דאָס היטל און זיך אַוועקגעזעצט.

עליזאַבעט האָט נישט אויפֿגעהערט רעשן און דערציילן וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין באַלעבאַטישקייט. טאַנין איז געזעסן פֿאַרטראַכט, שווייגנדיק. די אַלטע האָט געזאָגט:

— וועסט מיר מוחל זיין, ביל... איך מוז אַרייַנגיין אין קיך.

— ס'איז „אַלל [illegible]

דער אַלטער האָט אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט זיין בליק אויף טאַנינען. ער האָט געזען: שטילע זאָרג איז אין טאַנינען,

און געטראַכט: וואָס קען דאָס באַדייטן? נאָך אינדערפרי, ווען טאַנין איז אַריין אין שפּיטאָל, האָט ער גלייך באַמערקט: זיין פּנים איז אָפּגעצערט, עפּעס איז מיט אים... אָבער עליזאַבעט איז געווען פריילעך, איר פּנים האָט געשיינט און דאָס גליק האָט פון איר געשלאָגן, ווי הייסער אָטעם. האָט ער ביי טאַנינען גאָרנישט געפרעגט. איצט האָט ער ווידער געטראַכט: וואָס איז פאַרט מיט אים? עפּעס איז עס דאָך...

ער האָט אָפּגעוואַרט אַ מאָמענט, ווען עליזאַבעט איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון צימער, און האָט אַ פרעג געטאָן ביי טאַנינען:

— נו, וואָס? געלאָזט וויסן?

— יאָ... מען ווייסט שוין אַלץ...

— נו?

— וועט מסתּמא פאָדערן אַ גט און וועט אים קריגן...

דער אַלטער האָט באַקומען ווייכקייט אין פּנים:

— אַזוי איז גוט... דענקסטו נישט אַזוי?

— זיכער...

איז וואָס זשע דען איז טאַנינס פּנים פאַרזאָרגט? עפּעס האָט דאָך געמוזט פּאַסירן. דער אַלטער האָט ווידער אָפּגעשוויגן, נישט געוואוסט, צי זאָל ער פרעגן, אָדער נישט... עליזאַבעט איז שוין צוריק אין צימער. עס זינגט אַרום איר. זי רוט נישט. זי לאַכט, זי שטיפט און: —

— זע, זיידע, ווי טרויעריק ער איז!

דער אַלטער האָט דאַן געפרעגט ביי טאַנינען:

— וואָס איז? עס האָט עפּעס פּאַסירט?

טאַנין האָט געענטפערט:

— יאָ... אַן אומגליק האָט פּאַסירט.

— אַן אומגליק? וואָס מיינסטו?

דאָ האָט עליזאַבעט זיך אָפּגערופן:

— אין דער עפענונג פון באַרג האָט אַ שטראָם אַרויסגעשלאָגן... אָט וואָס עס איז געשען.

דעם אַלטנס פּנים איז געוואָרן ערנסט. די הויטן אַרום

די אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן. און טאַנין האָט געזאָגט:

— די הייב־מאַשין איז אַריינגעפאַל'ן און צעבראָכן געוואָרן... די עגבערס... די טרייב־מאַשין... אַלץ איז חרוב... דער עיקר אָבער: מען קען איצט דעם שטיין נישט נעמען...

— איך פאַרשטיי.

— און אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק... די זעג־מאַשינען האָבן שוין געדאַרפט נעמען אַרבעטן...

דער אַלטער האָט אַליין געפילט: זאָרג קריכט אים אויפן פּנים. נאָר עליזאַבעט איז גלייך געווען אויף דער וואַך:

— אָט האָסטו דיר דעם אַנדערן העלד! וואָס זשע? און אַז עס טרעפט עפּעס, דאַרף מען זיך אַזוי נעמען צום האַרצן? האָסט געדאַרפט זען, זיידע! ער איז געוואָרן אַזוי צעמישט, ווי אַלע זיינע שיפן וואָלטן אים אונטערגעגאַנגען! ווי די וועלט וואָלט חרוב געוואָרן... ער האָט דאָך צוויי טעג נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט... האָט פּסדר געשוויגן.

דער אַלטער האָט אויפגעכאַפּט עליזאַבעטס בליק. האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט, און ער האָט שוין מיט שמייכל געפרעגט ביי טאַנינען:

— איז עס אמת, דזשעק?

— אמת! — האָט עליזאַבעט אויסגערופן. — ער האָט אַפילו צו מיר קיין וואָרט נישט אויסגערעדט... צוויי טעג גאַנצע איז ער געווען, ווי אַ שטומער.

זי איז צוגעקומען גאָר נאָענט צו טאַנינען און שטיפעריש געזאָגט:

— ביזט אַ שלעכטער!

— דו מיינסט עס, עליזאַבעט? — האָט טאַנין שוין געשמייכלט.

— זיכער מיין איך עס.

דער אַלטער האָט אָפּגעשוויגן. זיך בעטראַכט, וואָס ער דאַרף זאָגן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט: דער וועג צום שטיין איז אָפּגעשניטן. אָבער געזאָגט האָט ער:

— ס'איז נאַריש זיך צו נעמען צום האַרצן...

אָפּגעשוויגן און ווידער געזאָגט:

— באַריש צו זאָרגן דאָן, ווען מען קען נישט העלפן... נישט אַזוי?

— און איך דענק: מען קאָן יאָ העלפן.

— וויאַזוי? ווייסט דעם שטראָם אויסשעפּן?

— אויסשעפּן טאַקע נישט... אָבער מען קען צוטרעטן צום באַרג פון אַ זייט... דאָס וואַסער וועט מען אפשר קענען אָפּפירן אין איין זייט אַריין און דעם שטיין נעמען פון דער אַנדערער זייט.

— איך פאַרשטיי, וואָס דו מיינסט... וועט מען דאַרפן אָנהייבן די אַרבעט גאָר נידעריק... אַזוי מיינסטו?

— דאָס, וואָס איך מיין.

— נו, און געלט? מען וועט דאָך דאַרפן אויפסניי געלט– און וואַרשיינלעך אַ סך געלט...

— וועט מען דאַרפן קריגן.

דער אַלטער האָט ווידער אָפּגעשוויגן, נאָכגעטראַכט און געזאָגט:

— ווען דו פאָלגסט מיך –

— איז וואָס?

— וואָלסטו דערווייל אָפּגעלאָזט.

— גערעכט! דער זיידע איז גערעכט! – האָט עליזאַבעט אונטערגעכאַפּט.

דער אַלטער האָט רויק פאַרענדיקט:

— אפשר וועט דער שטראָם פון זיך אַליין איינטרוקע-נען... אַזויווי ער איז געקומען פּלוצלינג, אַזוי, קען זיין, וועט ער פּלוצלינג נישט ווערן.

טאַנין האָט אַ שמייכל געטאָן:

— שווער צו גלייבן.

— אָבער וואַרטן קען מען דאָך... שפּעטער וועט מען זען... וואָס איז דאָס איילעניש? האַ?

דער אַלטער איז אויפגעשטאַנען. צוגעגאַנגען באָענט צו

טאַנינען, אַרויפגעלייגט אַ טרייסטנדיקע האַנט אויף זיין אַקסל און מיט היימישקייט געזאָגט:

— זון מיינער! זאָרגן זיך איז נאַריש...

האָט ליכט אַ טרייסל געטאָן טאַנינס אַקסל:

— נישט געזאָרגט... אַלץ וועט גוט זיין...

עליזאַבעט האָט געקוקט אויפן אַלטן מיט דאַנקבאַרקייט...

•

•

טאַנין האָט זיך אָבער נישט באַרויקט. נישט געקענט. די ענערגיע אין זיין לייב האָט נישט געוואָלט איינגליווערן. די כּוחות האָבן נישט געקענט איינשלאָפן. פאַר זיינע אויגן איז אַלץ געווען דאָס בילד, וואָס האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט דאַן, ווען מען האָט אָנגעהויבן „ברעכן" דעם באַרג: אַ נייע אינדוסטריע האָבן זיינע הענט באַשאַפן. עס וואַקסט אַ נייער ישוב אין די בערג. מיט יעדן טאָג קומען צו נייע איינוווינער, וואָס אַרבעטן דאָ. פון שטעטל ציען זיך אַהער רעלסן. אויף די רעלסן שטייען וואַגאָנעס, און מענטשן פּאַקן דורך די אָפענע טירן דעם קאָסטבאַרן שטיין. אַרום אים רעשט און יובלט די אַרבעט... דאָס בילד האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון אים און האָט אים נישט געלאָזט רוען. די אַרבעט מוז אָנגיין.

אַ פּאָר מאָל איז ער געפאָרן אין שטאָט. אַרויסגעפאָרן מיטן טאָג צוגלייך און צוריקגעקומען פאַרנאַכט. ער איז געווען פאַרטראַכט, פאַרטאָן, אָבער נישט שווייגנדיק. ער האָט געפירט אין שטאָט אַריין מוסטערן פון דעם שטיין, וואָס זיינע הענט האָבן איבערגעשאַפן. ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ רייכער פירמע, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם, און ער האָט

באַקומען אַ צוזאָג: סוף וואָך וועט דער אייגנטימער פון דער פירמע „מיסטער סטאַן" אַראָפּקומען אין די בערג.

מיסטער סטאַן! דער נאָמען האָט געשריגן פון הונדערטער און טויזנטער הייזער אין שטאָט. פון פאַבריקן, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו דער שטאָט; פון פאַרמס, וואָס זענען געלעגן אַרויס פון שטאָט. יעדעס הויז, וואָס האָט געטראָגן אויף זיך אַ שילד, אַז עס ווערט פאַרקויפט, האָט געהאַט דעם נאָמען סטאַן אויף דער שילד: סטאַנס אָפיס האָט עס פאַרקויפט. די שילדן זענען אומעטום געווען גרינע, די בוכשטאַבן אויף זיי—ווייסע. גרין און ווייס האָט געשריגן פון שילד און מען האָט שוין אַפילו די בוכשטאַבן נישט געדאַרפט לייענען. מען האָט געוווּסט: אַלבערט סטאַן!

זיין אָפיס האָט געהערשט איבער הייזער, פאַבריקן, שטיקער ערד און פאַרמס... האָט קאָנטראָלירט מוווי־הייזער און בענק...

מיסטער סטאַן אַליין וועט אַראָפּקומען אין די בערג!

טאַנין האָט אויף אים געוואַרט. וועט מיסטער סטאַן וועלן — וועט מען דאָ צוריק אָנהייבן די אַרבעט. מען וועט צוטרעטן צום באַרג פון צוויי זייטן. מען וועט אָנהייבן גראָבן פון ווייטן, כּדי צוצוקומען שטאַרק נידעריק צום שטיין... דאָס וואַסער וועט מען אָפּציען און דער שטיין וועט גענומען ווערן...

ער האָט געוואַרט און געפילט, אַז ער וואָלט נישט געדאַרפט וואַרטן. וואָס זשע? וועט אויך זיין אַרבעט אַריין אין קרייז פון הייזער און פאַרמעגנס, וואָס טראָגן אויף זיך די גרין־ווייסע שילד מיטן נאָמען אַלבערט סטאַן?

טאַנין איז געשטאַנען פאַרגליווערט. שווערער איבל האָט זיך געגלישט איבערן האַרצן... אָט איז ער מיט אַ פּאָר טעג צוריק געפאָרן פון שטאָט אַרויס. ער האָט געהאַמעוועט די מאַשין, זיך צוגעקוקט: ווי אָפט וועט אים שרייען אין פּנים אַריין אָט דער נאָמען סטאַן? די שילדן זענען אים כּסדר אַנטקעגנגעלאָפן. די הייזער, וואָס האָבן אויף זיך געהאַט די

שילדן, האָבן אויסגעזען קראַנקע, דערשלאָגענע. קנעכטישע אונטערטעניקייט האָט פון זיי אַראָפּגעװײנט... דערנאָך האָט ער שוין די שילד געזען אויך אויף הײַזער, װאָס האָבן אים נישט געהאַט... אָט דער סטאָן װעט װערן דער אייגנטימער פון אַלע הײַזער, פון אַלע געבײַדעס... פון אַלע װעט אַראָפּשרײַען זײַן נאָמען... אויפן װעג, שוין װײַט פון שטאָט, איז פאַר אַ פאַרם געשטאַנען אַ גרויסע שילד אויף צװײ קלעצער. די שילד איז געװען גרויס. האָט געשריגן מיט אַ רענזשערײַ. די װײַסע בוכשטאַבן, װאָס האָבן צונויפגעשטעלט די װערטער „סײל" און „אַלבערט סטאָן", האָבן אויסגעזען, װי ברייט-צעעפנטע מײַלער, װאָס שרײַען װילד אין לײדיקייט אַרײַן. די פאַרם איז געשטאַנען אַ באַלײדיקטע, אַ געבויגענע. האָט זיך געשעמט אויפצוהייבן די אויגן, װי עס שעמט זיך אַ פרוי, װאָס װערט פאַרקויפט אויפן מאַרק...

ער האָט אַ ציטער-געטאָן מיטן גאַנצן גוף. האָט געגעבן אַ הײב-אויף די אַקסלען אַזוי, אַז זיי האָבן כמעט דערגרייכט זײַנע אויערן, און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן.

— דזשעק!

עליזאַבעטס קול האָט אים אויפגעװעקט. ער האָט זיך אויסגעדרייט, געזען: איר פּנים איז אַ ביסל צעטומלט.

— װאָס איז, דזשעק? — איז זי געשטאַנען לעבן אים מיט אַ ביסל זאָרג אויפן פּנים.

— גאָרנישט, עליזאַבעט... װאָס זאָל זײַן!

— האָסט עפּעס אַזאַ ציטער געטאָן.

— װאָס פעלט דיר אײן??!

דער איבל איז געװען אָפּגעטרעטן פון זײַן האַרץ.

— פון װאָס האָסטו געטראַכט איצט, דזשעק?

— װײס איך? גלאַט אַזוי...

— אַלץ װעגן באָרג? װאָס האָסטו קײן צײַט נישט? װאַרט... איך האָב גערעדט מיטן זיידן... מיר װעלן אפשר קריגן געלט... אָבער דערװײַל הער אויף אַזױפיל צו טראַכטן...

— עליזאַבעט...

טאַנין האָט געצוואַרט אויף מיסטער סטאָנס קומען און געפילט: ער וויל זיך נישט דערוואַרטן. אָבער ער האָט זיך יאָ דערוואַרט.

ס׳איז געווען זונטיק אינדערפרי. טאַנין האָט דערהערט: א מאַשין איז צוגעפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט ביים הויז. ער האָט א קוק געטאָן דורכן פענסטער, דערזען א גרויסע, נייע מאַשין—און עס האָט אין אים אַ שלאָג געטאָן: „סטאָן”. דאָס האַרץ האָט זיך פאַרשטיקט און אין קאָפּ האָט דורכגעציטערט. באַלד — און דאָס האַרץ האָט גענומען רויק שלאָגן. פון מאַשין איז אַרויס אַ נעגעריונג — דער טרייבער. ער האָט געעפנט דאָס טירל און געבליבן שטיין גלייך. זיין פנים איז געווען פאַרגליווערט און שטיל פאַרשעמט, פונקט ווי די הייזער, וואָס טראָגן אויף זיך די גרין-ווייסע שילדן. פון מאַשין איז אַרויס א מיטלגעוויקסיקער מאַן. ער האָט אויסגעזען קיילעכדיק און דאָס פנים — ווי א פולע לבנה געמאַכט פון טייג... ער האָט געטראָגן פענסנע—טאַנין האָט א טראַכט געטאָן: וויאַזוי האַלטן זיך די פענסנע, אז דאָס נעזל איז אזוי קליין? ער האָט געטראָגן א ווייסן אַנצוג און אויפן קאָפּ א האַרטן שטרוי-הוט. ווי נאָר ער איז אַרויסגעקומען פון מאַשין, האָט ער אַראָפּגענומען דעם הוט און מיט א ווייס טיכל א וויש געטאָן דעם שטערן. דער גאַנצער קאָפּ איז געווען גאָל, באַדעקט מיט גלאַנציקער ליסינע. געהאַט דיזעלבע ווייכע בלייכקייט, ווי דאָס פנים. איצט האָט טאַנין שטיל אָפּגעהוסט און איז אַרויס פון הויז.

פון מאַשין איז אַרויס נאָך א מאַן. יענער איז געווען אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. אַ הויכער, א ביסל א דאַרער. האָט געהאַט שטילע, שוואַרצע אויגן און שאַטענע האָר, וואָס זענען געלעגן אויף זיין קאָפּ א ביסל אויפגעשויבערט. אויך אויף זיין פנים איז געווען אונטערטעניקע שטילקייט, ווי אויף דעם נעגערס.

— זענט איר מיסטער טאַנין?

סטאָן האָט עס געגעבן א פרעג גיך. האָט מיט קליינע,

ברוינע, שאַרפע אויגן געגעבן אַ לויף איבער טאַנינס פּנים. האָט גלייך צוגענומען די אויגן, האָט ערגעץ אַוועקגעקוקט. איז געוואָרן אומרויק:

— וואָס קענט איר מיר ווייזן?

— איר וועט אַזוי גוט זיין: אַריינגיין אין לאַבאָראַטאָריע... פון דער זייט...

מיסטער סטאָן האָט געשפּאַנט מיט דריבנע, פלינקע טריט. ווי ער וואָלט געשפּאַנט ביי זיך אין הויז. אויך אין זיין שפּאַנען איז געווען אומרויקייט. טאַנין האָט געעפנט פאַר אים די טיר. ער איז אַריין דער ערשטער. נאָך אים — דער, וואָס האָט אים באַגלייט.

— ביטע... זיצט...

מיסטער סטאָן האָט אַ שמייכל געטאָן... ס'איז געווען אַ מאָדנער שמייכל: סאַראַ איינפאַל אַ ביסל... ווי האָט ער צייט זיך צוצוזעצן? ער איז געקומען אַ קוק טאָן... איין קוק טאָן...

— ווייזט!

טאַנין האָט געפילט: פון אָט דעם געפּאַקטן פּאַרשוין בייט-אויף פרעמד-קאַלטער אָטעם. ער האָט אים געוויזן די מוסטערן. האָט אים דערקלערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך... יענער איז געשטאַנען—און עס האָט אויסגעזען, אַז ער טראַכט גאָר פון עפּעס אַנדערש... דערנאָך האָט ער גענומען אין האַנט אַ שטיק קאָלירטן שטיין... אַ צווייט שטיק...

— פיין... וויפל קאָלירן?

ער האָט געקוקט אין פענסטער. געהערט, וואָס טאַנין רעדט, און אַלץ געטראַכט פון עפּעס אַנדערש. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— לאָמיך זען איגדרויסן...

זיי זענען אַרויס פון הויז. טאַנין האָט געשפּאַנט לעבן אים, האָט דערציילט וועגן די פּלענער... מען דאַרף איצט צוטרעטן צום באַרג פון אַ זייט... פון צוויי זייטן... עס וועט זיך אויסבויען דאָ אַ נייער ישוב... מיסטער סטאָן האָט גע-

הערט, נאָר אינמיטן רעדן האָט ער געגעבן אַ דריי־אויס דעם קאָפּ צו דעם, וואָס איז מיט אים געקומען:

— מיינע סיגאַרן זענען געבליבן אין מאַשין.

— כ׳ברענג זיי גלייך.

טאַנין האָט געפילט: ער איז נידעריקער געוואָרן... נאָר מיסטער סטאָן האָט געזאָגט:

— „וועל״...

טאַנין האָט אים באַוויזן די זעג־מאַשינען... און אָט איז דאָס ביסל שטיין, וואָס מען האָט באַוויזן אַרויסצוקריגן... דערנאָך האָט מען אַרויפגעקלעטערט אויפן באַרג... דער מאַן האָט אים דערלאַנגט מיט די סיגאַרן. האָט גלייך פאַר אים אָנגעצונדן אַ שוועבעלע... טאַנין האָט דערוויל געטראַכט: „דערזעלבער דזשייקאָבס... דערזעלבער דזשייקאָבס... אַלע זענען זיי איין חברה...״

שפּעטער אַ ביסל זענען אַלע צוריק אַריין אין לאַבאָראַטאָריע. מיסטער סטאָן האָט זיך דאָסמאָל אַוועקגעזעצט. ער איז אַזוי געזעסן און אַזוי געקוקט, אַז אי טאַנין, אי דער אַנדערער מאַן זענען געבליבן שטיין. מיסטער סטאָן האָט געפרעגט:

— איז, וואָס ווילט איר?

— איך וויל צוריק אָנהייבן די אַרבעט.

— באַדינגונגען?

טאַנין האָט פאָרגעשלאָגן: די פירמע זאָל די אונטערנעמונג פינאַנסירן. מען קען אויך גרינדן אַ „קאָרפּערייש״ן״.

— דאָס איז שוין מיין זאַך... אייערע באַדינגונגען?

טאַנין האָט זיך אויסגעגלייכט. זיין קול איז געוואָרן האַרטער. איצט האָט ער אויך גערעדט קורץ. דער באַרג איז זיינער... די דערפינדונג איז זיינע... די פירמע פינאַנסירט... צאָלט אַלע אויסגאַבן, אויך פאַרן באַרג... ער בלייבט פאַרוואַלטער... אַלע אויסגאַבן מאַכט די פירמע און ער איז אַ גלייכער שותף.

מיסטער סטאָן האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן. ס׳איז געווען דערזעלבער מאָדנער שמייכל, ווי פריער, ווען ער האָט אים פאָרגעלייגט זיך צו זעצן:

— נאַריש.

— נאַריש?

טאַנין האָט זיך אויסגעשטרעקט. דערפילט זיין שטייפ־קייט. מיסטער סטאַן איז שוין געשטאַנען אויף די פיס:

— ס'וועט נישט גיין!

גלייך צוגעגעבן:

— קיין שותפים זוך איך נישט... כ'בין געקומען זען צי איך זאָל קויפן.

— קויפן?

איצט האָט טאַנין געשמייכלט. נאָר מיסטער סטאַן האָט עס אַפילו נישט באַמערקט: מען קען רעדן בלויז וועגן קויפן... און קויפן אַלץ מיט אַנאַנדער... מיט דער דערפינדונג צוזאַמען... און גלייך געפרעגט:

— איר האָט געאַרבעט ביי די ברידער דזשייקאָבס?

— געאַרבעט... דרייבער?

— איר וואָלט דאָ אויך געקענט בלייבן אַרבעטן.

זיך גלייך געווענדט צו זיין באַגלייטער, געפרעגט, וואוּאַהין זיי דאַרפן נאָך צו פאָרן. יענער האָט אונטערטעניק געענטפערט.

טאַנין איז געשטאַנען מיט צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן: ווידער וויל מען אים אַריינקריגן אין „שאַפּ" אַריין און אים מאַכן צום נאַר... ווידער וויל אַ דזשייקאָבס אים דינגען...

מיסטער סטאַן האָט געזאָגט:

— וועגן קויפן קען מען רעדן.

— איך פאַרקויף נישט.

טאַנין האָט עס אַרויסגעזאָגט אַזוי, אַז מיסטער סטאַנס שאַרפע, קליינע אויגן האָבן זיך מיט אַ ביסל וואונדער אַ גליטש געטאָן איבער זיין פּנים. די לבֿנה פון טייג אויסגעקנאָטן האָט זיך עטוואָס צעצויגן... גלייך האָט ער ווידער אַ שמייכל געטאָן:

— אויב יאָ... וועט איר מיר לאָזן וויסן.

— „אָלרייט".

אין דעם „אָלרייט" איז געווען חוזקדיקער טעם. יע־
נער האָט מער נישט געקוקט אויף אים:

— „גוד באַי"...

און צוזאַמען מיט זיין באַגלייטער אַרויס.

ס'איז ליכטיקער געוואָרן אין לאַבאָראַטאָריע... גוט, וואָס
זיי זענען שוין אַרויס... ער וועט זיך אַליין אַן עצה געבן...
דער אַלטער וועט צוהעלפן... און גוט איז, וואָס עליזאַבעט
איז נישט געווען אין הויז... ער וואָלט זיך געשעמט פאַר איר...
טאַנין האָט דערפילט גרויס דערלייכטערונג. מער צו די דזשיי־
קאָבס אין „שאַפ" וועט ער נישט גיין! ער וועט נישט, ווי די
פאַרשידענע הייזער, טראָגן אויף זיך אונטערטעניק די גרין־
ווייסע שילד...

---

# קאַפּיטל אַכט

ס׳איז געווען סוף יולי. די נאַכט האָט געשמעקט מיט צייטיקן ווייץ און מיט זאַפטיקע געוויקסן. די בערג האָבן הייס געאָטעמט און דאָס געשריי פון די פליגן האָט זיך געדיכט געגאָסן צוזאַמען מיט דעם טוי, וואָס האָט געני־דערט צו דער ערד. טאַניך איז געזעסן אין לאַבאָראַטאָריע ביים אָפענעם פענסטער און זיך צוגעהערט צו דער נאַכט. ער האָט געלאַסן גערויכערט זיין ליולקע און די מידקייט האָט אַראָפּגעשווערט די אויגנדעקלעך זיינע. אַ גאַנצן טאָג האָט ער צוזאַמען מיט עליזאַבעטן און דעם אַלטן פאַרבראַכט אויף די פעלדער צווישן צייטיקע תבואות, וואָס מען האָט געשניטן. איצט איז זיין גוף אָנגעזאַפּט מיט זון און געשמאַק פון תבואה. פאַרוואָס האָט ער זיך פלוצלינג דערמאָנט אָן רויטן דזשאַן? האַ? געטראַכט האָט ער גאָר וועגן דעם, וויאַזוי ער וועט פאָרט אָנהייבן די אַרבעט ביים באַרג. און מיטאַמאָל זיך דערמאָנט אָן רויטן דזשאַן... אַ? יאָ... דאָס איז געווען מיט עטלעכע טעג צוריק... ס׳איז שוין געווען באַלד פאַרנאַכט... ער איז געגאַנגען מיט עליזאַבעטן, און פלוצלינג האָט ער דערזען דעם רויטן דזשאַן... האַ? ס׳איז נאָכנישט געווען פאַרנאַכט... די זון האָט נאָך געשיינט, נאָר פון דזשאַנס פּנים האָט עס אַן אָטעם געטאָן אויף אים מיט נאַכט און כמאַרע... דזשאַן איז זיי אַנטקעגנגעקומען אין זיין אַלטן, אָפענעם אויטאָמאָביל. ער האָט צו זיי אויסגעדרייט

דעם קאָפּ... זײַנע אויגן זענען געוואָרן קלײן. האָבן אויסגעזען, ווי געשליפענע שפּילקע־קעפּלעך... דאָס פּנים זײַנס האָט קאָנוואולסירט מיט גרינעם כּעס... פונוואַנען אַ שטײַגער איז עס אָט דער דזשאַן געפאָרן? און ווי האָט דער אַלטער געזאָגט? האַ?

— פאַר דעם רויטן דזשאַן דאַרף מען זיך היטן.

— ער האָט שוין געוויס אַלץ פאַרגעסן.

— קענסטו נישט דעם רויטן דזשאַן... ער וועט נישט פאַרגעסן...

— וואָס קען ער דען טאָן?

— ווער קען אים וויסן? היטן דאַרף מען זיך... זעסט אים?

— ווער זעט אים?!

— מען דאַרף האַלטן אַן אויג אויף אים...

ס'איז גוט, וואָס רעקס האָט זיך צוגעוואוינט צום הויז און וואַכט דאָ איבער די נעכט... מיט עטלעכע נעכט צוריק... האַ? ווען איז עס געווען?.. ערשט נעכטן בײַנאַכט האָט זיך רעקס שטאַרק צעהאַוועט... דאָס האַווקען איז געקומען פון באַגענט צום הויז... דערנאָך האָט זיך דאָס האַווקען דערווײַטערט... זעט אויס: דער הונט איז געשטאַנען בײַם וועג און עמעצן נאָכגעהאַוועט... טאַנין האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער, אָבער ער האָט גאָרנישט געזען. רעקס גיט אַכטונג... דאָס איז גוט... און וואָס אײַגנטלעך קען מען אים איצט אָנטאָן פאַר אַ שאָדן?

אין גאַנצן הויז האָט שטילקייט געסאָפּעט אָן קול. עליזאַבעט שלאָפט שוין געוויס. זי איז אַזוי מיד געוואָרן פון אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג איבער די פעלדער. ער האָט זיך צעשמייכלט: ער האָט אַזוי ליב צו קוקן אויף איר, ווען זי שלאָפט אַ מידע.

טאַנין האָט זיך אויפגעשטעלט. געטראַכט: עפּעס הערט מען נישט רעקסן אַרומלויפן. זיך דערנענטערט צו דער טיר

און דערהערט: עפּעס דראַפּעט משונהדיק פון דער אַנדערער זייט. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן דערשראָקן... וואָס האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן? האַ? וואָס שרעקט ער זיך? דאָס דראַפּען איז געוואָרן דײַטלעכער אויף אַ ווײַלע און גלײַך נאָכגעלאָזט די דײַטלעכקייט. הערט ער נישט אַ מאָדנע קרעכצן?

ער האָט געעפנט די טיר. און דאָס מויל האָט זיך אים צעעפנט פון שרעק. רעקסעס פּאָדערשטע פיסלעך, וואָס האָבן געדראַפּעט אָן טיר, זענען געפאַלן אויף דער שוועל... רעקס האָט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע גרוילעדיקע אויגן, אַז טאַנין האָט דערפילט: זייער קוקן שנײַדט זײַן לײַב, ווי מיט מעסערס...

רעקס האָט זיך אַריבערגעשלעפּט איבער דער שוועל. די פּאָדערשטע פיסלעך בלויז האָט ער באַוועגט. די הינטערשטע האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, ווי פרעמדע, צוגעבונדענע צו זײַן גוף. טאַנין האָט געמאַכט עטלעכע טריט צוריק. איז גרייט געווען אַרויסצולאָזן אַ געשריי. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. ער האָט פאַרמאַכט די טיר, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען:

— רעקס! וואָס איז מיט דיר? רעקס...

רעקס האָט געשטרעקט דעם קאָפּ צו אים. די אויגן זענען געווען אָנגעגאָסן מיט אַזאַ מוראדיק, געדיכט געוויין, אַז ס'האָט זיך געדאַכט: זיי וועלן פּלאַצן... דאָס מויל איז אים געווען אָפן און די צונג איז געלעגן פאַרקלעמט אין ווינקל: אַרויסגעהאָנגען, ווי אַ שטיקל שמאַטע. משונהדיק גרינלעכער גאַווער האָט זיך געצויגן איבער דער צונג. ס'האָט אויסגעזען: דער הונט שטיקט זיך מיט שרעקלעכן ווייטיק און קען נישט אָטעמען... דער גוף זײַנער איז איצט געלעגן צוגעקלעפּט צו דער פּאָדלאָגע; דער אויפגעהויבענער קאָפּ האָט זיך לאַנגזאַם באַוועגט און דין קרעכצן האָט זיך געשטופּט דורך שטאַרקער ענגשאַפט...

— רעקס... רעקס...

טאַנין האָט געפילט: פון הונטס קוקן פרירט אים דאָס

בלוט אין לייב. ער איז אַוועק און געברענגט וואַסער. דער הונט האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געפּרוווט טרינקען און נישט געקענט. דער קאָפּ האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געוויגט און געפֿאַלן מאַכטלאָז.

טאַנין האָט געזען: איבערן הונטס גוף לויפֿן ציטערן. שווערע, משונהדיקע ציטערן. אויך אין זײַן לײַב איז געווען ציטער. איצט איז דעם הונטס קאָפּ געלעגן און די צונג האָט זיך געקלעפּט צום דיל. די אויגן האָבן נאָך אַלץ געקוקט אויף טאַנינען. טאַנין האָט געזען מען גלעטן דעם הונט. געפֿילט אַז ער דער האַנט די משונהדיקע ציטערן. דעם הונטס אויגן האָבן געגלאַנצט מיט טרערן און מיט ווייכקייט. נאָר מיטאַמאָל האָט טאַנין דערזען: די אויגן גענומען גליווערן, ווי אַ פֿראָסט וואָלט אָנגעלאָפֿן און זיי געפֿרוירן... איין ווײַלע — און די אויגן זענען געבליבן טעמפּ, ווי שטיקלעך גלאָז...

רעקס איז איצט געלעגן אינגאַנצן רויק. דאָס מויל צעעפֿנט און די צונג האָט זיך געטוליעט צום ווינקל מויל; דער בויך איז געוואָרן העכער, שטײַפֿער, ווי מען וואָלט אים שטאַרק אָנגעבלאָזן מיט ווינט...

אַ שטיקל צײַט איז טאַנין געשטאַנען אויף די קניען. געשטאַנען און געפֿילט: שרעק האָט זיך אָנגעגאָסן אין אַלע איברים. עמעצער האָט דעם הונט פֿאַרסמט... ווער זשע האָט עס געקענט טאָן? אַ? און ס'איז גוט, וואָס עליזאַבעט איז דערבײַ נישטאָ... זי וואָלט זיך באַגאָסן מיט טרערן... און וואָס נאָך האָט ער געטראַכט? ער האָט אַליין נישט געוואוסט, וואָס ער טראַכט. ער האָט בלויז געוואוסט: רחמנות ווײַנט אין אים און שרעק גיסט זיך, ווי שוואַרצער טינט, אין זײַן לײַב אַרײַן... ווי־לאַנג איז ער אַזוי געשטאַנען אויף די קניען? ער האָט זיך ענדלעך אויפֿגעשטעלט. אים איז צוריק קלאָר געוואָרן אין קאָפּ. ער האָט דעם טויטן הונט אַרויסגעטראָגן אינדרויסן, אים אַוועקגעלייגט. געשטאַנען אַ ווײַלע, געטראַכט. זיך צוריק אײַנגעבויגן, אויפֿגעהויבן דעם הונט און אים אַרײַנגעלייגט אין

ביידל. האָט נאָך מיט די הענט געפּילט די וואַרעמקייט פון הונטס לייב און דאָס האָט געטריבן טרערן אין האַלדז אַריין...

— — — — — — — — — — — — —

עליזאַבעט איז געשלאָפן. אין צימער האָט געברענט אַ קליין באַשאָטנט לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ טישל. טאַנין האָט זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אַ ווײַלע. עליזאַבעט איז געלעגן אויף אַ זייט. דאָס פּנים איז געווען לויטער, ווי לוי־טערער ווײַן. די קופּער־האָר האָבן זיך געטוליעט צו איר בעק. דאָס מויל איז געווען פאַרמאַכט—און זי האָט געשמייכלט פון שלאָף. וואונדערלעכע רויִקייט האָט געאָטעמט פון איר... ניין. ער וועט זי נישט וועקן... ער וועט שוין, ווי עס איז, באַ־הערשן דאָס ציטערניש אין לייב. ער האָט פאַרלאָשן דאָס לעמפּל און זיך אויך געלייגט.

עליזאַבעט האָט געאָטעמט אַזוי רעגלמעסיק און שטיל, ווי די שטילע לופט, וואָס האָט געאָטעמט פון דרויסן דורכן פענ־סטער. פון איר איז אויפגעגאַנגען דער ריח פון צייטיק פעלד. באַר טאַנין האָט נישט געקענט איינשלאָפן: די שרעק האָט געװאָרן אין לייב און דאָס האַרץ איז געווען פול מיט רחמנות. ער האָט געזען דעם הונטס אויגן גלאַנצן מיט טרערן און דאַנקבאַרקייט, ווען ער האָט אים געגלעט מיט דער האַנט... ווי קען מען דאָס פאַרשטיין? אָט האָט דער הונט געלעבט... היינט פאַרנאַכט איז ער אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַזויפיל פרייד... זיך געלאַשטשעט צו אים, אַרויסגעלאָזט פרייד־גע־שרייען ווי דורך אַ פייפל... און איצט — אויס. אין בודע ליגט אַ שוואַרצע, געשוואָלענע זאַך... וויאַזוי איז דאָס גע־וואָרן? און וואָס איז דער אונטערשיד צווישן הונט און אים אַליין? אָט ליגט ער איצט, אָטעמט דעם ריח פון עליזאַבעטס לייב. עס שמעקט זון, ווייץ און פריש קוואַלוואַסער... און שפּעטער? — ער האָט אַ ציטער געטאָן. ווידער דערפילט, ווי די שרעק איז דורכגעלאָפן דאָס האַרץ און גענומען פליסן אין אַלע איברים אַריין.

די נאַכט האָט זיך געצויגן, ווי געדיכטע, צעלאָזטע סמאָלע. קיקייט האָט גענומען בלאָזן דורכן אָפענעם פענסטער. איז ער אויפגעשטאַנען, געפונען אַ לײלעך און צוגעדעקט עליזאַבעטן. זי האָט עס דערפילט, האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשמאַקן קרעכץ, ווי אַ מענטש, וואָס גייט אַריין ווינטער אין וואַרעם וואַסער... ער האָט זיך שוין געוואָלט צוריקלייגן, נאָר אים איז אויסגעקומען, אַז ער האָט געהערט אַ שאָרך. ער האָט זיך אויסגעשטרעקט, אַ ווײלע זיך איינגעהערט. איז צוגעגאַנגען צום פענסטער. זיך אַרויסגעבויגן—און דאָס האַרץ האָט זיך אים אויף אַ ווײלע אָפּגעשטעלט: פון קעלער־פענסטער איז געפאַלן אַ שיין אויף דער ערד. ס'האָט דורכגעציטערט אין זיין לייב. איינמאָל, נאָכאַמאָל. אין קאָפּ האָט זיך אַ מיש געטאָן, נאָר גלייך האָט זיך דאָרט אויסגעלייטערט.

ער האָט אָנגעטאָן אַ כאַלאַט. האָט אין זינען געהאַט צו זיין שטיל און נישט אויפוועקן עליזאַבעטן. האָט אָנגעטאָן די שטעק־שיך, האָט געלאַסן געעפנט די טיר... האָט נישט געהערט, ווי די טיר האָט לייכט אַ קרעכץ געטאָן, און איז אַראָפּ אונטן.

קיין ליכט האָט ער נישט אָנגעצונדן. ער האָט סיי־ווי געזען. ער האָט געהערט, ווי דאָס האַרץ האָט איצט געקלאַפּט העפטיק. עפּעס דריקט אויפן האַרצן... ער וואָלט אפשר געדאַרפט אויסטרונקען אַ ביסל וואַסער... אָבער ער האָט עס אַפילו נישט געפּרוווט טאָן. ער האָט געפונען זיין עלעקטריש לעמפל, אין דער אַנדערער האַנט האָט ער גענומען דעם רעוואָלווער און איז אַרויס.

יאָ, אין קעלער איז ליכטיק... די ליכטיקייט ווערט אַלע ווײלע שטאַרקער. ער האָט געטראָטן שטיל ביי דער וואַנט. צוגעקומען ביז צום ווינקל, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און דערזען: דאָס פענסטער פון קעלער איז אָפן און עמעצער קריכט אַרויס דורכן פענסטער... ער האָט געוואַרט... וואָס האָט ער געוואַרט? ער האָט אַ ווײלע גאָרנישט פאַרשטאַנען...

יעוער דאָרט האָט שווער נעסאָפּעט... איז אַרויסגעקראָכן און זיך אויפגעשטעלט.

מיטאַמאָל איז טאַנין געוואָרן רויק. ער האָט געמאַכט אַ שפּאַן. האָט געגעבן אַ צינד-אָן זיין עלעקטריש לעמפּל. די ליכט איז געפאַלן אויף דעם מענטש, וואָס האָט זיך צוגעטוּליעט צו דער וואַנט. האָט באַלויכטן דאָס צערויטלטע פּנים דזשאַנס. ער איז געווען אָן היטל. די צעשויבערטע האָר זענען געווען רויט אין ליכט. די ליפּן האָבן ביי יענעם קאָנוואולסירט... טאַנין האָט אים געזען און עפּעס נישט געזען.

— ווער איז עס?

יענער האָט נישט געענטפערט.

ווידער איז דאָס ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל געפאַלן אויף יענעם. דאָס ליכט האָט זיך צוגעטראָגן צו יענעמס פּנים. טאַנין האָט געפרעגט:

— דו? דזשאַן?

יענער האָט געזען דעם רעוואָלווער אין טאַנינס האַנט. האָט אַלץ געשוויגן. טאַנין האָט אויסגערופן:

— שטיי! בלייב — — —

איידער נאָך ער האָט געמאַכט נאָך אַ שפּאַן — און עס האָט אַ הילך געטאָן. עפּעס האָט שווער און שטעכיק זיך געגעבן אַ ריס אַריין אין טאַנינס בויך... האָט זיך דאָרט צעריסן און גענומען שפּריצן מיט הייסן ווייטיק... ער איז געפאַלן...

— — — — — — — — — — — — —

דעם שטילן קרעכץ פון דער טיר, וואָס טאַנין האָט נישט געהערט, ווען ער איז אַרויס פון שלאָפצימער, האָט עליזאַבעט יאָ דערהערט. נאָך פריער האָט זי אין שלאָף געהערט, ווי עמעצער שטייט אויף. איצט האָט זי געגעבן אַן עפן די אויגן, זיך געגעבן אַ זעץ-אויף. דערזען, אַז טאַנין איז נישטאָ, איז איר אַ קעלט באַפאַלן. אַ ווילדע איז זי גע-

זעסן. זיך געוויגט צווישן שלאָף און וואַך. געקלערט: וואָס איז טאַנין? האַ? מען דאַרף מאַכן ליכטיק. ווען זי האָט דערהערט דעם הילך, איז זי גלייך אַראָפּ פון בעט, האָט גענומען רופן:

— דזשעק! דזשעק!

איז באַלד שטיל געוואָרן. דאָס לייב האָט געציטערט. זי האָט געעפנט דעם „קלאָזעט", האָט אויף זיך געכאַפּט אַ מאַנטל און גענומען לויפן פון צימער:

— דזשעק! דזשעק!

זי איז געלאָפן אַרום הויז. דערזען: דזשעק ליגט אויף דער ערד און לעבן אים דאָס ברענענדיקע עלעקטרישע לעמפּל. האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען און — שגעון איז איר באַפאַלן. זי האָט געזען: דורך די פענסטער פון קעלער שלאָגט שטאַרקע ליכטיקייט. האָט געהאַט פאַרלוירן דאָס קול אויף אַ ווײַלע. באַלד האָט זיך דאָס קול אַרויסגעריסן מיט יאָמער און אירע געשרייען האָבן געריסן די נאַכט אין פּאַסן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין קעלער האָט געקנאַקט דאָס פייער. האָט אַלע ווײַלע אויפגעבייזעוועט און קנוילן רויך האָבן זיך געשטופּט דורך די פענסטער. די רויטע צונגען האָבן געגלעט די בעלקעס, זיך געוויקלט איבער זיי מיט אימפּעט. פון טוריסטן-הויז זענען אַלע געקומען צולויפן. דער אַלטער ווילס האָט שווער געצויגן דעם אָטעם, געריסן עליזאַבעטן פון טאַנינען, זי געוואָלט איינשטילן און נישט געקענט קיין וואָרט אַרויסברענגען. עליזאַבעט האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות. ווי נישט דאָס הויז וואָלט געברענט, נאָר זי אַליין וואָלט געווען אין פלאַמען.

איינער פון די געסט אין טוריסטן-הויז האָט איר אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין:

— ער לעבט!.. ער לעבט!.. ער איז בלויז פאַרוואונדעט!

ערשט דאַן האָט עליזאַבעט אויפגעהערט שרייען. זי איז גלייך געקומען צו זיך. האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

געהערט ווי טאַנין קרעכצט, געזען: ער באַוועגט מיט די ליפּן. נאָר קיין וואָרט האָט זי נישט געהערט.

— ער וועט לעבן! ער וועט לעבן!..

אַזוי האָט זי עטלעכע מאָל געזאָגט אין איין אָטעם. איז גלייך געוואָרן רויק:

— ווער קען טרייבן אַ מאַשין?

— איך!

— מען דאַרף אים גלייך פירן אין שטעטל צום דאָקטאָר. גיכער!

דער אַלטער האָט קוים אַרויסגעקרעכצט:

— טו זיך אָן.

— אַ? קריגט מיר מיינע שיך און אַ קליידל.

דער „גאַראַדזש" איז גלייך געעפנט געוואָרן. איינער אַ יונגערמאַן האָט אַרויסגעפירט די מאַשין.

מען איז געלאָפן אין הויז אַריין. זיך געריסן דורך רויך. צוריקגעלאָפן. עליזאַבעט האָט גלייך אָנגעטאָן די שיך. עטלעכע קליידלעך אַריינגעוואָרפן אין מאַשין. זיך איינגעהילט אין מאַנטל. זיך געבעטן:

— שנעלער... רירט זיך.

— וויאַזוי נעמט מען אים אַריין אין מאַשין?

— אַ?

עליזאַבעט איז פריער אַריין. זיך געזעצט אין ווינקל:

— גיט אים מיר אַריין.

מען האָט אים אַריינגעזעצט אין מאַשין. נישט אויפן געזעס לעבן עליזאַבעטן, נאָר נידעריקער. עליזאַבעט האָט געהאַלטן אַרומגענומען זיינע פּלייצעס, און זיין קאָפּ איז געלעגן אויף איר ברוסט. זיינע קרעכצן זענען געווען אַזעלכע מאָדנע: זיין גאַנץ לייב האָט געק־עכצט.

עליזאַבעט האָט געזאָגט:

— אַ פּאָר קישנס אונטערצולייגן.

— אין הויז קען מען שוין נישט אַריין.

מען האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן טוריסטן־הויז. פון דאָרט האָט מען אַרויסגעטראָגן קישנס און קאָלדרעס. דאַן האָט זיך עליזאַבעט געכאַפּט:

— וואַרט... וואו איז די וואונד? מען דאַרף זי איבער־בינדן...

מען האָט אים צוריק אַרויסגענומען פון מאַשין. מען האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ קאָלדרע. מען האָט צענומען זיין כאַלאַט און אַלע האָבן אויפגעשוידערט: אויפן בויך איז געווען רויט. דער פלעק איז געווען גרויס, צעפלאָסן אויף די ווייסע „פּאַדזשאַמעס".

מען האָט געריסן לײלעכער אין פּאַסן. די פּאַסן שטאַרק געוויקלט אַרום אים. דערנאָך האָט מען אויסגעבעט אין מאַ־שין. ווידער האָט זיך עליזאַבעט אַריינגעזעצט אין ווינקל אַזוי, אַז זי זאָל אים קענען האַלטן אַרומגענומען ביי די פּלייצעס און טוליען זיין קאָפּ צו זיך.

אין מאַשין איז געווען ליכטיק. עליזאַבעטס אויגן זענען געווען צוגעקלעפּט צום בלאַסן פּנים. זי האָט גאָרנישט געזען מער, ווי דאָס פּנים. טאַנין האָט עס דערפילט. האָט ער גע־לאָזן געעפנט די אויגן, זיינע בליקן האָבן זיך באַהעפט מיט עליזאַבעטס. דינער שמייכל האָט אויפגעלויכטן אויף זיינע ליפּן:

— עליזאַבעט...

— דזשעק... ווערסט לעבן... חעסט לעבן, דזשעק...

טאַנין האָט אַרויסגעשעפּטשעט:

— דזשאַן...

— דזשאַן האָט עס דיר געטאָן?

— יאָ... דזשאַן... און... אונטערגעצונדן...

דער שמייכל האָט געגעבן אַ זאַפּ־איין אין זיינע ליפּן. שווערער שוידער האָט דורכגעדרילעוועט זיין גוף. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שניידנדיקן אָכץ. זיינע ליפּן האָבן זיך נאָך אַ באַוועג־געטאָן. שטיל איז אַ וואָרט אַראָפּגעפאַלן פון זיי, ווי טרוקן בלעטל פון אַ צווייגל:

— בעטי...

ער האָט ווידער פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין...

— זאָל מען פאָרן... נאָר פאָרזיכטיק... — האָט עליזאַ-בעט געבעטן.

— — — — — — — — — — — —

איצט זענען שוין די פלאַמען געלאָפן איבער די צימערן פון גייעם הויז. איבער די פענסטער האָט געזעצט רויך און די שויבן האָבן רויט געבליאַסקעט אין דער נאַכט אַריין.

ס'האָט אויסגעזען:

אין די בערג, אין דער נאַכט, ברענט אַ ריזיקער לאַמטערן.

# קאַפּיטל נײַן

„ער וועט אויסהאַלטן... ער וועט זיכער אויסהאַלטן..."
אָן קול האָט עליזאַבעט כּסדר געחזרט אין זיך די ווערטער; געזוכט צו טרייסטן דאָס אייגענע האַרץ, וואָס איז געלעגן אין קלעם. ס'איז געווען שוין דער דריטער טאָג נאָך דער אָפּעראַציע. און ווי האָט דער דאָקטאָר געזאָגט? —

גלײַך נאָך דער אָפּעראַציע איז זי געשטאַנען פאַרן דאָקטאָר, געשטאַנען מיט פאַרבראָכענע הענט און מיט גרויס געבעט אין די פאַרטרערטע אויגן. דאָס לײַב האָט געציטערט פון קעלט און דאָס האַרץ האָט געוויינט פון יסורים.

— הער דאָקטאָר... ס'איז דאָך שוין נאָך דער אָפּעראַציע?

— שוין.

— די אָפּעראַציע איז דאָך געלונגען?

— ווי עס שיינט: איז אַלץ „אָלרייט".

— הער דאָקטאָר! ער וועט דאָך לעבן... נישט אמת? לעבן וועט ער דאָך?

דער דאָקטאָר האָט מיט פאַרפּרעסטע ליפּן געטראַכט אַ ווײַלע. געקוקט אויף איר מיט שטילע אויגן. דערנאָך געזאָגט:

— עס ווענדט זיך, ווי שטאַרק זיין אָרגאַניזם איז.

— ער איז אַ שטאַרקער...

— זעט אויס אַזוי...

— איך ווייס עס, הער דאָקטאָר... ער איז אַ שטאַרקער מענטש.

— יעדנפאַלס: מען דאַרף וואַרטן עטלעכע טעג און האָפן...

ווידער האָט זיך דער דאָקטאָר פאַרטראַכט. ער איז געווען נאָר־וואָס אַרויס פון אָפּעראַציע־זאַל. איז געווען אָנגעטאָן אין ווייס־לייוונטענע הויזן און רעקל. פון רעקל האָבן אַראָפּגעקוקט בלוט־פלעקן. עליזאַבעט האָט דאַן דערפילט: זי קען טאָמער נישט לאָזן דאָ אַליין:

— הער דאָקטאָר! ערלויבט מיר... ערלויבט מיר צו זיין דאָ מיט אים.

— כסדר זיין?

— איך בעט אייך... אים וועט גרינגער זיין...

זיכער מוז זי דאָ זיין מיט אים. נישט בלויז זיין לעבן איז אויפן וואָגשאָל, נאָר אויך איר לעבן... מען האָט אים אַוועקגעלייגט אין אַ באַזונדער צימער, צוגעשטעלט צו אים אַ ספּעציעלע „נוירס” און עליזאַבעט טרעט נישט אָפּ פון אים. שוין דער דריטער טאָג, אַז זי זיצט און אירע אויגן רוען אויף זיין פּנים... ער ליגט פאַרטאַיעט. אונטער דער הויט ברענט שטילע רויטלעכקייט... ער קרעכצט אָפּט דורך פאַרקלעמטע ציין... איר האַרץ קרעכצט מיט... אין איר שרייט עס אַלע ווייל „אָ, דזשעק!”... זיינע אויגן זענען כסדר געשלאָסן. פילט ער דען נישט, אַז זי געפינט זיך לעבן אים? עס קען נישט זיין... ער פילט זיכער... זי וואָלט שווערן, אַז זי האָט פאַר דער צייט עטלעכע מאָל געהערט, ווי ער שעפּטשעט איר נאָמען... פאַרוואָס זשע עפנט ער נישט די אויגן?

די „נוירס” איז געווען אַרויס פון צימער. די שטילקייט איז געזעסן אין אַלע ווינקלען. געקלעטערט איבער ווענט און סטעליע, ווי קריכיקע געוויקסן. שיינט אַ זון אינדרויסן? דאָ איז טונקל. ווילאַנג שוין, אַז זי האָט נישט געזען די זון? ס׳איז שוין זייער לאַנג, כאָטש ס׳איז איצט דער דריטער טאָג.

עליזאַבעט איז אויפגעשטאַנען פון איר אָרט. האָט זיך אויף די שפּיצפינגער דערנענטערט צום בעט, אויף וועלכן דער קראַנקער איז געלעגן. געקוקט לאַנג אין זיין פּנים און געזען: דאָס פּנים איז איצט פאַרענדערט. די רויטלעכקייט האָט זיך אויסגעקאָשן אונטער דער הויט. איצט איז דאָס פּנים בלייך, אָבער שטילער, באַרויקטער. אַ? ער שלאָפט... ער שלאָפט, ווי עס שלאָפט אַ שטאַרק פאַרמאַטערטער מענטש. זיין אָטעם ציט זיך רעגלמעסיק. אויף די ליפּן ליגט די מידקייט...

„ער וועט אויסהאַלטן... ער וועט זיכער אויסהאַלטן..."

אויפן בלאַסן שטערן זענען איצט געשטאַנען קליינע טראָפּעלעך שווייס, ווי עס ליגן טוי-טראָפּנס אויף אַ בלאַט. איר האַנט האָט געגאַרט זיך אויסצושטרעקן און אַ וויש טאָן דעם שטערן, אָבער זי האָט עס נישט געטאָן. זי האָט זיך געזעצט אויף דער שטול, וואָס איז געשטאַנען לעבן בעט. אויך זי האָט איצט דערפילט שטאַרקע מידקייט אין אַלע גלידער: דאָס האַרץ איז געוואָרן רויקער, נאָר אין די אויגן איז געזעסן שאַרפע ביטערקייט. די אויגנדעקלעך זענען געוואָרן שווער, האָבן געפּרעסט אויף די אויגן. אָבער איינשלאָפן טאָר מען נישט... דזשעק וועט אפשר עפענען די אויגן... ווי זי גאַרט צו זען זיינע אויגן... און וואָס איז מיט דזשאַנען? האַ? דער אַלטער איז דאָ געווען נעכטן פאַרנאַכט, האָט ער דערציילט: מען האָט געכאַפּט דזשאַנען... ער האָט זיך באַהאַלטן, נאָר מען האָט אים געכאַפּט... נו, איז וואָס, אַז מען האָט אים געכאַפּט? די אויגנדעקלעך האָבן אַלץ שווערער געפּרעסט אויף די אויגן. ווער האָט עס צעפּנעזיפּצט?

עליזאַבעט האָט זיך אָנגעשטרענגט, האָט אויפגעריסן די אויגן און דערזען: טאַנין ליגט מיט אָפענע אויגן. זעט אויס, ווי אַ מענטש, וואָס איז נאָר-וואָס אויפגעקומען פון שלאָף. עליזאַבעט האָט זיך געגעבן אַ שטרעק-אויס:

— דזשעק.

האָט געפילט: טרערן לויפן-אָן אין אירע אויגן. האָט מיט

אַלע כּוחות זיי צוריקגעשטויסן. האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך צוריקגעזעצט און גענומען שמייכלען מיט ליכטיקייט. טאַנין איז געלעגן שטיל. האַ? וואָס איז דאָ פאָרגעקומען מיט אים?

— דזשעק... דאָס בין איך דאָך...

— יאָ... עליזאַבעט.

ס'איז יאָ זיין קול און נישט זיין קול. זיין פּנים האָט זיך עטוואָס אויסגעלייטערט.

עליזאַבעט האָט גענומען זיין האַנט אין אירע. האָט זי שטיל געגלעט. זיך צוגעבויגן צו אים. געקוקט אים אין די אויגן אַריין. האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט און לייכט אַ גלעט געטאָן זיין שטערן:

— ווי פילסטו, דזשעק?

— בעסער...

ער האָט צוריק באַקומען זיין קול. שמייכל האָט גענומען בליען אויף זיינע בלאַסע ליפּן:

— מיר איז אַ סך בעסער...

— אָ, דזשעק!.. דו וועסט לעבן... וועסט לעבן, דזשעק.

זי האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז טאַנינס פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט. ס'האָט אויסגעזען: שיין פון בלייכער זון איז אויף דעם פּנים געפאַלן.

— ווילאַנג, אַז איך ליג דאָ?

— דריי טעג.

— און דו?

— איך בין לעבן דיר די גאַנצע צייט.

— טייערע...

טרערן זענען אָנגעלאָפן אין זיינע אויגן. האָבן געריזלט אַ ווײַלע און אַרויסגעשפּריצט...

— — — — — — — — — — — —

די „נוירס" איז אַריינגעקומען מיט שטילע טריט און איז געבליבן שטיין פאַרוואונדערט: איז עס מעגלעך, אַז זי

זעט עס טאַקע? טאַנין האָט געהאַט פרייד אויפן פּנים. זיינע אויגן זענען געווען קלאָר, אויסגעוואַשן. עליזאַבעט האָט גע־האַלטן זיין האַנט אין אירע. עס האָט געשמעקט אין צימער מיט גרויסער ליבשאַפט. די „נוירס" איז צוגעקומען נענטער, האָט „גענומען" דעם קראַנקנס פּולס און האָט אַליין אויך גע־נומען שמייכלען:

— ווי פילט איר זיך?

— איך פיל נישט שלעכט.

— איר דאַרפט בלייבן רויק.

— איך בין רויק.

די „נוירס" האָט זיך דערפילט איבעריק אין צימער. זי האָט אים איינגעגעבן מעדיצין און געפרעגט:

— איר דאַרפט מיך איצט נישט? האַ?

טאַנין האָט געשמייכלט:

— איך בין נישט אַליין...

— וועל איך דערווייל אַרויסגיין.

— — — — — — — — — — — —

איצט האָט עליזאַבעט געזען: אינדרויסן איז פאַראַן אַ זון. זי האָט געשמייכלט און געפילט: די פרייד אין ליייב גליי־ווערט־אויף. זי הערט ווידער זיין קול. דאָס קול איז שוואַך, ציטערט־אונטער פון צייט צו צייט, אָבער ס'איז זיין קול:

— דזשעק... רעד נישט... בלייב רויק...

ער האָט געשמייכלט:

— דאַכט מיר: איך וואָלט זיך געקענט אַפילו אויפזעצן...

— זאָל גאָט היטן...

— איך זאָג נאָר אַזוי...

אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. האָט אַלץ געקוקט אויף עליזאַ־בעטן. אָבער ער האָט די רייד נישט געקענט פאַרהאַלטן. זיי האָבן זיך געריסן פון די ליפּן:

— עליזאַבעט טייערע.

— בלייב רויק, דזשעק...
— איך בין רויק... איך בין רויק... ווייסט, וואָס מיר וועלן טאָן, אַז איך וועל געזונט ווערן?
— וועסט געזונט ווערן... זיכער וועסטו געזונט ווערן... די ביזט אַ שטאַרקער... אַ קרעפטיקער... וועסט אויסהאַלטן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט...
טאַנין האָט ווידער געשמייכלט. ער האָט געגלייבט און איז געווען זיכער, אַז ער וועט געזונט ווערן... אָט פילט ער איצט נישט קיין ווייטיק... אויסגעוועפט האָט דער ווייטיק, וואָס האָט כסדר געברענט אין אים מיט אַזאַ שאַרפקייט... בסך־הכל האָט ער דאָך ערשט אָנגעהויבן לעבן אויף דער וועלט...
— עליזאַבעט... דו... דו האָסט מיר געשאָנקען גליק... ביז איך האָב דיך געפונען, האָב איך דאָך פון קיין גליק נישט געוואוסט... און איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר.
— מיר וועלן נאָך האָבן אַ סך גליק, דזשעק.
— יאָ... און דאָס הויז?
— וואָס: דאָס הויז?
— איז טאַקע אָפּגעברענט?
— איך ווייס נישט... צו וואָס טראַכסטו איצט דערפון? וועסט געזונט ווערן, וועלן מיר זיך בויען אַן אַנדער הויז... אַ שענער הויז...
— גערעכט... מיר וועלן בויען אַן אַנדער הויז.
ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע. געטראַכט וועגן קומענדיקע טעג. האָט געאָטעמט אַ ביסל שווערער, אָבער דעם ווייטיק האָט ער אַלץ נישט געפילט.
— יאָ... מיר וועלן בויען אַן אַנדער הויז... איצט הייב איך אָן פאַרשטיין.
— וואָס אַזוינס, דזשעק?
— איצט פאַרשטיי איך, ווי שווער עס איז פאַר אַ מענטשן זיך צו דערלייזן דאָ, ווען אַרום זענען פאַראַן די דזשייקאָבס מיט די סטאָנס, וואָס לאָקערן פון אַלע זייטן... איצט פאַרשטיי איך... מיר וועלן אַלץ פאַרקויפן און אַוועקפאָרן פונדאַנען...

מיר וועלן אונזער הויז בויען ערגעץ אין אַ לאַנד, וואו עס זענען נישטאָ קיין דזשייקאָבס... וואו עס זענען נישטאָ קיין דזשאָנס, וואָס ווילן ווערן באַלעבאַטעם אויף פרעמדער ערד... דאָרט, וואו אַלע זענען דערלייזט, דאָרט וועט אויך אונזער דערלייזונג האָבן אַ קיום... נאָר צווישן דערלייזטע קען מען דערלייזט זיין... פאַרשטייסט, עליזאַבעט?..

עליזאַבעט האָט נישט געגוי פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט. זי האָט אָבער גאָרנישט איבערגעפרעגט. זי האָט בלויז געוואָלט, ער זאָל אויפהערן רעדן:

— רעד נישט אַזויפיל, דזשעק.

— דו וועסט דאָך פאָרן מיט מיר, עליזאַבעט?

— געוויס וועל איך פאָרן... וואוהין דו וועסט וועלן, וועל איך מיט דיר מיטגיין.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך איבערגעבויגן איבער אים. אריינגענומען זיין פנים אין אירע הענט. אים שטיל געקושט אין די ליפּן, אין די אויגן. ער האָט זיך באַמיט אויפצוהייבן זיינע הענט,—זיי זענען אָבער צוריקגעפאַלן. זי האָט מיט זי-בערקייט אַרויסגעשעפּטשעט:

— מיר וועלן נאָך האָבן אַ סך גליק.

פאַרנאַכט איז געקומען דער אַלטער ווילס. טאַנין האָט פאַר-לאַנגט, עליזאַבעט זאָל אַהיימפאָרן נעכטיקן. זי זעט אויס אַזוי אויסגעמאַטערט... זאָל זי זיך אויסרוען. זי איז דאָך שוין עט-לעכע נעכט נישט געשלאָפן...

דער אַלטער האָט געשוויגן. ער האָט דערביי געטראַכט: ווי מאָדנע דאָס איז: ווילאַנג איז עס דען, אַז ער איז דאָ געלעגן, און טאַנין איז געקומען זען, וואָס ער מאַכט? און איצט...

— פאָר, עליזאַבעט... וועסט קומען אינדערפרי... איך בעט דיך... ביזט אַזוי מיד...

— דזשעק איז גערעכט — האָט דער אַלטער געזאָגט: — מוזט זיך דאָך אויסרוען.

נאָר ווען עליזאַבעט איז אַרויס פון צימער, האָט טאַנין צוריק אָנגעהויבן דערפילן דעם ווייטיק. דער ווייטיק האָט זיך געשטאַרקט מיט יעדער רגע. ער האָט באַקומען דאָס געפיל, אַז אין אים צעברענט זיך אַ פייער, וואָס ווערט אַלץ שאַרפער און שטאַרקער...

— — — — — — — — — — — — —

אַהיימגעקומען, האָט איצט עליזאַבעט דערפילט די שרעקלעכע מידקייט, וואָס איז געווען אָנגעגאָסן ווי בליי אין אַלע איברים אירע. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט זי אַ לאַנגע צייט געשלאָגן איבערן גאַנצן גוף. נאָר דאָס האַרץ איז געווען רויק. די סכנה איז פאַראיבער. זי האָט זיך גלייך געלייגט און אַ גאַנצע נאַכט איז זי געשלאָפן מיט געזונטן שלאָף.

אויפגעכאַפּט האָט זי זיך באַגינען און דערשפּירט: די שרעק, וואָס איז געלעגן ערגעץ פאַרבאָרגן און צונויפגעקנוילט אין איר, האָט זיך אויפגעריסן און פלייצט אין אַלע גלידער. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. איר איז אויסגעקומען, אַז דער טעלעפאָן שרייט מיט באַנומענע קולות.

זי האָט געכאַפּט אויף זיך אַ מאַנטל, איז גיך געלאָפן פון די טרעפּ. איין פוס האָט זיך איר אונטערגעבראָכן, די קני איז צוגעפאַלן צום פאָרענטש, דער אָטעם האָט זיך אין איר פאַרשלאָגן. גלייך האָט זי דעם פיס אויסגעגלייכט און איז אַראָפּ אונטן. זי האָט אינגאַנצן געציטערט, נעמענדיק דאָס טעלעפאָן־רערל אין האַנט:

— ווער רעדט?

— פון שפּיטאָל... מען רעדט פון שפּיטאָל.

די שרעק האָט גענומען ברענען אין קאָפּ און אין האַרץ. זי האָט געהערט, ווי מען פרעגט:

— דאָס הויז פון מיסטער ווילס?

און זי האָט נישט געקענט ענטפערן. זי איז געוואָרן פאַרגליווערט. זי האָט אָנגעשטרענגט אַלע כוחות און קוים אַרויסגעברענגט איין וואָרט:

— יאָ—אָ—אָ...

דאַן האָט זי געהערט:

— קומט גלייך... מיט מיסטער טאַנין איז שלעכט...

איר פּלייצע איז צוגעפאַלן צו דער וואַנט, ווען נישט, וואָלט זי איינגעגאַנצן געפאַלן... אין די אויגן האָט געפינסטערט, בלייכקייט האָט געפלייצט איבערן פּנים. דער אָטעם האָט זיך ערגעץ פאַרזעצט... איר לעבן לעשט זיך אויס...

— — — — — — — — — — — —

ווען דער אַלטער ווילס מיט עליזאַבעטן זענען אָנגעקומען אין שפּיטאָל — איז טאַנין שוין געווען טויט.

---

# קאַפּיטל צען

באַגראָבן האָט מען דעם ד״ר טאַנין אויפֿן פֿעלד, נישט־ווייט פֿון אָפּגעברענטן הויז זײַנעם. אַזוי האָט עליזאַבעט פֿאַרלאַנגט. פֿאַרוואָס האָט זי דאָס געוואָלט? מיטן שׂכל האָט זי עס אַליין נישט געוווּסט, נאָר איר פֿאַרגליווערט לײַב און דאָס שווײַגנדיקע בלוט האָבן עס פֿאַרשטאַנען.

ס׳איז געווען מאָדנע: ווען עליזאַבעט האָט דערזען טאַנינען אַ טויטן, האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט קיין געשריי; האָט נישט אויסגעבראָכן אין קיין געוויין. זי איז בלויז געבליבן שטיין פֿאַרשטאַרט און שטיל, ווי עס שטייט אַ בוים אָן בלעטער אין שטילן, הערבסטיקן דרויסן. נישט געווען אין איר קיין טרערן. זי האָט געקוקט אויפֿן פּנים, וואָס איז איצט געווען אײַנגעפֿאַלן און געלבלעך־בלײַיך; אויף די ליפּן, וואָס זענען געווען קינדעריש און נעבעכדיק צוזאַמענגעקלעפּט; געפֿילט: אין איר וואַקסט משוגעדיקע רויִקייט. אַ רויִקייט, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געפֿילט. זי האָט אָנגעהויבן שפּירן, וואָס זי דאַרף טאָן, כאָטש וואָס אַזוינס האָט זי נאָכנישט געוווּסט...

זי האָט אויסגעקערט דעם קאָפּ. דערזען: לעבן איר שטייט דער זיידע. זײַנע אויגן זענען איבערגעגאָסן מיט טרערן. זײַנע ליפּן ציטערן און אַן אָכץ גליטשט זיך דורך זיי. האָט זי אַ קנײַטשט געטאָן דאָס פּנים מיט ווייטיק און אַ שעפּטשע געטאָן:

— שטילער...

זי איז אַליין געגאַנגען צום „אַנדערטייקער". האָט גע-לאָזן געקליבן אַן אָרון. האָט געהאַט אויסגעקליבן אַ מעטאַ-לענעם אָרון און געפרעגט:

— נאָך איינעם אַזעלכן האָט איר?

— פונקט אַזעלכן? צו וואָס דאַרפט איר נאָך איינעם?

אַ? צו וואָס טאַקע דאַרף זי נאָך איינעם? דאָס לייב אירס האָט געוואוסט. נאָר געזאָגט האָט זי:

— וואָלט איך אויסגעקליבן איינעם פון די צוויי...

דערנאָך האָט זי אויסגעקליבן אַ פּשוט שוואַרצן אָרון.

די לוויה איז געווען אַ שטילע. דעם אָרון מיטן טויטן האָט דער „אַנדערטייקער" געבראַכט ביז צו מיסטער ווילסעס הויז, און פון דאָרט האָט מען דעם אָרון באַגלייט צום קבר. אַלע, וואָס זענען איינגעשטאַנען אין טוריסטן-הויז, זענען מיט-געגאַנגען. מען איז געגאַנגען געלאַסן און שטיל. די אַלטע מיסעס ווילס האָט אַלע וויילע אַרויסגעכליפּעט און זיך גלייך איינגעהאַלטן. וואָרום: עליזאַבעט איז געגאַנגען שטיל, האָט אויסגעזען העכער, און פון איר פּנים האָט געאָטעמט מיט ריח, וואָס איז נישט פון דער וועלט... זי האָט געשפּאַנט רעגלמעסיק און די אויגן אויף קיין רגע נישט אַוועקגענומען פון אָרון.

ווען מען האָט דעם אָרון אַראָפּגעלאָזט אין קבר, האָט די אַלטע אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן אַלטן און האָט זיך צע-וויינט. דער אַלטער אַליין האָט אויך געוויינט. דאָס געוויין איז געווען אַ שטילס, אַ צערטלעכס... עס האָט זיך געדאַכט: אַ ווינט וויינט... אַלע איבעריקע זענען געשטאַנען מיט געזוי-קענע קעפּ. פון אַ זייט האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס-געטאָן אַ יאָמער. עליזאַבעט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט דערזען: די שוואַר-צע דינסט ציטערט מיטן גאַנצן גוף פון געוויין. האָט זי אויס-געשטרעקט די האַנט. יענע האָט זיך צו איר דערנענטערט, און עליזאַבעט האָט אַוועקגעלייגט די האַנט אויף דער דינסטס פּלייצעס. אַליין האָט זי אָבער נישט געוויינט. זי איז געשטאַ-

בען פאַרנולמט. האָט געקוקט אויפן אָפּגעבּרענטן הויז. געזען: עס שטייט אָן טירן, אָן פענסטער, און די שטיינער זענען פאַר־קאָפּטשעט.

— ער האָט אָבער געזאָגט: דאָ וועט ער פאַרבלייבן!

דאָס האָט די אלטע אַרויסגעשלוכצט. נאָר עליזאַבעט האָט גאָרניט געוויינט. געוואוסט האָט זי איצט: אַ סך יאָרן האָט זי געוואַרט אויף אים, אויף דזשעקן... איז ער געקומען און איר לעבן האָט אויפגעלויכטן... איצט איז דזשעק אַוועק פון איר און איר לעבן האָט זיך אינגאַנצן אויסגעלאָשן... זי וועט אים נישט לאָזן אַליין... זי שטייט דערווייל דאָ... אָבער זי איז מיט אים... וויאַזוי וועט זי צו אים קומען? זי וועט שוין צו אים קומען. שוואַרצע ארונות האָט דער „אָנדערטייקער" געהאַט עטלעכע. אַלע זענען געווען דיזעלבע... שוין! איצט וועט מען שוין אינערגעץ נישט פאָרן... אָט דאָ וועט ער בלייבן... דאָ וועט זי בלייבן...

איר האָט געשטיקט אין האַלדז. דער קאָפּ איז געווען שווער. נאָר אין האַרצן איז געווען ליידיק... אַ ווינט איז דאָרט... קיין טרערן זענען נישטאָ...

— — — — — — — — — — — —

* * *

ס'האָט אויסגעזען: עליזאַבעט האָט פאַרלוירן דאָס לשון. זי האָט נישט גערעדט. האָט כסדר געשוויגן און געטראַכט עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער קען נישט באַגרייפן. זי האָט נישט געהערט און נישט געזען, וואָס עס טוט זיך ארום איר. בלויז איר אויס־

געליידיקטער גוף איז דאָ געווען; איר נשמה איז דאָ נישט געווען.

זי האָט געוואוסט: זי דאַרף און וועט גיין צו אים. דערווייל האָט זי געוואוּרט: נאָכנישט געוואוסט, מיט וועלכן וועג זי זאָל צו אים קומען.

דער אַלטער האָט איר נאָכגעקוקט מיט שטומע אויגן. האָט שטיל געזיפצט און נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגן. די אַלטע האָט אָפט געבראָכן די הענט און שטיל געוויינט:

— דאָס קינד גייט דאָך אויס, ווי אַ ליכט...

ס'מערסט איז עליזאַבעט געזעסן ביי זיך אין צימער. צוויי מאָל אין טאָג: אינדערפרי און פאַרנאַכט, איז זי געגאַנגען צום קבר. דאָרט איז זי געשטאַנען און אויך געשוויגן. געקוקט אויפן קבר, וואָס איז געווען פריש אויפגעשאָטן, און געקנייטשט דאָס פנים: וועט זי שוין קיינמאָל נישט הערן דזשעקס קול? וועט זי שוין קיינמאָל נישט פילן זיינע הענט אויף איר לייב? ניין. שוין קיינמאָל נישט. איז וואָס זשע האָט זי דאָ צו טאָן? אויף וואָס וואַרט זי נאָך?

די אַלטע האָט געוויינט פאַרן אַלטן.

— ביל, רעד צו איר... זי צאַנקט דאָך, ווי ברענענדיק האָלץ אונטערן רעגן.

— וואָס זאָל איך רעדן צו איר, אַלטע?

— ביזט קלוגער פון מיר, ביל...

— איך ווייס נישט, וואָס איר צו זאָגן.

— האָסט גאָר קיין רחמנות נישט?

— עס צערייסט מיר מיין האַרץ.

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט שווערע, לאַנגזאַמע טריט געגומען שפּאַנען איבער די טרעפּ. ער האָט געעפנט די טיר, געטראָפן: עליזאַבעט זיצט געקאָרטשעט לעבן פענסטער. אַז ער איז אריינגעקומען, האָט זי אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָפּגעשטעלט אירע טרוקענע בליקן אויפן אַלטן. דער

אַלטער האָט זיך דערנענטערט. זיך געוואָרגן מיט די ווער-
טער:

— קינד... פאַרוואָס רעדסטו נישט?

— קינד מיינס... רעד זיך אַראָפּ פונעם האַרצן.

עליזאַבעט האָט טרוקן אַרויסגערעדט מיט אַ הויל קול:

— וואָס קען איך רעדן, זיידע?

— וואָס זאָל מען טאָן? טויט — איז פאַרפאַלן... לעבע-
דיקערהייט קען מען דאָך נישט מיטגיין אין קבר...

עליזאַבעט האָט משונה אַ שמייכל געטאָן. אָט דער שמייכל
האָט פאַרשניטן די ווייטערדיקע ווערטער, וואָס זענען דעם
אַלטן געלעגן אויף דער צונג. דער שמייכל איז געווען אַזעלכער,
וואָס האָט דורכגעטריבן קעלט דורך דעם אַלטנס בלוטן. ער
האָט דערפילט דעם ריח פון דעם, וואָס עס איז אין עליזאַבעטן.
אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען צעשראָקן און געשוויגן, זיך אָנ-
גענומען מיט כּוח און געזאָגט:

— וואָלסט זיך אויסגעוויינט — — —

— כ'קען נישט...

און ווידער אַ שמייכל געטאָן. ס'איז געווען אַ שמייכל
נישט פון דער וועלט. האָט צוגענומען די אויגן פון אַלטן,
זיך אויפגעשטעלט, און איר פּנים האָט באַקומען אַזאַ אויסזען,
ווי זי גייט זיך ברענגען פאַר אַ קרבן.

— וואו גייסטו?

— צו אים... כ'גיי צום קבר...

— — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט זיך געצויגן טאָג נאָך נאַכט און נאַכט נאָך
טאָג, ביז: —

ס'איז געווען בײַנאַכט. עליזאַבעט איז געלעגן אויף איר
בעט. האָט זי געהאַט אײַנגעדרימלט אויף אַ ווײַלע? ניין. זי
איז בלויז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך אײַנגעהערט
צו דעם, וואָס ס'קומט פאָר אין אַר. פּלוצלינג האָט זי אויפ-

געציטערט. זיך געגעבן אַ זעץ־אויף. געזעסן מיט אַן אָפן מויל. ווידער זיך צוגעהערט צו זיך אַליין. און ס׳איז געווען, ווי זי וואָלט דערפילט: ליכט איז אין איר אויפגעגאַנגען. דאָס ליכט האָט צום ערשטן אויפגעפלאַמט אין האַרצן, דערנאָך איז גע־וואָרן ליכטיק אין קאָפּ. זי האָט באַגריפן:

דזשעק איז אין איר...

זי האָט זיך דערמאָנט יענע נאַכט, ווען טאַנין האָט איר דערציילט זיין חלום וועגן זייער ייִנגעלע, וואָס איז אַריין צו אים אין וואַנע... בייטאָג האָט ער געזען: דאָסזעלבע ייִנגעלע שפּאַנט אַרום מיט שטייפע פיסלעך און די הענטלעך פאַרלייגט אויף הינטן...

„דאָס מאַכט ער נאָך, ווי איך שפּאַן אַרום פאַרטראַכט... און דו... דו האָסט געלאַכט... געקייכט פון געלעכטער... מעג מען נאָכמאַכן אַ טאַטן?"

ער האָט געחלומט וועגן אַ קינד... איצט ווערט זיין חלום מקוים...—און ער — — —

אַ קנויל, וואָס איז געלעגן פאַרפרוירן אין איר האַרץ, האָט אויפגעגליוערט. דאָס רחמנות האָט אויפגעשלאָגן אין איר, ווי אַ פאָנטאַן... די טרערן האָבן גענומען קוועלן אין די אויגן אַריין, אין האַלדז אַריין. זי האָט גענומען אָטעמען שווער און גיך. מיטאַמאָל — און דער יאָמער האָט זיך אַ ריס־געטאָן פון איר לייב. זי האָט אָנגעהויבן שרייען מיט באַנומענע קולות... די טרערן האָבן אַ שלאָג־געטאָן דורך די אויגן, גענומען פלייצן איבער אירע בלאַסע באַקן.

דער אַלטער איז אַריין אַ פאַרסאָפּעטער:

— וואָס האָט — — —

ער האָט נישט פאַרענדיקט די פראַגע. ער האָט דערזען: טרערן פלייצן איבער אירע באַקן. האָט ער שטיל אָפּגעאָטעמט, זיך געזעצט לעבן איר אויפן בעט. האָט נישט געפרווט זי איינשטילן. האָט איר בלויז צערטלעך אַרומגענומען, זי גע־טוליעט צו זיך. געפילט דאָס גרויסע רחמנות, וואָס שרייט

פון איר, און אויך זיינע אויגן זענען איבערגעלאָפן מיט טרערן.

עליזאַבעט האָט איצט געוויינט שטילער, רעגלמעסיקער. באַר אין איר געוויין איז אויך געווען פרייד פון אַ ניי ליכט, וואָס איז אין איר אויפגעגאַנגען און צוליב וועלכן זי וועט לעבן אויף דער וועלט...

---

ווילדוואוד-פילאַדעלפיע
1928 – 1929 – 1930.

# פאַרטייטשונגען פון ענגלישע ווערטער.

## א

„אָלרייט" — גוט.

„אַגרימענט" — אָפּמאַך.

„אָוועראָלעס" — אַרבעטס-בגד.

„אַבסטערז" — אויבערשטער עטאַזש.

„אָנדערטייקער" — לוויה-אונטער-נעמער.

„אינשורענס קאָמפּאַניע" — פאַר-זיכערונגס-געזעלשאַפט.

## ב

„באָרדינג-הויז" — זומערוואוינונג.

„באָס" — באַלעבאָס.

„ברעקפעסט" — פרישטיק.

„ביטס" — פאַטשערקעס.

„ביזי" — פאַרנומען; גרויסע נאָכ-פראַגע אויף סחורה.

„ביזנעס" — מסחר.

„ברייקס" — טיילן, וואָס האַלטן איין דעם אויטאָמאָביל פון לויפן.

„בילדער" — בויער.

„באָרדער" — אַ שכן ביי יענעם אין הויז.

„באַי" — יינגל.

„ברוט" — ברוטאַלער מענטש.

„באַרבער" — פריזירער.

„באַקס" — קעסטל.

## ג

„געבאַדערט" — געפּאָרקעט.

„גוד מאָרנינג" — גוטמאָרגן.

„גערעדזש" — וואו מען האַלט אויטאָמאָבילן.

„גוד-באַי" — פיינער יונג.

## ד

„דעטטרייט" — ריכטיק אַזוי.

„דינער" — מיטאָג-מאָלצייט.

„דיינינג-רום" — עסצימער.

„דאַק" — דאָקטאָר.

„דראָג-סטאָר" — אַפּטייק.

„גריזן" — אָנאיילן די טיילן.

„דעטסאָל" דאָס איז אַלץ.

„דזשאַב" — שטעלע.

„דאָנט, פּליז, דאָנט" — ניטע, ביטע, ניטע.

„דזשי" — אויסרוף.

„דאַונסטערז" — אונטערשטער עטאַזש.

„דאַרלינג" — ליבער.

## ה

„האַו אַר יו" — וואָס מאַכט איר.

„האַי סקול" — הויך-שול.

„האַרי-אַפּ" — שנעלער.

## וו

„ווײדזשעס" — געהאַלט.

„וויקטראָלע" — גראַמאָפאָן.

## ט

„טראַלעס" — טראַמווייען.

„טריין" — באַן.

„טראָקס" — משא-אויטאָמאָבילן.

„טענקסגיווינג"—אַ דאַנק-יום-טוב.

„טשוירטש" — קלויסטער.

„טעקסי" — אויטאָמאָביל צום דינגען.

## י

„יעס" — יאָ.

„יו בעט" — זיכער אַזוי.

„יו גאַד דעם דזשו" — דו גאָט-פאַרשאָלטענער ייד.

„יעס, סיר" — יאָ, הער.

„יו מיי מען" — דו מיין מאַן.

## ל

„ליפּסטיק" — ליפּן-פּאָמאַדע.

„לאָנטש" — איבערבייס.

„לאָיער" — אַדוואָקאַט.

## מ

„מילנערי" — היטן-פּוצעריי.

„מאָרטגעדזש" — היפּאָטעק-הלוואה.

„מייד" — דינסט.

„מוווים" — קינאָ.

## נ

„נאָטיס" — וואָרנונג.

„ניקערס" — אַזעלכע הויזן, וואָס גרייכן נאָר ביז צו די קניען.

„נוירס" — באַרמהאַרציקע שוועסטער.

## ס

„סיר" — הער.

„סיטי-האָל" — שטאָטפאַרוואַלטונג-הויז.

„סטאָר" — קראָם.

„סאַלון" — קרעטשמע.

„סאַפּער" — אָוונט-מאָלצייט.

„סוועטער" — סוויטער.

„ספּרינג" — פרילינג.

„סאַם גוירל" — איינמאָל אַ מיידל.

„סייל" — צו פאַרקויפן.

„סעטלען" — איינאָרדענען.

„ספאָרט" — אַ כוואַט.

„סאַוט" — דרום.

## ע

„עקסידענט" — אומגליקצופאַל.

„עלעקטרישן"—עלעקטראָטעכניק.

## פ

„פיקטשור" — בילד.

„פעקטעריס" — פאַבריקן.

„פענסי" — שיין-געציירט.

„פייט" — געשלעג, קאַמף.

„פריזן" — טורמע.

„פלעזשור" — פאַרגעניגן.

„פיימערס" — פאַפּירן.

„פּאַבליק-סקול" — פאָלקסשול.

„פאָרדלעך"—פאָרד-אויטאָמאָבילן.

„פּאָני" — קאָמיש.

„פּאַי" — אַזאַ שטרודל.

„פּאַיפּ" — ליולקע.

„פּאַדזשאַמעס" — נאַכט-וועש.

## ק

„קאָמישן" — מעקלעריי.

„קלאָזעט" — וואַנט-שראַנק.

„קלוירק" — אָנגעשטעלטער.

„קאָסטימער" — קונה.

„קעש" — מזומן.

„קריסטמעס" — ווייַנאַכט.

„קעסטן" — אייַנגעפּסעווען.

„קאָרן" — קוקורוזע.

„קענדי" — צוקערקעס, שאָקאָלאַד.

„קאָרפּערייששן" — קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפט.

## ר

„רעדזשיסטער" — קאַסע-קעסטל.

„ראַיד" — דורכפאָר.

„ריעל עסטייט" — מסחר מיט הייזער און ערד.

## ש

„שאַפּ" — פאַבריק, ווערקשטאַט.

„שעוואָרלעט" — אַזאַ אויטאָמאָביל.

„שיני דזשו" — זידל-וואָרט פאַר יידן.

---